אוועקגעפאלען אין מיטען גאס פון אזא קראנקהייט... אין דער נאז פיהלסטו אמאל א בייסעניש אויך ?... דאס איז —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך וויים ניט, האט מיין חבר פערענדיגט, וואס איך האב ווייטער געענטפערט, ווארום נאך דעם זעלבען טאג האט מען מיך אריינגעטאטשקעט אין אן אמבולאנס און מיך אוועקגעפיהרט אין האספיטאל שטערבליך קראנק.



האָט זי איהר נעגעבען אָנצוהערען, אַז איך וועל שוין סאַי ווי סאַי לאַנג ניט ציהען.

דערנאָך האָט זי אַרויפגעלעגט איהר פלײשיגע האַנד אויף מיין שטערען און געפרעגט:

— היץ האָסטו? און עס איבעלט דיך מסתמא... און דער קאָפּ דרעהט זיך דיר אַלץ... און דו ווילסט שלאָפען...

— יאָ! — האָב איך אויסגעקרעכצט. אין דעם דאָזיגען מאָמענט בין איך געווען גרייט צו גלויבען אַלסדינג וואָס אַ מענש וואָלט נאָר זאָגען וועגען מיר — אפילו אַז איך בין אימשטאַנד צו מאַכען אַ לעבען פאַר אַ ווייב מיט קינדער.

— אויב אַזוי, — האָט מיין מוהמע פעסטגעשטעלט — איז עס זיין קראַנקהייט — ווי האָט ער אָקאָרשט געהייסען? — ברוך גדליה... נאָך איידער ער איז געשטאָרבען, דער ברוך גדליה, אונז אויף צו לאַנגע יאָהר, האָט ער מיר דערצעהלט, אַז בשעת ער איז געווען אין די וואַרם־בעדער האָט איהם דער פּראָפעסאָר קאָוואַל־סקי געזאָגט: „ליעבער יודע, — האָט ער געזאָגט — זיי האבען אַ פערפלוקסטעס קרענק!...“ די פיס „טערפען“ דיר אויך?...

— יאָ.

— נו, ס'איז גאָר דאָס פּעקעל וואָס לאַפּאַטשאַנסקי, זאָל זיך מיהען, האָט געהאַט אויף זיך... אויף שונאי ציון געזאָגט געוואָרען! מען האָט דאָך פון איהם געשניטען שטיקער לעבעדיגערהייט און דער סוף איז געווען, אַז ער איז געשטאָרבען אונטער'ן מעסער... אַזאַ יונגער בוים נעביך... דאָס האַרץ קלאַפּט דיר אויך?...

— עס קלאַפּט! עס קלאַפּט! — האָב איך זיך צושריען. עס איז ניט געווען קיין ליגען. דער שרעק פאַר'ן טויט האָט געמאַכט מיין האַרץ קלאַפּען אונרעגעלמעסיג.

— אַזוי־אָ מאַכט עס, האַ? — האָט מיר מיין מוהמע געוויזען מיט דעם הענטעל פון איהר רעגענשירם, אַזוי ווי אַ דיריגענט פון אַ קאַפּעליע צייגט אָן אַ געוויסען טאָן — טיק־טאַק, טיק־טאַק! האַ? ס'אַ האַרץ־קראַנקהייט אַזאַ — אַ בראָך איז מיר!... ערשט פאַר־אַ־יאָהרען אַ לאַנדסמאַן מיינער — אַ איד אַ דעמב — פלוצים

קליינעם פינגעריל און אוועקגעוואָרפען, אויף דעם אופן ווי מען טהוט עס ביי „דם צפרדע“ אין דער הגדה.

דאַן האָט זי אַראָבגענומען איהר יופעל, ארויסגענומען פון קעשענע צוויי מאַראַנצען און גענומען עסען.

פאַרטיג געוואָרען מיט די מאַראַנצען, האָט זי זיך אָבגעווישט די ליפען מיט אַן ארבעל פון איהר פּלושענעם שפּענצער און מיך א פרעג געטהאָן:

— אויף וואָס בעקלאָגסטו זיך, איציק?

— אויף דעם בויך — האָב איך געענטפערט פון אונטער דער פּערענע.

— אויף דעם בויך? נו־נו, ס'איז גאַר מ י י ן פּעקעל... — האָט מיין מוהמע רישע פּאַטאַקעוועט. עס דרעהט דיר אזוי איינ־ווענינ? און עס דאַכט זיך דיר אַלץ, אז דו וואָלסט עפּעס געוואָלט?

איך האָב געזאָגט, אז יאָ.

— נאָ, ס'איז גאַר נישט. — האָט מיך מיין מוהמע רישע געטרויסט — מען קען דערמיט אויסלעבען אַלע יאהרען... אָבער אויסקורירט ווערען דערפון קען מען ניט.

מיר איז געוואָרען אומעטיג.

אין א ווייל׳ע ארום האָט זי ווידער געפרעגט:

— אַז דו אָטהעמסט, טהוט דיר וועה אָט־אָ־דאָ־אָ, אונטער'ן לעפעלע, האַ? נו־נו! ס'איז גאַר מ י י ן פּעקעל, און אין האַלז איז דיר אזוי טרוקען... און די צונג — אַנו, ווייז די צונג!...

איך האָב איהר געוויזען די צונג.

— ס'איז גאַר נישט, — האָט מיין מוהמע געזאָגט — ס'איז בלויז א י י ן לונג אביסעל צוגעפוילט... שטאַרבען דערפון קען מען ניט, נור ס'איז שוין א ז ו י אויך א וויסט לעבען...

איך האָב ארויסגעשטעקט א האַלבען קאָפּ פון אונטער דער פּערענע און א קרעכץ געטהאָן.

ווידער אמאָל האָט מיך מיין מוהמע אָבגעלאָזען אויף א ווייל׳ע. דורך דער צייט האָט זי זיך אויף א הויכען קול געקריגט מיט מיין ווייב פאַר וואָס זי „טענדעט“ מיך ניט און בשעת מעשה

# די מוהמע רישע

אין הערבסט פון פאָריגען יאָהר, — דערצעהלט מיינער א חבר, א יונגער מענש, — האָב איך זיך צוגעקיהלט און בין געבליעבען אויף עטליכע טעג ליעגען צו בעט. די קראַנקהייט איז געווען א לייכטע — א ביסעל קאָפּשמערצען און פיעבער פון צייט צו צייט. יעדעס יאהר אין הערבסט, בעת דאָס וועטער ענדערט זיך און עס הויבען זיך אָן די קאַלטע אָסיען רעגענס, לייד איך אויף דער זעלבער קראַנקהייט און אזוי געוועהנט בין איך שוין דערצו, אז איך געה אפילו ניט צו קיין דאָקטאָר.

פאַר־א־יאָהרען אָבער, האָט פּאַסירט א זאַך, וועלכע האָט גענעבען מיין קראַנקהייט אַן ערנסטען כאַראַקטער און איך בין זאָגאר געווען אין א געפאהר צו שטאַרבען.

דאָס איז געווען א פריהמאָרגען פון דעם דריטען טאָג פון דער צייט וואָס איך בין געלעגען צו בעט. מיין געזונד האָט זיך שוין געהאַט פערבעסערט אויף אזוי ווייט, אז איך האָב גערעכענט דעם אַנדערען טאָג געהן אין פאַבריק — ווען פּלוצים האָט דער רוח אָנגעטראָגען מיין מוהמע רישע פון בראָנזוויל. די שווארצע אַטלע־סענע יופּקע אויף די פּלייצעס און דעם „ראָספּער״ אָן א זייט, איז זי אריינגעפּאַלען אין שטוב מיט א גרויס געוויין:

—דאָ איז איציק — וועה איז מיר?

— דאָ! וואָס איז מוהמע? האָב איך געפרעגט פון אונטער דער פּערענע.

— וואָס? דו לעבסט נאָך? — איז מיין מוהמע איבערראַשט געוואָרען — „אוי!״ און ביי דעם וואָרט „אוי״ האָט זי זיך א כאַפּ געטהאָן מיט ביידע הענד פאַר דעם גאָלדענעם בראָשעל וואָס איז געהאַנגען אויף איהר ברוסט.

צוויי קיילעכדיגע טרערען האָבען זיך געשטעלט אין איהרע גרויסע בהמה'וואַטע אויגען. זי האָט זיי אויסגעטונקען מיט דעם

דיין פרוכט און נאָך אַ גרעסערען דאנק פאר דיר אַ ל יי ן!...

— גנעה, ביזט אַ שייגעץ! — האָט זי איהם מכלומרשט געגעבען אַ פּעטשעל איבער'ן פּנים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אונטער דעם שאָטען פון אַ שטאַרקען און איינזאַמען דעמב איז געשלאָסען געוואָרען דער שידוך צווישען דעם פּאָרעל — דאָס פאָלקס־קינד און די אידישע שפּראַך!...

— ס'אַ משל קאַבאַק! — האָט זיך אַריינגעמישט דער לייט־אַרטיקעל שרייבער. די פראַגע מוז בעהאַנדעלט ווערען מעהר עפּיגראַמאַטיש... די רויטע פּרוכט פון דר'ערד אין פּאַראַלעל צו די רויטע פּרוכט פון הימעל.

— איך פערשטעה ניט, וואָס איהר רעדט. — האָט געזאָגט דאָס מיידעל און איז אַרויס אַביסעל פערשעהמט.

4.

— פיינע פּאַזימקעס?

איצט איז זי געשטאַנען פאַר דער טהיר פון אַ אידישען נאַציאָ־נאַליסט און השפּעה'דיגען אינטעליגענט.

דערהערט אזא פּראָסט וואָרט ווי פּאַזימקעס, האָט דער אינ־טעליגענט אַרויסגענומען די אויגען פון דעם גראָבען בוך אין וועלכען ער איז געווען פערטיעפט און אויסקנאַקענדיג זיך דיא פינגער איינע נאָך די אַנדערע האָט ער געזאָגט מיט אַ צדקה'דיג שמייכעלע: הם... הייסט דאָס... דאַרפען — דאַרף איך דאָס ניט... נור פער־שטעהסטו מיך, מיידעלע, ד י ר צוליעב... וועל איך ביי דיר נעהמען עטליכע אומזיסט...

— אַ דאַנק אייער טאַטען! — איז שוין דאָס מיידעל געוואָרען אויפגעבראַכט און דאָס קויבערעל מיט פּאַזימקעס האָט געציטערט אויף איהר אָרעם — איך בין אייך מוחל די טובה!...

5.

— פּאַזימקעס, געליעבטער?

דער מענש, צו וועמען זי האָט איצט אָנגעבאָטען די פּרוכט, איז געווען אַ בלאַסער בחור'ל, מיט שוואַרצע אויגען, אין וועלכע עס האָט זיך געזעהן די גרויסע בענקשאַפט פון זיין האַרץ אָבגע־שפּיעגעלט — די בענקשאַפט נאָך ברויט און לעבען.

— ס'אַרא גוטינקע דו ביזט, — האָט געזאָגט דער בחור'ל, דריקענדיג דאָס מיידעל צו זיין האַרץ — אַ גרויסען דאַנק דיר פאַר

## 2.

אַנגעטראָפּען צו דער וואוינונג פון א אידישען סוחר, האָט זי ניט אַנגעקלאַפּט אין טהיר, נור איז גלייך אריין אינוועניג.

— א גוטען אייך! — האָט זי געזאָגט צו דעם אידען וואָס איז געזעסען ביים טיש, מיט א זיידענעם קאפּעל אויפ'ן קאָפּ און געפיהרט מיט א בלייפעדער איבער א צעטעל מיט ציפערען, — כ'האָב פּאָזימקעס צו פערקויפען!

— פּאָזימקעס! פּאָזימקעס! — האָט זיך דער נערוועזער מענש צושריען און געמאַכט מיט די הענד — כסדר נור פּאָזימקעס און פּאָזימקעס... אויסצוהאַלטען איז שוין ניט פון די קבצנים מיט זייערע... מיט זייערע... — ער האָט געזוכט א שאַרפען וואָרט, נור ער האָט ניט געקענט געפינען — מיט זייערע פּאָזימקעס, גיט מיר גרייפּ־פרוכט, פיין־עפּעל, באַנאַנעס, וואָטערמעלאָן — וועל איך עס ביי אייך קויפען מיט פלעזשור!

— איהר דאַרפט ניט אַזוי שרייען, — האָט געזאָגט דאָס מיידעל — איך האָב אייך ניט געקוילעט די קאַפּאָטע! און, צודעקענדיג צוריק די פּאָזימקעס מיט די עטליכע לאַפּוך־בלעטער, איז זי אַוועק אָהן א זיי־געזונד...

## 3.

— טאָמער דאַרף עמיצער פון אייך פּאָזימקעס? — האָט נעפרעגט דאָס מיידעל, שטעהענדיג אין א רעדאַקציע פון א אידישער צייטונג.

— סטראָובערים, די שעהנע פרוכט פון דער יונגפרוילּיכער ערד! — האָט זיך דער רעדאַקציאָנס־פּאָעט גענומען צו די כלים, — ווי א שפּיגעל־ווינד צופּאַטשט דאָס רוהיגע וואַסער פון א בוכטע, אַזוי צוטרייבט דאָס ערשיינען פון דיזער פרוכט די מעלאַנכאָלישע לעבענס־מאָנאָטאָניע, וועלכע בעווירקט און רופט ארויס פער־שיעדענע איקאָנאָקלאַסטישע היפּערבעלען...

# די מויד

(א מתנה צו אחד העם און דר. נתן בירנבוים)

## 1.

פון וואנען זי האט זיך גענומען — האט מען ניט געוואוסט.

אנגעטהאן איז זי געווען אין א פראסטען ציצענעם קליידעל, א פנים א פריש'ס און געזונד'ס, נור א ברכה צו מאכען; אויגען — ברוינע, ליכטיגע, בריסט — הויכע, מיט א קאשיק פאזימקעס אין דער דער האנד, האט זי געמאכט דעם איינדרוק פון א פראסטען, נור חנ'עוודיגען דארפס־מיידעל.

אן אלמע פארצייטיגע בעל־הבית'טע, מיט א גרויסען שטערען־טיכעל אויפ'ן קאפ און א ברוסט־טוך אויפ'ן הארץ, איז געווען די ערשטע, וואס האט זי מקבל פנים געווען בעת זי האט זיך בעוויזען אויפ'ן מארק.

— דו, מויד! — האט זי איהר א וואונק געגעבען מיט א ציטער־דיגען פינגער — אנו, וואס האסטו דארטען אין דיין קאשיק?

— פאזימקעס, ליעבע הארינטע! — האט דאס מיידעל געענטפערט.

— פאזימקעס נאר! און איילבירטען האסטו ניט? און פייגען... און באקסערען און אתרוגים?

דאס מיידעל האט געענטפערט, אז אזעלכע פירות וואקסען ניט אין די „היענע" גערטנער.

— חצופה! — האט די אידענע א טופע געטהאן מיט'ן פוס און זיך אנגעצונדען פון כעס — צו וועמען רעדסטו דאס אזוי?

— א צודרעהטער קאפ עפעס! — האט דאס מיידעל געלאכט מיט אלע צייהן, און איז אוועק איהר וועג.

וועט ניט רעגענען און איבערמאָרגען וועט ניט רעגענען א. ז. וו. — מען קען זאָגען, אז היינטיגס יאהר וועט שוין אבסאָלוט פריי זיין פון רעגען, טו וועלכער משוגענער וועט עס געהן ארויסוואַרפען געלד אויף א רעגען־מאַנטעל?

האָב איך איהם, אלזאָ, דערלאַנגט א שליידער ארויס!

„דעם רעגענשירם אויך!" — האָט מיך א פעסימיסטישע שטימע „אונטערגעהוידעט" — „צו וואָס דארפסטו א רעגענשירם, אז דער רעגען איז שוין כמעט אין גאַנצען אָבגעשאַפט געוואָרען?"

האָב איך, אלזאָ, דעם רעגענשירם אויך ארויסגעוואָרפען!

איצט, אז די נערוועז האָבען זיך ביי מיר א ביסעל בערוהיגט, האָב איך זיך אָנגעטהאָן אין מיין העלען זומערדיגען אנצוג און זיך געלאָזען געהן צו מיין חבר ג. (אויך א פעסימיסט פון דער היים אוים), איהם דערצעהלען פון מיין נייער פעסימיסטישער ערפאַהרונג — אָבער פלוצים האָב איך דערפיהלט א ווארעם שפּריצעל אויף מיין פנים... דאַן א בליץ... א דונער — טעריבים! טעריבום! אָט האָסט דיר! עס גיסט ווי מיט עמערם!...



נאָר אונטערגעבען — גיב איך זיך נאָך אַלץ ניט אונטער.

— עס וועט רעגענען, — זאָג איך צו זיך מיט מיין ברוגז'ען קול — עס מוז רעגנען, ווען דער רוח זאָל עס אפילו נעהמען! און איך לעג זיך צוריק שלאָפען און רוק אָן די קאָלדרע איבער די אויגען.

אָבגעשלאָפען ביז מיטאג, כאַפּ איך זיך אויף און כאַפּ ווידער א קוק אויף דעם שעהנעם הימעל אויף מיינעם — עך—הי! ער פלאַמט... ווי א כלה פאַר דער חופּה פלאַמט ער! און די זון! זי האָט זיך צוגאָסען ווי ביים טאַטען אין וויינגאָרטען און וואַרפט מיט די שטראַהלען מיט איהרע — גלייך גאָר ניט זי!

אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט אפשר אויפגעגעבען די האָפנונג אויף א רעגען, אָבער ניט איך — אַן אַלטער פּעסימיסט מיט א נייעם רעגענמאַנטעל! איך האַלט זיך ביי מיינעם: עס וועט רעגענען! עס מוז רעגענען! און ניט נור רעגנען — נור גיסען! און מיט די דאָזיגע געדאַנקען לעג איך זיך צוריק אין בעט אריין.

אָבגעלעגען ביז פאַרנאַכט, מאַך איך אויף איין אויג און גיב א קוק אויף מיין הימעל — אוי, געקווילעט בין איך! אויס־געלייטערט... שייך צו זאָגען אויסגעלייטערט! ווי א קריסטאַל! און די שטערען — א מין בלישטשעניש אויף זיי! א מין... א מין... טפו זאָל עס ווערען!

הייסט דאָס הפּנים, אַז עס וועט ניט רעגענען! — זאָג איך צו זיך און נעהם זיך אויסקנאַקען די פינגער — היינט וועט ניט רעגענען, מאָרגען וועט ניט רעגענען, איבערמאָרגען וועט ניט רעגענען, איבער־איבער־מאָרגען וועט ניט רעגענען! א. ז. וו., א. ז. וו. אָהן א סוף.

דאַרף איך, הייסט דאָס, אוועקוואַרפען דעם רעגען־מאַנטעל!

— טאָמער פערקויפען איהם? — האָט א ביזנעס־געדאַנק מיר אריינגעשושקעט אין אויער.

— עס מאַכט מיך צו לאַכען! — האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון געלעכטער — פערקויפען? צו וועמען? אַז בסך־הכל האָב איך דיר שוין אפשר טויזענד מאָל בעוויזען, אַז מאָרגען

# מיין רעגען־מאַנטעל

(אַ מעשה מיט אַ פּעסימיסטישען מוסר השכל)

נעכטען האָט גערעגענט — האָב איך זיך היינט געקויפט אַ רעגען־מאַנטעל.

איך זיינען בעקאַנט יענע ביליגע מאַנטלען, וואָס בלישטשען ווי זייד און מאַכען אָן אַ גערודער ווי עפּעס רעכטס? וועלל, אַט אַזא מין „כאַלאַמידע" האָב איך זיך איינגעהאַנדעלט.

ווי געזאָגט, האָט נעכטען גערעגענט, און אַזוי ווי איך בין בטבע אַ שטיק פּעסימיסט נאָך פון דער היים אויס, האָב איך געהאַט אַלע אורזאַכען צו ערוואַרטען, אַז עס וועט מאָרגען אויך רעגנען און איבערמאָרגען און איבער־איבערמאָרגען — בקיצור, נאָך מיין חשבון האָט עס געדאַרפט גיסען מיט עמערס פאַר די קומענדע עטליכע חדשים.

און אז אַ רעגען האַלט אָן, זאָגען מיר, צעהן־עלף חדשים דורכ־אַנאַנד, קען מען זיך עפּעס בעגעהן אָהן אַ רעגען־מאַנטעל? איז עפּעס אַ תירוץ וואָס מען האָט ניט קיין געלד? א. ז. וו.

האָב איך זיך, אַלזאָ, געקויפט אַ מאַנטעל.

אַז איך בין אהיים געגאַנגען פון דעם „רעגען־געשעפט" מיט מיין „כאַלאַמידע" אונטער'ן אָרעם, האָט שוין, דעם אמת געזאָגט, דער רעגען געהאַט אויפגעהערט, אבער אויפ'ן הימעל זיינען נאָך אַרומגעלאָפען שטיקלעך ווייסע כמאַרעס.

„מאָרגען וועט גיסען מיט עמערס! אַ מבול, אַ „רעגעלער" מבול וועט זיין!" — אַזוי האָב איך געזאָגט צו זיך. און בכדי זיך אַליין צו איבערציינגען, אַז איך מיין וואָס איך זאָג, האָב איך זיך געלעגט שלאָפען אין מיין ג׳מענעם מאַנטעל.

אין דער פריה איך שטעה אויף און גיב אַ קוק אויף מיין הימעל, ווערט מיר פינסטער אין די אויגען! אַ מין ליכטיגקייט! אַ מין בלויקייט! אַ מין זון! — איך האָב נאָך אַזוינס ניט געזעהן.

מיסעס מענטשיקאָף: פּליעז, זעצט זיך, מיסטער פּערפּעל־שלינגער, און מאַכט זיך היימיש!...

פּערפּעלשלינגער (ווישט זיך דעם שטערן מיט׳ן אַרבעל): אַט זעץ איך מיך! (זעצט זיך).

מיסעס מענטשיקאָף: ווען דענקט איהר מירטשעשעם מאַכען די חתונה?

פּערפּעלשלינגער (תקיף׳דיג): ווען סע וועט זיך מיר גלוסטען.

מיסטער מענטשיקאָף (ווינקט איהר פון ווייטען): פּסט! שט! (צו פּערפּעלשלינגער׳ן) ווי געפעלט אייך עפּעס אונזער דירה?

פּערפּעלשלינגער: אַט אַזוי זיך. (קיוּט אַ ראַגעלע).

מיסעס מענטשיקאָף: און ווי געפעלען אייך מיינע ראַגעלעך?

פּערפּעלשלינגער: חזיר׳שע ראַגעלעך!

מיסעס מענטשיקאָף (לאָזט אַרויס אַ שרעקליכען קוויטש און פאַלט אין חלשות).

מיסס מענטשיקאָף (צושרייט זיך, ציטערט אַזש פון כעס): לאָז ער זיך אַרויסגעהן פון דאַנעט — דער פאַרשיווער הונד! וואָס האָט ער זיך צוגעמשעפּעט? (כאַפּט אָן די מוטער פאַר׳ן פּאַרוק און טרייסעלט זי מיט אַלע כוחות).

פּערפּעלשלינגער (כאַפּט אַלע ראַגעלעך אין קעשענע): אָלל־ראַיט, גנעה איך מיר! (געהט זיך פאַמעלעך אַרוים).

מיסעס מענטשיקאָף (האַלב אַבגעמינטערט): מאַמעלעך מיינע! וואָס טהו איך מיט דעם משולחת!

מיסס מענטשיקאָף: שאַראַפּ, מאַמע! רעד ניט אַזוי! ס׳איז ניט דיינע ביזנעס...

מיסטער מענטשיקאָף (מיט אַ טיעפען זיפץ): נאָך אַלעמען איז ער אַ גאַנץ פיינער באָי!...

שוויצט, נעהמט ארויס פון פאקעט די עפעל און לעגט זיי צוריק אין דער פרוכט־וואזע).

מיסטער מענטשיקאָף (געהט ארום מיט דער האנד ארום דער באָרד, ווי ער וואָלט זיך וועלען איבערצייגען צי איז זי נאָך דאָ אויפ׳ן אָרט. צו פערפעלשלינגער׳ן): בערוהיגט זיך אביסעל, מיסטער פערפעלשלינגער, בערוהיגט זיך! (פאָכט אויף איהם מיט זיין יארמולקע).

פערפעלשלינגער (מעשה וואוילער יונג): ער מיינט טאקע, אז איך מאך זיך פון איהם א צימעס! ביי מיר געהט עס נים. פערשטעהסטו מיך!... (נעהמט „רייבען" די קיכלעך).

מיסעס מענטשיקאָף (זעהר פאָרזיכטיג): איך האָב אייך געוואָלט פרעגען צי איהר טרינקט בראנפען?

פערפעלשלינגער (פאָלקסטהימליך): ביין־ניין! איך גים אונטער׳ן אויער!

מיסעס מענטשיקאָף (גיט א קלאפ אין טיש): שוין זאָל ער זיך געהן פון וואנעט ער איז געקומען — קיין שיכורים דארפען מיר ניט!...

פערפעלשלינגער: אָלראיט! אָלראיט! געה איך מיר! (כאפט אין פאקעט אריין אלע „קייקלעך" און לויפט ארוים).

מיסס מענטשיקאָף (פערוווארפט מיט׳ן קאָפּ).

מיסעס מענטשיקאָף (בעמערקט עס): אוי, א בראָך איז מיר! בינעם, ס׳קינד חלש׳ט!...

מיסטער מענטשיקאָף (ברענגט וואסער, מען גיסט אויף איהר, די מוטער קוועטשט איהר די שלייפען און בלאָזט איהר אין דער נאָז אריין).

מיסס מענטשיקאָף (אויפכאפענדיג זיך פון חלשות, קוים וואָס מען קען הערען): לאָז מען איהם צוריקברענגען!

מיסטער מענטשיקאָף (כאפט דעם ראָק און לויפט. אין א האלבער שעה ארום קומט ער צוריק מיט פערפעלשלינגער׳ן. דער אלטער איז שטארק אבגעמאטערט, פאלט אריין אין שאָקעל־שטוהל ווי א טוידטער).

ווי זי וואָלט געפּרובט אַ שטיקל זייד).

פּערפּעלשלינגער: געוויס! (נעהמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע צוויי ביכלעך און גיט עס דעם אַלטען): אָט איז עס!

מענטשיקאָף (גיט עס איבער צו דער מאַכטער): נו, וואָס זאָגסטו,ביילקע?

מיסס מענטשיקאָף (פערקרימט די נאָז): ניט מעהר ווי 200 דאָלאַר? איך האָב גערעכענט, אַז דריי הונדערט.

פּערפּעלשלינגער (קאַלטבלוטיג): געפעלט אייך ניט, הייסט דאָס? געה איך מיר! (לויפט אַרויס).

מיסעס מענטשיקאָף (צום מאַן): וואָס זיצסטו ווי אַ גולם? זעהסט דאָך, אַז ער איז אַוועק!

מענטשיקאָף (לויפט אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער מיט פּערפּעלשלינגער'ן).

מיסעס מענטשיקאָף (זעהר העפליך צו פּערפּעלשלינגער'ן): פּליעז, מיסטער פּערפּעלשלינגער, זעצט זיך צו... און געניסט עפּעס!

פּערפּעלשלינגער (פערסאָפּעט): איך בין ניט פון די מענשליך, קאַטאָרי, וואָס מען זאָל זיך דאַרפען וואַרפען... (זעצט זיך אַוועק און נעהמט שלינגען איין עפּעל נאָכ'ן אַנדערען).

מענטשיקאָף (פריינדליך, געהט מיט איהם ווי אויף גלאָז): כ'האָב אייך געוואָלט פרעגען — הם! — און וויפיעל פערדיענט איהר אַ וואָך?...

פּערפּעלשלינגער: אַכט־און־אַ־האַלב דאָלאַר רעגעלע ווייזדשעס... אַ חוץ וואָס איך קריעג יעדען פרייטאָג אַ בּאַרעלע מיט זויערקרויט, אַ מאָה זויערע פּיקעלס, פיער טוץ פּעפּערלעך און אַ „גראָס" זויערע עפּעל.

מיסס מענטשיקאָף: ניט מעהר ווי פיער טוץ פּעפּערלעך?

פּערפּעלשלינגער: געפעלט אייך ניט? געה איך מיר. (נעהמט עטליכע עפּעל אין די קעשענעס און לויפט אַרויס).

מיסטער מענטשיקאָף (צו זיין ווייב): וואָס שטעהסטו ווי אַ קובעלע? לויף איהם נאָך!

מיסעס מענטשיקאָף (לויפט אַרויס. אין אַ 15 מינוט אַרום קומט זי צוריק מיט פּערפּעלשלינגער'ן. דער לעצטער שטאַרק פּער־

# פערפעלשלינגער

(אַ הומאָריסטישע קאָמעדיע)

(אַ פראָנט־רום ביי די מענטשיקאָפס. דער געוועהנליכער „פאַרלאָר סעט", איבערגעצויגען מיט געשטרייפטע „קאָווערס". אין הינטער־גרונד צוויי גרויסע פּאָרטרעטען אויף „סטענדס". ביי א ווייס־געדעקטען קיילעכדיגען טיש זיצען: מיסעס מענטשיקאָפ (אַן על־טערע אידענע מיט אַ פּארוק), מיסטער מענטשיקאָפ (אַ ניעדריג־געוואקסענער „קרעפּקער" אידעל מיט א רונדען בערדיל. אויפ׳ן שפּיץ נאָז בלישטשען ביי איהם טראָפּענס שוויים). מיסס מענ־טשיקאָפ (אַ מיידעל פון אַ יאהר 25, די נאָז און דער שטערען זייגען ביי איהר מורא׳דיג ווייס, קענטיג צוגעקאַלכט. די האָאר זיינען ביי איהר פערקאַמט נאָכ׳ן סטייל — מיט „פּאָפּס" און אנדערע מאַכערייקעס). מיסטער פערפעלשלינגער (אַ בחור פון אַ יאָהר 23, טראָגט אַ שווארץ העמד, פון די האָאר הענגען ביי איהם אראָב עטליכע „לעקלעך" פון פאָרענט, אויפ׳ן סאמע מיטען שטערען).

מענטשיקאָפ: הייסט עס, איהר ווילט נעהמען מיין ביילקען!

פערפעלשלינגער (דלאָבעט זיך די נאָז): אזוי הייסט עס!

מענטשיקאָפ (מיט אַ טאָן פון אַ ביזנעסמאן): קענט איהר „אפאָרדען" חתונה צו האָבען?

פערפעלשלינגער: יעס!

מענטשיקאָפ (וואזשנע): ביי וואָס איז אייער ארבייט?

פערפעלשלינגער (שטאָלץ): ביי פּיקעלס!

מענטשיקאָפ: אויך ניט קיין שלעכטע מלאכה... דער עיקר, הייסט דאָס, איז... (פערהוסט זיך).

מיסעס מענטשיקאָפ (העלפט איהם ארויס): צי האָט איהר עפּעס פון „די דאָזיגע" (מאכט אַ בעוועגונג מיט צוויי פינגער, אזוי

## דורכ'ן טעלעפאָן.

— העלאָו! דער אָפיס פון „קונדס"?
— יעס.
— איך בין מיסטער אראָנסאָן, איך האָב אייך צוגעשיקט א הומאָרעסקע — איז זי שוין אריין אין פרעס?
— דאכט זיך אזוי...
— דאָס וועט אייך קאָסטען ניט ווייניגער ווי פופצעהן דאָלאר.
— זי איז ניט אריין — קומט זי אָבנעהמען!
— איך וועל עס מאכען פאר 10... ווייל עס איז שוין אויפ־געזעצט...
— ס'איז ניט אויפגעזעצט. איהר קענט עס קומען אָבנעהמען.
— מילא... לאָז שוין זיין 5...
— מיר קענען זיך דערמיט ניט בענוצען אפילו אומזיסט...
— טו לאָז שוין זיין א דאָלאר... ס'א מציאה...
— אז עס האנדעלט זיך ניט וועגען דעם.
— טו דרוקט־זשע עס אומזיסט...
— אויך ניט...
— וועל איך אייך צושיקען 2 דאָלאר...
— ס'איז ווייניג...
— דריי!
— לעגט עפעס צו!
— פיער!
— נאָך א דאָלאר!...
— אָלרייט... וועט איהר עס דרוקען?
— יעס...
— אויף וועלכען פלאץ?
— צווישען די אדווערטייזמענטס!
— גוד באַי!

— יעס. וואס דארפט איהר? — קומט איהם דער רעדאק־טאר אקעגען.

— איך... דארף... דאס הייסט איך וויל זיך מיט אייך דורכ־רעדען אביסעל... פערשטעהט איהר מיך, איך בין אן איידעלער מענש... א שטיקעל בר־אור און — ווי זאגט ער... האב א ידיעה אין א גמרא מיט תוספות און פלפול איז מיין גאנץ לעבען...

— טו וואס־זשע ווילט איהר? — פרעגט דער פער'ביזי'טער רעדאקטאר אונגערולדיג.

— גארניט, וואס זאל איך וועלען? — ענטפערט דער איד און צונעהמט זיך די בארד אין צוויי העלפטען — גלאט אזוי זיך... א י ך בין א למדן — א י ה ר זיינט א למדן, ווע׳לען מיר זיך אביסעל דורכ־שמועסען...

— אבער, מיין ליעבער איד... איך בין יעצט צו ביזי... מען דארף באלד געהן צום פרעס...

— א־זוי, צום פרעס... — חזר'ט דער איד איבער, און נעהמט א שפיץ בארד אין מויל אריין — אנו, לאמיר נאר א קלער טהאן וואס דאס הייסט... (ער מאכט צו אן אויג און זאגט מיט א גמרא־ניגון): גע־הען צו־הים פרע־העס... אי איז דאך די קשיא — הא?...

— אבער, ליעבער איד...

— הא? איהר זאגט עפעס? — האט זיך דער איד אויפ־געכאפט ווי פון שלאף.

— יעס... מיר וואלטען אייך געוואלט בעטען איהר זאלט קומען אן אנדערס מאל...

— ווע׳לען מיר שוין קומען... ווע׳לען מיר שוין קומען... ווע׳לען מיר שוין קומען! אלע טאג ווע׳לען מיר שוין קומען אביסעל... — האט ער פערזיכערט — ווי זאגט ער? פארט אייגענע מענשען... א י ך בין א למדן — א י ה ר זיינט א למדן... — און גלעטענדיג די בארד, איז דער למדן כמעט טאנצענדיג ארויס פון אפיס...

— אבער, ליעבע אידענע, מען האָט דאָך אייך געזאָגט, אז ביי אונז איז ניט דער פּלאַץ דערפאר... איהר ווילט מסתמא אריינשטעלען א „פיקטשע“ פון אייער מאַן... טו געהט נעקסט דאָאר.

— גוד באַי!

— געהט געזונטערהייט!

עס געהט ניט אוועק קיין פינף מינוט, זי איז ווידער דאָ, א צופלאַמטע און א צוקאָכטע פון כעס:

— איהר זיינט רויבערס, זיינט איהר! היצלעס זיינט איהר... ניט קיין פּייפּער! איהר האָט ניט קיין רחמנות אויף קיינעם... ס'עפּעס א קונץ מאַכען פון א מענשען „פּענזע“?... ווען איהר וואָלט געהאַט מיינע צרות, וואָלט איהר אנדערש גערעדט... ס'זאָל אייך אזוי שיסען אין אויער ווי ס'שיסט מיר, און אייערע קינדער זאָלען פון אייך אזוי רייסען די הויט, ווי מיינע קינדער רייסען פון מיר, און...

— וואָס זיינט איהר זיך געקומען שעלטען, מיסעס?

— שעלטען איז ווייניג! — מאַכט די אידענע און אין איהרע אויגען בעווייזט זיך א פּערדעכטיגער פונק — איך'ל אייך נאָך אָבשפּיעלען אַן אַקט, אז איהר'ט מיך האָבען צו געדענקען!...

— דהיינו, וואָס פאַר אַן אַקט?

די אידענע קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען, רוקט זיך צו נעהנטער צו דער טהיר, נעהמט אָן הינטען־ארום די קליאַמקע, און אז זי שטעהט שוין מיט איין פוס אין דרויסען, רופט זי אויס מיט נצחון: איך'ל חתונה האָבען מיט'ן הויזקיפּער!!

---

## דער „למדן“.

— קען איך זעהן דעם רעדאַקטאָר?

דער בעל הבית פון דער דאָזיגער פראַגע איז א איד פון א יאהר פופציג, טראָגט א פּרינץ אַלבערט, א הויכען קאַפּעליוש און א ברייטע, שעהן־פערקאַמטע באָרד.

# סצענקעס אין אַ צייטונגס־אָפּיס

(אמת'ע פּאַסירונגען)

---

## זי סטראַשעט.

קומט זיך אריין אַן עלטערע אידענע, מיט אַ פּאַרוק, איהר פּנים איז בלייך און פעט און איהר פיגורעל איז צושוואומען און פיער־עקיג.

— דאָ איז דער פּייפּער וואו מען שטעלט אריין פערשוואונ־דענע מענער?

— ניין. נעקסט דאָאר!

— גוד־באַי!

— געהט געזונטערהייט!

אין אַ מינוט ארום איז זי דאָ צוריק מיט אַ פּרעטענזיע:

— ס'איז דאָך יאַ דאָ. פאַרוואָס האָט איהר מיך אָבגענארט... ס'איז עפּעס אַ קונץ אָבנארען אַן עלטערע פרוי, האַ?

— אבער מיסעס לעבען, איהר מיינט מסתמא דעם „פאָר־ווערטס" — דאָ איז דער „קונדס".

— דער... וואָס?

— דער „קונדס"!

— גוד באַי!

— געהט געזונטערהייט!

אין צוויי מינוט אַרום זי איז ווידער דאָ מיט אַ טענה:

— זעהט, איך בעט אייך, צו וואָס זאָלט איהר מיר פערצאַפּען די בלוט... מיין גנציל איז דאָך אנטלאָפען פון מיר... איבער־געלאָזט מיך אָהן אַ פעני... רענט דארף מען בעצאָהלען... היינט נעז... אַ קליידעל... אַ שיכעל... און דאָ פיהל איך אליין אויך נים ווי אם בעסטען. אַן אויער האָט זיך ביי מיר צושפּיעלט...

— ווייבער קוילעט איהר אויך? — האָט זי געפרעגט כמעט מיט א פרעמדען קול.

— הערסטו! — האָב איך געזאָגט — אנו ניט מיר נאָר אזוי פיעל ווייבער וויפיעל איך וואָלט געקוילעט... איבערהויפט פעטע ווייבער!...

ביי די ראָזיגע ווערטער איז מיין אידענע אויפגעשפרונגען פון אָרט און גענומען האסטיג צונויפקלייבען די פעקלעך.

— איך... איך'ל זיך אריבערקלייבען אין אן אנדער וואגאָן, — האָט זי קוים ארויסגעבראכט פון מויל — איך וויל אייך ניט שטערען פון שלאָף...

— און וואָס איז געוואָרען פון אייער מאַמען?

— דער׳הרג׳עט אויף טויט!...

— אי, אַ בראָך איז מיר! — האָט זיך די אידענע געכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ, — דער׳הרג׳עט געבעך!

מיט אַ שפּיץ פון איהר קאָפּ־פאַטשיילע האָט זי אויסגעווישט די טרערען פון איהרע אויגען און מיט אַ קול וואָס איז געווען האַלב־פערשטיקט האָט זי געפרעגט:

— און איהר האָט עס צוגעזעהען מיט אייערע אייגענע אויגען?

— יאָ.

— און וואָס האָט איהר געזאָגט דערצו?

— איך האָב געלאַכט ס׳גרעסטע געלעכטער!

— געלאַ־כט? — האָט זיך מיין אידענע דערשראָקען אָב־גערוקט פון מיר — ווי אַזוי לאַכט מען עס עפּעס אין אַזאַ צייט?

—הלמאי איך האָב געקוילעט דעם טאַטען? — האָב איך זיך בעריהמט.

— גע־קוי־לעט דעם... דעם טאַטען?

— און אריינגעוואָרפען דריי ברידערלעך אין אַ ברענענדיגען אויוועז!

די אידענע איז געוואָרען בלאַס און אָנגעהויבען ציטערען ווי אַ בלאַט, נור איך האָב ווייטער גערעדט:

— ביי מיר — האָב איך געזאָגט — איז אַ נאַטור אַז איך מוז זעהן בלוט! איהר זעהט אָט דאָס דאָזיגע „קניפּיקעל״? — האָב איך איהר אָנגעוויזען אויף אַ קליין מעסעריל וואָס איך האָב ארויס־גענומען פון קעשענע — צוויי הונדערט און פופציג מענשען, אַ חוץ ווייבער, האָב איך שוין געקוילעט דערמיט...

— צוויי הונדערט און פופציג מענשען אַ חוץ ווייבער? — איז די אידענע געוואָרען אויסער זיך פון שרעק — און מיט אַזאַ פּיצעלע מעסעריל?

— יאָ. איין שניט איבער׳ן האַלז — „חיק!“ און אַ גוטען טאָג! — איהר ליעגט שוין אַ געקוילעטע...

ביי דער אידענע האָט גענומען קלאַפּען אַ צאָהן אָן אַ צאָהן.

מסתמא בענעגענט מיין הערשלען... ער איז אַן אגענט פון מאשי־נעס... א געשטופּעלטער אביסעל... און...

— איך קען ניט קיינעם! — האָב איך געבורטשעט — איך וויל שלאָפען!

— און מיין קיילע'ן האָט איהר אויך ניט געזעהן — מיין קיילע'ן?

— טשעפּעט זיך אָב פון מיר, ליעבע אידענע! איך וויל שלאָפען!

— און יאָסעל דעם פּראָפינאטאָר'ס האָט איהר אויך ניט בעגעגענט?

— איך קען ניט קיינעם, — האָב איך געזאָגט שוין מיט כעס... איך וויל שלאָפען! איהר הערט, צי ניין? שלאָפען וויל איך!

— וואָס הייסט איהר קענט ניט קיינעם? — איז זי צו מיר צוגעשטאנען, — איהר זיינט דען חלילה געבוירען פון א שטיין?

— נאָך ערגער, — האָב איך געזאָגט — איך בין א יתום. איהר'ט לאָזען שלאָפען, צי ניין?

— א יתום! וועה איז מיר! — האָט די אידענע גענומען שאָקלען מיט'ן קאָפּ... מסתמא זיך אויפגעהאָדעוועט ערגעץ ביי א פעטער... און דער פעטער איז מסתמא געווען א בייזער און די מוהמע — די פאסקודסטווע — האָט מסתמא געזשאַלעוועט ברויט... און...

— איהר האָט א טעות, מיין ליעבע אידענע, — איז מיר איינ־געפאלען איהר איבערצושלאָגען די רייד — מיך האָבען מענשענ־פרעסער קליינערהייט ארויסגע'גנב'עט פון וויעגעל!

— פון וויעגעל?!

—יא.

— צו וואָס האָבען זיי עס געטהאָן?

— גלאט אזוי זיך... זיי האָבען הפנים געבענקט נאָך א קינד...

— און גע'הרג'עט האָבען זיי אייך ניט?

— ניין. אדרבה, איינער פון די חברה פלעגט מיך א גאנצע נאכט וויעגען מיט א פוס... און א צווייטער פלעגט מיר קייען לעקעכלעך.

# איך און נאָך אימיצער

(אַ שוידערהאַפטע מעשה)

דאָס האָט פּאַסירט אויף מיין רייזע נאָך גאַליציע.

עטליכע טעג דורכאַנאַנד האָב איך זיך געהאַט געפּלאָגט אויף די באַהנען — ניט דערעסען, ניט דערשלאָפען און אַ מיעדער, אַן אויסגעמאַטערטער האָב איך זיך איצט (די דריטע נאַכט פון מיין יאַזדע) אויסגעצויגען אויף דער האַרטער באַנק און אונטערלעגענדיג די פויסטען צוקאָפּענס, האָב איך צו זיך אַ זאָג געטהאָן מיט אַ וואונק פון לינקען אויג: איצט, ברודערל, ביזטו איינער אַליין אין אַ וואַגאָן — קענסטו זיך רוהיג אויסשלאָפען פאַר אַלע דריי נעכט מיט אַמאָל!

דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאָפּעט און געראַשט, זיך שניידענדיג אַ וועג איבער וויים־לעהמיגע בערג און איינגעוויעגט פון דעם ריטמישען „טאַר־טאַר־טאַר" פון די באַהן־רעדער, האָב איך לאַנגזאַם גענומען איינדרעמלען — ווען פּלוצלונג האָט זיך דער צוג אָב־געשטעלט ביי אַ סטאַנציע און דורכ'ן פענסטער פון מיין וואַגאָן האָבען גענומען אריינפליהען פערשיעדענע פּעקלעך און קלומקעס.

אין אַ פּאָאר מינוט אַרום האָט זיך אין טהיר פון מיין „קופּע" בעוויזען אַ קאָפּ און באַלד נאָך דעם קאָפּ אַ שווער־סאָפּענדיגע אידענע מיט אַ באַנקע נאַפּט אונטער'ן אָרעם.

דערזעהענדיג ווי איך ליעג אויסגעצויגען אויף דער באַנק, האָט זי מיך אָהן צערעמאָניעס אַ טורקע געטהאָן פאַר אַ פּוס און געזאָגט:

— איהר זיינט, דוכט זיך מיר, יוזיפעל פון קרעמעניץ — ר' פייוועלע קרעמעניצער'ס אַ זוהן...

— איך? — האָב איך אויסגערופען פערוואונדערט — איך בין פון אמעריקא... און איך וויל שלאָפען.

— טאַ־קע? — איז מיין אידענע געוואָרען אַ פרעהליכע — איהר קומט פון „נימעריקע"? אויב אַזוי האָט איהר דאָך דאָרטען

— יעס!

— איך האָב שוין ווידער געזעהן א פונק. די גאַנצע איסט סייד וועט אוועק מיט'ן רויך! די געשרייען פון די הייטלאַזע וועלען שפּאַלטען די הימלען. הילף איז נויטיג. האַלט אָב די פּרעס!

5.30 מאָרגענס:

— „באַראַבאַן" ?

— יעס!

— אַט־אַט־אַט־אַט... אַט איז נאָך א פונק... מאַנהעטען איז פערפאַלען... ראַטעוועט האַרלעם!

5.35 מאָרגענס:

— „באַראַבאַן" ?

— יעס!

— האַרלעם וועט אויך אוועק... ראַטעוועט די בראָנקס — אַט איז נאָך א פונק... קיין האָפנונג מעהר פאַר בראָנקס! ראַטעוועט יאָנקערס!

7 אוהר מאָרגענס:

— „באַראַבאַן" ?

— יעס! וואָס הערט זיך מיט יאָנקערס?

— ניט בעשערט! דער רויך האָט שוין געסטאָפּט. א שאָד! וואָלט געוועזן געקענט זיין א שעהן שרפה'לע! איהר קענט שוין געהן צום פּרעס...



7 אוהר אבענדס:

— דער „באראבאן“?

— יעס!

— ער ליעגט שוין אויף די טרעקס... די קאר איז אין גאנצען צוויי בלאָק פון דאנעט... העכסטענס נאָך א האלבע שעה איז ער פארטיג... האלט אָב די פּרעס!

9 אוהר אבענדס:

— דער „באראבאן“?

— יעס!

— די קאר געהט נאָך. דער איד איז נעבעך איינגעשלאָפען אויף די טרעקס. כ'האָב מורא, אז עס וועט זיין צו שפּעט פאר היינטיגען נומער, איהר קענט שוין געהן צום פּרעס.

## דריטער רעפּאָרט.

5 אוהר פארטאָג:

— „באראבאן“?

— יעס!

— איך בין יעצט אין סאָפּאָלק סטריט אויף א רוף. עס געהט א רויך פון א קוימען. עס וועט פּאָזיטיוו זיין א שרעקליכער פייער. טויזענדער מענשען וועלען נעבעך פערברענט ווערען. 3—4 יונגע פייערלייט וועלען בעגראָבען ווערען אונטער די חורבות... די גאז וועט עקספּלאָדירען. ס'וועט זיך טהון חושך — האלט אָב די פּרעס!

5.10 פארטאָג:

— „באראבאן“?

— יעס!

— אָבער אזוי ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט... ס'פליהען שוין פונקען. א ווינד בלאָזט פון איסט ריווער. דאָס וואסער איז מסתמא פערפרוירען. גאנצע בלאָקס וועלען ארונטער — גרייט אָן א קארטון...

5.20 מאָרגענס:

— „באראבאן“?

— זי איז שוין אויף א שטאָק העכער... א י י ן שטופּ ווען אימיצער ניט איהר, זיינען מיר נעראַטעוועט... האַלט אָב די פּרעס.

5 אוהר נאכמיטאג:

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— אַט־אַט־ט... נאָך א סעקונדע... האַלט אָב די פּרעס!

5.30 נאכמיטאג:

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— איהר קענט שוין נעהן צום פּרעס, זי איז שוין ארונטער־געקראָכען...

## צווייטער רעפּאָרט.

6 אוהר פארנאכט (פּער טעלעפאָן):

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— איך בין יעצט אין מעדיסאָן סטריט. סע געהט א פּערד־קאַר (טראַמוואי). איך לויף גלייך נאָך א אידען אויף אונטערצו־ווארפען אויף די שינעס (טרעקס), וועט זיין א סענזיישען... האַלט אָב די פּרעס!

6.10 נאכמיטאג:

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— דאָס בין איך . איך האָב שוין א אידען, נור ער לאָזט זיך ניט! האַלט אָב די פּרעס!

6.20 נאכמיטאג:

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— איך בין שוין א צובלוטיגטער... ער לאָזט זיך ניט דער „סאָנאָוועגאָן“... אבער איך וועל איהם נעהמען... די קאַר איז שוין אין מאָנטגאָמערי סטריט. האַלט אָב די פּרעס!

# האַלט אָפּ די פּרעס!

(אַ פּאָר סענזאַציעס פון אַ געשייטען רעפּאָרטער.)

---

## ערשטער רעפּאָרט.

3 אוהר נאָכמיטאָג (פּער טעלעפאָן):

— העללאָ! דער אָפּיס פון „באַראַבאַן“?

— יעס...

— איך האָב שוין.

— וואָס האָט איהר?

— אַ געוואַלדיגע סענזיישען... איך בין יעצט אַפּטאַון. איך שטעה און וואַטש ווי אַ מיידעל פּוצט די פענסטער פון 16טען שטאָק... איך ערוואַרט יעדע מינוט, אַז זי זאָל אַראָבפאַלען... האַלט אָב די פּרעס.

3.20 נאַכמיטאַג:

— העללאָ! דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— אַט־אַט בויגט זי זיך אַרויס... איך האָב שוין די קאָפּיע. האַלט אָב די פּרעס!...

— 3.30 נאָכמיטאַג:

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

— דאָס בין איך דער רעפּאָרטער, זי פּוצט שוין דאָס צווייטע פענסטער... איך פּרוּף פּייפען צו איהר... אפשר וועט זי ווערען צוטומעלט... האַלט אָב די פּרעס!

4 אוהר נאַכמיטאַג:

— דער „באַראַבאַן“?

— יעס!

און אזוי ווי מיר שטעהען אזוי און האַמפּערן זיך, קומט אריינ־צולויפען נאָך א קאַמיטע פון די „אהבת דיעווקא“ מיט א שטורם:

— וואו איז דער איידזשענט? מיר ווילען פון איהם מאַכען קרעפּעל־פלייש; ער האָט ביי אונז אוועקגע׳גנב׳עט דעם רב!

— וואָס פאר א רב, זאָגט ער, האָב איך ביי אייך אוועק־גע׳גנב׳עט?

— דעם זילבערנעם רב! דעם רב וואָס איהר האָט אונז פערקויפט פאר 800 דאָלאר מיט קרקע!...

זעהט דער בחור, אז עס האַלט שמאָל, פּרופט ער זיך ארויס־מאַכען. לאָזען מיר איהם ניט, נור מיר שפּארען איהם צו צו דער וואַנד און מיר שרייען אַלע אין איין קול: דעם רב, דו „סאַנעוועג־גאָן“! דעם רב גיב אונז!

און אזוי ווי מיר האַלטען אזוי אין שרייען, קומט אריינצולוי־פען נאָך א קאַמיטע (פון די „הרי חושך יאַנג מענס“) פערסאָפּעט ווי די גענז:

— דאָ איז עס דער מאַכער וואָס מופט דעם רב? מיר ווילען איהם זאַטשמעליען מיט א שיים האָלץ — ווילען מיר איהם!

*

הכלל, וואָס טויג עס אייך — וואָס האָט זיך ארויסגעוויזען? עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער איידזשענט האָט יעדען איינעם פון די חברות אריינגערעכענט אין גדן דעם „רב“, וועלכער איז גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען, און נאָכדעם ווי ער האָט אָבגענומען דאָס געלד, האָט ער אריבערגעפּעקעלט די מצבה אויף אן אנדער אָרט.

איצט פערשטעהט איהר שוין, פאַר וואָס מיר זוכען א סעמעטערי?



אונזערע „זוקף כפופים׳ניקעס“ און שטעל זיך אויף און ערקלער זיי באשר אזוי און אזוי: דער רב האָט אוועקגעמופט...

הויבט זיך אויף, ווי געוועהנליך, א שטורם, א סומאַטאָכע צווישען די ברידער. דער ניינטער עקס־פּרעזידענט, א איד מיט בוימעלדיגע אויגען און א בלייך פּנים, הויבט זיך אויף און זאָגט אזוי:

— מיינע ווערטהע ברידער! איך זעה דארין אַן אצבע אלקים... מסתמא האָט מען מיט עפּעס־וואָס־ניט־איז פּוגע געווען דעם כבוד פון דעם גרויסען מת... איך מאך א פאָרשלאָג מען זאָל אפּאָינטען א קאָמיטע פון צעהן עהרליכע אידען, וואָס זאָלען גערען בעטען מחילה פון דעם גרויסען מת...

בקיצור, דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען מיט א מאדזשאָריטי.

פערשטעהט זיך, אז איך בין געווען איינער פון דער קאָמיטע.

געקומען אויפ׳ן בית עולם, גיבען מיר זיך דאָך גלייך א לאָז צו די „אהבת דיעווקא“. מיר גיבען א קוק: אונזער רב איז אויס־געטריקענט געוואָרען. ניטאָ קיין סימן פון קיין רב!..

נאָך אָנדערטהאַלבען שעה ארומזוכען, האָבען מיר איהם קוים דערטאַפּט ערגעץ העט־העט נעבען וואלד, ביי די „הרי־חושך־יאָנג מענס“, א גוטע האלבע מייל פון אונזער קרקע...

פערשטעהען מיר דאָך, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַטינג די מעשה. לויפען מיר (די גאנצע קאָמיטע פון צעהן מאן) אוועק צום אגענט פון די סעמעטערי און מיר פאלען אריין אין אָפיס אריין מיט א גרויס געוואלד: וואו איז דער רב?

— וואָס פאר א רב? זאָגט ער.

— וואָס הייסט, זאָגען מיר, וואָס פאר א רב? דער גאָל־דענער רב! דער רב וואָס איהר האָט אונז פערקויפט פאר 500 דאָלאר מיט קרקע!

— א רב?... —זאָגט ער— ער הויבט גאָר ניט אָן צו געדענקען, ער זאָל אונז אמאָל האָבען פערקויפט א רב! איבריגענס, זאָגט ער, עס איז ניט זיינע ביזנעס, אז דער רב וויל ניט איינליעגען אויף אַן אָרט. ס׳איז, זאָגט ער, א גאָט׳ס זאך!

אַז ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָאָר טעג, מאַכט זיך, אַז עס שטאַרבט אַ ברודער, אַן אַרבעס־פּעדלער, און אַזוי ווי איך בין אויך איינער פון די חברה קדישא, גייט איך דאָך מסתמא מיט'ן עולם אויפ'ן בית עולם.

איך קום אַרויף אויפ'ן בית עולם, און גיב אַ קוק אויף מיין רב, פאַלט מיר איין, אַז עפּעס שטייט ער ניט ווי עס דאַרף צו זיין...

מילא, טראַכט איך זיך, אַ מענש טאָר אויף זיך אַליין ניט בויען... אפשר דוכט זיך מיר נאָר אַזוי? אַ חוץ דעם, קלער איך זיך, אַ קשיא אויף אַ רב — אפשר איז איהם ניט געפעלען געוואָרען דער שכן? אפשר דער אָרט? ווער קען וויסען?

מילא, גאָר ניט, טראָג איך דערוויילע די זאַך אין זיך און זאָג קיינעם ניט אויס. עס גייט ניט אַוועק קיין צוויי וואָכען, שטאַרבט ווייטער אַ ברודער, אַ בלעכער, גייט איך ווייטער אויפ'ן בית־עולם. איך גיב אַ קוק — די מצבה שטייט שוין אַביסעל ווייטער — צום גדר צו.

וואָס זאָל דאָס זיין? טראַכט איך. אַ רב זאָל עס דיר האָבען אַ טבע אַרומצושפּאַצירען! און בכדי צו זיין זיכער, אַז איך האָב ניט קיין טעות, מאַך איך זיך אַ סימן: רייס אויס אַביסעל גראָז ביי אַלע פיער ווינקעלעך פון דער מצבה און וואַרט וואָס דאָ וועט ווייטער זיין.

עס גייט ניט אַוועק אַ וואָך, העלפט גאָט, עס שטאַרבט ווידער אַ ברודער, אַ „טאָפּ־קלאַפּער". גייט איך דאָך מסתמא ווייטער אויפ'ן בית עולם. איך גיי זוכען מיין רב. וואו האָסטו אַ רב? דער רב איז שוין אויף יענער זייט גדר — ביי די „אהבת ריעווקא לאַרזש".

ע׳, טראַכט איך זיך, ס'אַ מיאוסע מעשה! מילא דו רוקסט זיך אָב פון אַ שכן — גאָר ניט... דאַרויף ביזטו זיך אַ רב; מסתמא פערשטעהסטו בעסער. אָבער אין גאַנצען אַוועקקומען צו די „אהבת ריעווקא" — אַי, פע!

דאָס איז געווען מיטוואָך.

דאָנערשטאָג נעהם איך און קלאַפּ צונויף אַ פּעקעל מיטינג פון

דופען עס דאָ, זי וויל וואָוטען, האָט זי ניט קיין צייט זיך אָבצוגעבען מיט קינדערייען !...), עפענט זיך די טהיר, און עס קומט אריין א יונגערמאנטשיק און שטעלט זיך מיר פאַר אַלס אַן אגענט פון א „סעמעטערי ביזנעס“, און אזוי ווי, זאָגט ער, ער האָט געהערט, אַז אונזער „ווערטהע זוקף כפופים לאָדזש, נומער 333, אינדעפענדענט אָרדער פרי סאָנס אָף יקום פורקן“ שטעהט אין קויפען „סעמעטערי“, קרקע, הייסט דאָס, האָט ער פאַר מיר — פאַר אונז הייסט דאָס, א שטיקעל קרקע, וואָס עס איז, זאָגט ער, נור צום פערגוצען געזונטער־היימ. ערשטענס, דאָס אָרט אַליין ! הויך אויף א בארג און טרוקען ווי פעך... און צווייטענס, זאָגט ער, — און דאָס איז דער עיקר, — ליעגט דאָרט אויף דעם שטיקעל פעלד א רב, גאָר־גאָר פון די גרויסע... אַן אייניקעל פון „גערער“ און א לייבליכער פעטער פון דעם גאון ר׳ שמואל זייגערמאכער ע״ה. און ער האָט מורא, זאָגט ער, אויב ער איז ניט א גליער־גליער געשוועסטער־קינד פון דעם בעל שם טוב אַליין...

דערהערט די מעשה מיט׳ן רב, איז מיר די זאַך שטאַרק אין דער נאָז אריין.

גלייך צו־מאָרגענס, בין איך און נאָך צוויי „זוקף כפופים־ניקעס“ אוועק אויף דער סעמעטערי.

געקומען אהין און איבערגעלייענט דעם רב׳ס מצבה, בין איך געוואָרען א פערציטערטער. הערט וואָס דאָרטען טהוט זיך :

פ״נ

**הרב החסיד, הגאון, המופלג בתורה, חד בדורו, מאור הגדול, פטיש החזק, העמוד הימיני, ר׳ פישעל בן עמרם, נכד הרב ר׳ מעשיל הקטן מסאדעגורע. תנצב״ה.**

גנעה איך שוין ניט אהיים, נור איך לויף ! ביינאַכט קלאַפּ איך באַלד צונויף א ספעשעל מיטינג פון די בעאַמטע פון די „זוקף כפופים לאָדזש נומער 333 אינדעפענדענט אָרדער פרי סאָנס אָף יקום פורקן“, און מיר בעשליסען באַלד אויפ׳ן אָרט צו קויפען דאָס סעמעטערי פאַר 500 דאָלאַר.

# סעמעטערי

**אַ מעשׂה מיט אַ טויטען רב, וואָס האָט געהאַלטען אין מופען פון איין קבר צום אַנדערען.**

---

(מאָנאָלאָג פון אַ פּשוט'ען אידען)

סעי, פעטער, ווייסט איהר אפשר עפּעס פון אַן אנשטענדיגע סעמעטערי פאַר אונזער „אנשי זוקף כפופים לאָדזש נומער 333, אינדעפּענדענט אָרדער פרי סאָנס אָוו יקום פורקן״? וואָס, איהר חידוש'ט זיך וואָס אזא לאָדזש, קיין עין הרע ניט, ווי אונזערע, וואָס אין דער קורצער צייט פון איהר עקזיסטענץ האָט זי שוין געהאַט 32 דאָלאַר הוצאות אויף האַמערס און אויף פּיקסען אונזערע „ארנאַמענטס״ — מיין איך, די צובראָכענע ביינקלעך; אַ לאָדזש, ווי זאָגט איהר, וואָס האָט 7 עקס־פּרעזידענטען, 19 טראָסטים, 11 טרעזשורערס, 4 באַלאָט־באַקסעס, 5 סעקרעטערים, 2 אינערע און 2 אויסערע „וואכעס״, 12 טויזענד בעדזשעס און 25 דאָלאַר קעש, זאָל נאָך ניט האָבען קיין קרקע?

דאַרפט איהר זיך ניט חידוש'ען, מיין ליעבער איד. וואָרים מאָהלט אייך, אַז די „זוקף כפופים לאָדזש, נומער 333 אינדעפּענדענט אָרדער פרי סאָנס אָף יקום פורקן״, וועט ניט זיין אָהן קרקע — א מינוט... נור וואָס־זשע דען? אונזער קרקע איז קיין קרקע ניט... אי, די קשיא: סטייטש? איז דער תירוץ אז פערברענט האָט געזאָלט ווערען אייער אמעריקא מיט די אַגענטען איהרע! קיין גוטער איד זאָל זיי ניט קענען — די זשוליקעס! זיי קענען אייך פערפיהרען א מענשען אין שאול תחתיה אריין, די ממזרים.

הערט, אדרבא, א מעשה, וואָס האָט זיך פערלאָפען מיט אונזער לאָדזש — דאָ ניט לאַנג צוריק.

אַנומעלטען ביינאַכט, איך שטעה אזוי און באַד די בייבי (מיינע, מוזט איהר וויסען זיין, איז א „סאַנפראַנציצקע״, ווי זיי

## עוזיאל צו יאָסלען.

ניו יאָרק, דעם 23טען פעברואר, 1911.

ליעבער קאָלעגע יאָסעל!

כ'האָב גרויסע יסורים דערפון, וואָס איך קען ניט בעצאָהלען דעם גאַנצען חוב. קוים מיט צרות צונויפגעסקראָבעט 4 דאָלאר. אזוי גיך ווי די ביזנעס וועלען זיך פערבעסערען וועל איך אָבשיקען דאָס איבריגע מיט אַ דאנק.

עוזיאל.

---

## יאָסעל צו מיכל'ען.

ברוקלין, דעם 21טען פעברואר, 1911.

מיין טהייערער חבר מיכל!

איך שעהם זיך פּשוט צו ווייזען דאָס פנים פאַר אייך. איך פערשטעה ווי שטארק איהר נויטיגט זיך אין דעם געלד, אָבער צו מיין גרויס עגמת־נפש האָב איך דאָס געלד אוועקגעליהען צו אַן אַנדערען מענשען און יענער איז געבעך יעצט אויף גרויסע צרות... איך שיק אייך דערווייל אַ דאָלאר.

האָט קיין פאַראיבעל ניט.

אייער פער'צרה'טער חבר,

יאָסעל.

## משה יונה צו לעאָן.

ניו יאָרק, דעם 27טען יאנואר, 1911.

ליעבער לעאָן!

איך שיק דיר דאָ 12 דאָלאר אויף דעם חוב. די 3 דאָלאר וועל איך דיר אָבשיקען ווען־עס־איז שפּעטער. איך בין יעצט „מאכולע־דיג". ענטשולדיג.

משה יונה.

---

## לעאָן צו משה ליב'ן.

ניו יאָרק, דעם 17טען פעברואר, 1911.

וואָס האָסטו זיך אזוי צובייזערט, דו פּיפּערנאָטער מיט דער גלאַנציגער נאָז? איך האָב שוין איבערגעזעהן מעהר געלד ביי מיין טאַטען ווי דו האָסט צייהן אין מויל. איך שיק דיר דאָ 10 דאָלאר. דאָס איבריגע וועל איך דיר צוּוואַרפען ביי דער ערשטער געלעגענ־הייט.

לעאָן.

---

## משה ליב צו עוזיאל'ן.

ניו יאָרק, דעם 21טען פעברואר, 1911.

דעם חוב אַלס אזעלכען וואָלט איך אפילו ניט בעדאַרפט בעצאָהלען — שוין דערפאַר אליין וואָס דו שרייבסט אין א מין גלאָקען־געלעכטערישען טאָן, צו וועלכען איך בין ניט געוואוינט. איך בין אָן אַריסטאָקראַט, פערשטעהסטו מיך; און אַלס אזעלכער שיק איך דיר דאָ 7 דאָלאר. דאָס איבריגע וועל איך דיר אָבגעבען מיט דער צייט. די אייבינקייט איז נאָך ווייט און גאָט לעבט!

משה ליב.

## עוזיאל צו משה ליב'ן.

ניו יאָרק, דעם 17טען יאַנואַר, 1911.

ליעבער, טהייערער קאָלעגע משה ליב!

איך בעט אייך געפעלינסט מיר אָבצושיקען די 25 דאָלאר וועלכע איך האָב אייך געבאָרגט אויף אַן אויבעררָאָק און אַ סוט. דער מענש ביי וועמען איך האָב געכאַפּט דאָס גמילות חסד'ל נויטיגט זיך דערין זעהר שטאַרק...

אפּראָפּאָס! האָט איהר געלעזען דעהמיל'ס נייע ליעד? די דייטשען האָבען עס אַ כח — פשאַ־קרעוו!

מיט קאָלעגיאַלען גרוס,

עוזיאל.

---

## משה ליב צו לעאָן.

ניו יאָרק, דעם 18טען יאַנואַר, 1911.

דו, יונגע!

שיק אָב די 20 דאָלאַר וועלכע איך האָב דיר געבאָרגט. איך קען ניט וואַרטען לענגער. ווער מיינסטו בין איך דיר — ווער? איך בין דאָך ניט קיין „משה מחויב" דיר נאָכצולויפען נאָך מ י י ן געלד! האָסטו געזעהן אַזוינס!

משה ליב.

---

## לעאָן צו משה יונה'ן.

ניו יאָרק, דעם 19טען אַפּריל, 1911.

סעי, ים־קאַטער!

שיק מיר אָב די 15 דאָלאַר — אַז ניט וועט דיך כאַפּען די כאָלעריע... מען טורקעט מיך פון אַלע זייטען...

אין „פאָוסט" בין איך שוין אַריינגעקראָכען גאַנץ טיעף!

לעאָן.

# 35 צו 1

(אַ היסטאָריש־געזעלשאַפטליכע דראמא אין פּאָסטאל־קארדס)

## מיכל צו יאָסלען.

ברוקלין, 15טען יאנואר, 1911.

ליעבער חבר יאָסעל!

איך מוז אייך בעטען א גרויסע טובה מיר אָבצושיקען די 35 דאָלאר וועלכע איך האָב אייך אנטליהען.

איך גרייט זיך יעצט צו די עקזאמענס און איך דארף בעצאָה־לען שכר לימוד אין קאללעדזש, בין איך זעהר פעראיינגט אין געלר. וואָס מאכט אייער פּוס?

מיט גרוים ליעבשאפט,

מיכל.

---

## יאָסעל צו עוזיאל'ן.

ברוקלין, דעם 16טען יאנואר.

ליעבער פריינד עוזיאל!

עם טהוט מיר וועה אייך צו זאָגען, אז איך נויטיג זיך אין די 30 דאָלאר וועלכע איך האָב אייך אנטליהען אויפ'ן קענדי סטאָר. דער מענש ביי וועלכען איך האָב געבאָרגט דאָס געלד איז יעצט זעהר פעראיינגט און די 30 דאָלאר וואָלטען איהם שטארק צוניץ קומען. וואָס הערט זיך נייעס? שאפט איהר עפּעס די צייטען?

יאָסעל.

---

מיט די נעצען אויף די פּלייצעס האָבען זיי גראַציעז אַרויסגע־שוועבט פון צימער.

— איצט, — האָט לאַפּטאַש געזאָגט, — וואַרפט, זייט מוחל אַ בליק אויף דעם קאַרפּעט. זאָגט צי האָט איהר נאָך געזעהן עפּעס עהנליכעס ביי אירגענד וועלכען אידישען שרייבער! דאָס האָט מיר אַ פערליעבטע לעזערין געשיקט אַלס אַ פּרעזענט פאַר מיינע „ליטעראַרישע האַרץ־פּלאַסטערס“.

פּלוצים האָב איך דערפיהלט ווי עפּעס ריהרט זיך אונטער מיינע פיס, און נאָך איידער איך האָב געוואוסט וואָס עס איז געשעהן, זיינען מיר ביידע געלעגען אויף דעם בלויזען פּלאָאָר און זיך אָנגעקוקט ווי די העהנער.

— אַן עק! אַ סוף! — האָב איך געזאָגט קומענדיג צו זיך,— אָט איז שוין אייער קאַרפּעט אויך אוועק!

לאַפּטאַש'עס פּנים איז געוואָרען פערפינסטערט. זיינע הענד האָבען זיך נערוועז געפּאַרעט מיט דעם קראַגען פון העמד, ווי עפּעס וואָלט איהם געקוועטשט, און מיט אַ קול וואָס איז געווען אָנגעזאָפּט מיט טרעהרען האָט ער געזאָגט:

— איצט בין איך געבליבען עלענד ווי אַ שטיין!

— אַ מצוה אויף דיר, דו הונד! — האָב איך געזאָגט, — זיי נים אַזאַ „פאַסקודנער בלאָפער“! — און אַ בריק טהאָנדיג איהם אין הינטען, בין איך אויף שנעל אַרויסגעלאָפען פון דעם פער־שאָלטענעם הויז...

ארויסגעזאָגט די ווערטער, האָבן די שטוהלען גענומען נער־וועז שארען מיט די פיסלעך, האָבן עטליכע מאָל א שפרונג געטהאָן אין דער לופטען, און געארעמט א פיסעל אין א פיסעל האָבן זיי דעמאָנסטראַטיוו פערלאָזען דעם צימער.

אָבער לאַפּטאַש איז געווען אזוי בעגייסטערט פון זיינע „פּאַר־גיטשור" און זיין ליטעראַטור, אז ער האָט גאָר ניט בעמערקט וואָס עס קומט פאָר ארום איהם.

— איצט וועל איך אייך ווייזען אן אנטיקעל, — האָט לאַפּ־טאַש מיט פרישער בעגייסטערונג מיך א ציה געטהאָן צום „מענטל־פיעס", וואו עס איז געשטאַנען א בראָנזענע פיגור פון משה מענדעלסאָן — אָט דאָס האָב איך געקראָגען א פרעזענט פון דעם רעדאַקטאָר'ס ווייב פאַר מיין אָבהאַנדלונג איבער „קעץ מיט הער־נער", א וואויל ווייבעל, — האָט ער צוגעגעבען מיר א קלאַפּ טהאָנדיג איבער דער קניע — כע־כע!

נאָך איז זיין ציניש ער „כע־כע!" ניט פערקלונגען אין צימער, ווען די בראָנזענע פיגור האָט א ציטער געטהאָן, ווי איינער וואָס ערוואַכט פון א לאַנגען שלאָף, האָט אויפגעעפענט דאָס מויל און א שפּיי טהאָנדיג גלייך אויף לאַפּטאַש'עס פּליך, איז זי האַסטיג ארויס פון צימער.

אין לאַפּטאַש'עס קאַבינעט איז דערווײַלע געוואָרען נעראַם. אחוץ דעם קאַרפּעט אונטער די פיס און צוויי בילדער אויף די ווענד איז קיין זאַך ניט געבליבען.

— איצט וועל איך אייך ווייזען אן אנטיקעל שבאַנטיקלעך,— האָט ער מיר אָנגעצייגט אויף איינע פון איזראַעל'ס פישער־מיידלעך מיט צופלאַטערטע האָר און פערברענטע באַקען, — דאָס האָב איך געקויפט פאַר מיין „פראַנצויזישע פּאָליטיק אין טערקישע האַרעמס".

דערהערט זיין בעהויפּטונג, איז דאָס פישער־מיידעל געוואָרען בלאַס, איהר מילד, שמייכלענד געזיכט האָט אָנגענומען דעם אויסדרוק פון טיעפער בעליידיגונג, און א וואונק טהאָנדיג צו איהר שוועסטער אויף דער וואַנד געגענאיבער, זיינען זיי ביידע אראָבגעשפּרונגען אויף דר'ע־ד, אָנגענומען זיך פאַר די הענד און

— איהר זעהט די דאָזיגע סאָפּאַ? — האָט ער אַ קלאַפּ געטהאָן מיט אַ פויסט איבער דעם לעדערנעם איבערצוג — דאָס האָב איך געקויפט פאַר מיינע „געשענדעטע ווייבער“ אין צוויי פאַרטזעצונגען.

קוים זיינען די ווערטער ארויס פון זיינע ליפּען, האָט זיך די סאָפּאַ אָנגעהויבען לאַנגזאַם בעוועגען, האָט זיך אַ דרעה געטהאָן ארום זיך אליין און איז ארויס פון צימער.

— און דאָס איז נאָך גאָר ניט! — האָט לאַפּטאַש זיך אומ־געקעהרט מיט בעגייסטערונג צום ענין, ניט בעמערקענדיג וואָס דאָ האָט פּאַסירט מיט דער סאָפּאַ, — איהר קוקט אָן דעם דאָזיגען טיש — אימפּאָרטירט פון אויסטראַליע! דאָס האָב איך געקויפט פאַר מיין אָריגינעלען ארטיקעל „די היסטאָריע פון אונגארישע פלוימען“.

— פלוימען! — בין איך נתפעל געוואָרען, — ווי קומט איהר צו זיין בעקאַנט אין אַזעלכע זאַכען?

— „אין אַזעלכע זאַכען,“ — האָט מיך לאַפּטאַש איבערגע־קרימט מיט גרינגשעצונג. הלמאי איך שרייב איצט אַ בוך איבער „די פּסיכאָלאָגיע פון לעמבערגער קראָליקעם“.

— און וואו נעהמט איהר דעם מאַטעריאַל? — האָב איך געוואָלט וויסען.

— וואָס מיר מאַטעריאַל! ווער מיר מאַטעריאַל? — האָט ער געענטפערט, — ביי מיר איז אַלצדינג פון קאָפּ!...

ביי די דאָזיגע ווערטער האָבען זיך אַלע פעדערען וואָס זיינען געלעגען אויפ׳ן שרייבטיש אויפגעשטעלט דובאָם, מיט די שפּיצען ארויף, דאָס קליינע טישעל האָט געגעבען אַ טרעשטשע, דאַן אַ בריק מיט די הינטערשטע פיסלעך און געגומען זיך ארויסרוקען פון צימער. און נאָך איידער איך האָב געהאַט צייט צו קומען צו זיך פון שרעק, האָט מיך לאַפּטאַש אַ ציה געטהאָן צום אויבערשטען ווינקעל פון קאַבינעט, וואו עס זיינען געשטאַנען צוויי געגילדערטע שטוהלען און אָנווייזענדיג אויף זיי מיט׳ן פינגער, האָט ער בע־מערקט מיט גרויס בעגייסטערונג: דאָס האָב איך געקויפט פאַר מיין געלונגענעם ארטיקעל איבער „יאַפּאַנישע שפּריץ־בעדער“.

# לאפּטאַש

— אויב איהר האָט צייט, קומט אריבער מאָרגען ביינאַכט, וועלען מיר אביסעל פערברענגען!

אזוי האָט מיר געשריבען מיין קאָלעגע, דער בעקאַנטער שרייבער לאַפּטאַש, און בענוצענדיג זיך מיט זיין איינלאַדונג, בין איך ארום אכט א זייגער פארנאכט אוועק קיין בראָנזוויל.

די געגענד, וואו מיין קאָלעגע לאַפּטאַש האָט זיין וואוינונג, איז זעהר א שעהנע.

א ברייטע גאַס מיט קליינע פּריוואַט־הייזלעך, שעהנע גאַניקעס און בוימער אויף ביידע זייטען.

אַז איך בין אריינגעקומען אין לאַפּטאַש'עס דירה, בין איך געוואָרען איבערראשט פון דער רייכקייט, וואָס האָט געבלישטשעט אין אלע ווינקעלעך, פון די שעהנע מאַסיווע מעבעל, אזוי גוט ווי פון די קליינע קונסט אנטיקלעך וואָס זיינען געווען צושפּרייט איבער זיין שרייבטיש.

— אָבער איהר וואוינט דאָך גאָר ניט ווי קיין אידישער שרייבער! — האָב איך אויסגערופען ענטציקט, איהם דערלאַנגענדיג די האַנד.

— איך מיין עפּעס! — האָט ער געענטפערט, און גענומען זיך פּאָרען מיט זיינע כתבים וואָס זיינען געווען צושאָטען איבער א טישעל פון שווארצע עבענע־האָלץ.

—זעהט איהר — האָט מיר לאַפּטאַש געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף די טהייערע מעבעל, — דאָס האָב איך אַלץ אָבגעשפּאָרט פון מיין ליטעראַרישער ארבייט!

— הייסט דאָס, אז די אידישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבען בעצאָהלען?

— אַלץ הייסט בעצאָהלען! — האָט ער אויסגערופען, און אָננעהמענדיג מיך פאר אַן ארבעל, האָט ער מיך גענומען ארומפיהרען איבער'ן צימער, זיך אָבשטעלענדיג ביי יעדען שטיקעל מעבעל.

— איהר ווילט טאקע, ע? קוק עם אָן! — איז באלאמוט ארויס פון די כלים — גיב איהם געלד, דעם ראַצער! פאר וואָס קומט דיר געלד, פאר וואָס?

— מיסטער, געהט ארויס פון דאנען און בעליידיגט ניט קיין מענשען!

— שארראפ! רעד נאָך א וואָרט, קריגסטו א פּלעם איבער'ן פרעסער!...

און ביי די דאָזיגע ווערטער איז ער ארויס, בורטשענדיג:

— האָסטו געזעהן אזוינס! — גיב איהם פינפערלעך — גיב איהם!...



— אָבער איהר מוזט אונטערשרייבען. ס'איז אזא רול ביי אונז!

— נעווער מיין רולס! מיר האָבען שוין געזעהן גרעסערע רולס!

— אָבער, מיסטער, מיר האָבען ניט קיין צייט זיך צו באַרערען. איהר ווילט אונטערשרייבען, צי ניין?

— איך'ל אונטערשרייבען, אָבער נור מיט א י י ן האנד!

— אָל־רייט!

— ווי אזוי ספּעלט איהר מיין נאָמען?

— פון וואנען זאָל איך וויסען ווי אזוי איהר ספּעלט אייער נאָמען?

— אויב אזוי — מאַכט באַלאַמוט, — זייט איהר דאָך טאַקע א שווינדלער!

— מיסטער, „בעהייווט" זיך אביסעל!

— נעווער מיין בעהייווען! מיר האָבען שוין געזעהן גרעסערע קנאַקערס!

— מיסטער, איהר ווילט דעפּאָזיטען דאָס געלד, צי ניין?

— אָט וועל איך זיך טאַקע כאַפּען און אייך „אַנגעטראָווען" מיינע געלדער!

— מו נעטרויט נ י ט! ווער הייסט אייך?

— נעווער מיין, ווער הייסט אייך! פאַר מיינע געלדער בין איך גלייך מיט „עניבאָדי"!

— מו דעפּאָזיט!

— וויפיעל?

— וויפיעל איהר ווילט!

— 60 וועט זיין גענוג?

— אפילו 40!

— אפשר 30?

— לאָז זיין 20!

— 10 וועט איהר ניט נעהמען?

— ניט אהער 10!

— נאָט אייך 5!

— לאָז זיין 5!

— מיסטער מענעדזשער, דער דזשענטעלמען וויל דעפּאזיטען זיינע געלדער! — האָט דער „ספּעשעל“ איבערגעגעבן די ידיעה ווייטער.

דער מענעדזשער, א יונגער מענש, מיט גלאַנציג־שווארצע האָר און וואָנצעס, האָט זיך באַלד בעוויזען.

— וואו איז דער דזשענטעלמען וואָס וויל דעפּאזיטען זיינע געלדער? — האָט ער געפרעגט ארויסקומענדיג פון אונטער די גראַטקעס, מיט א בלייפעדער אונטער'ן אויער.

— אָט בין איך! — האָט באַלאַמוט אויפגעהויבען די האנד.

— וויפיעל?

— פינף און זעכציג.

— הונדערט?

— וואָסערע הונדערט? ביי די לויזיגע שניידעריי קען מען מאכען מיט די זייטען, ניט קיין הונדערטער.

— טו וויפיעל?

— פינף און זעכציג קארבאַטשעס, ווי די רעדער!

— סיי, מיסטער רודערמאַן! — האָט דער מענעדזשער א רוף געטהאָן דעם קלוירק — דער מאַן וויל דעפּאזיטען זיינע געלדער. און צו באַלאַמוט'ען האָט ער געזאָגט: — געהט, זייט מוחל, צו צו יענעם פענסטערעל, וועט מען ביי אייך צונעהמען דאָס געלד.

— וויפיעל? — האָט געפרעגט דער קלוירק.

— פינף און זעכציג קארבאַטשעס, ווי די רעדער!... ביי די לויזיגע שניידעריי קען מען מאכען מיט די זייטען, ניט קיין טויזענדער! — האָט ער אָבגעזאָגט אַלץ מיט אַמאָל.

דער קלוירק האָט מיט א שמייכעל ארויסגענומען א קאַר־טעטשקע, אויפגעצייכענט אַלע נויטיגע זאכען און געבעטען באַלאַ־מוט'ען אונטערצושרייבען.

— ניט געטראָפען דעם קאָסטאָמער! — האָט באַלאַמוט געזאָגט, צוריקווייזענדיג דאָס קארטעל — מיר פערשטעהען די טריקס...

— וואָס'ערע טריקס?

— אָט די טריקס מיט דעם אונטערשרייבען.

# גיט איהם פינפערלעך!

(אַ סצענע אין אַ איסט־סייד באַנק־געשעפט)

אויסגעפוצט אין די שעהנסטע מלבושים, מיטביידע הענד אויף דער רעכטער קעשענע, איז מיסטער באַלאַמוט, דער קאַסטאַמער־שניידער, אוועק דעפּאַזיטען זיינע ערשטע 65 דאָלאַר.

— וואו איז דער פּרעזידענט? — האָט ער מיט אַ וואָזשנעם טאָן אַ פרעג געטהאָן ביים ספּעשעל פּאָליסמאַן וואָס איז געשטאַנען ביים טהיר — איך וויל דעפּאַזיטען מיינע געלדער.

דער ספּעשעל פּאָליסמאַן האָט איהם מיט גרויס כבוד ארויפגעפיהרט אויפ׳ן ערשטען פלאָר צום פּרעזידענט.

— דיעזער דזשענטעלמען וויל דעפּאַזיטען זיינע געלדער אין אונזער באַנק — האָט דער ספּעשעל פּאָליסמאַן פאָרגעשטעלט באַלאַמוט׳ען פאַר׳ן פּרעזידענט פון דער באַנק.

— עס פרעהט מיר זעהר איך צו קענען — האָט איהם דער פּרעזידענט בעגריסט און האָט געפרעגט: — אַלזאָ, וויפיעל?

— 65! — האָט באַלאַמוט געענטפערט שטאָלץ.

— 65 טויזענד? — האָט דער פּרעזידענט איבערגעפרעגט.

— וואָסערע טויזענד! — האָט באַלאַמוט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען — ביי די לויזינגע שניידערייי האָט איהר געוואָלט איך זאָל מאכען טויזענדער? מען מאכט היינט מיט די זייטען, מיסטער!

— טו וויפיעל? — האָט שוין דער פּרעזידענט געפרעגט אונגעדולדיג.

— 65 קאַרבאַטשעס, ווי די רעדער.

— דזשים! — האָט דער פּרעזידענט אַ רוף געטהאָן אַן אָפּיס באָי — פיהר ארונטער דעם דזשענטעלמען אונטען. ער וויל מאכען אַ דעפּאַזיט.

דזשים האָט אָנגענומען דעם קאַסטאָמער־שניידער פאַר אַן ארבעל און איהם איבערגענעבען צוריק צום ספּעשעל פּאָליסמאַן.

— פארעט איהם אוים ס'אויג מיט הייסע וואסער! — בע־פעהלט דער פראָפעסאָר.

חברה ברענגט אריין א טשייניקעל מיט הייסע וואסער און כליאפּ! גלייך אין אויג אריין. מאך איך זיך כלא ידע און נעהם פינטלען מיט דעם צווייטען אויג.

— פארעט איהם אוים דאָס צווייטע אויג אויך!

„אוי", טראכט איך, „ס'אַ ביטערע מעשה. די חברה קענען מיך נאָך חלילה מאכען פאר א קאַליקע".

אָבער צו מיין גליק האָט זיך פּלוצים דערהערט א פייף פון א פאבריק, און איבערלאָזענדיג מיך אין מיטען דער ארבייט, האָבען זיך אַלע א שאָט געטהאָן עסען אָנבייסען.

איך האָב אויסגענוצט די געלעגענהייט און דערוויל אויסגע־הויכט מיין נשמה.

---

„פון דעמאָלט אָן (אזוי ענדיגט דער געעהרטער טויטער זיין בריעף), פיהל איך זיך פאָלשטענדיג קורירט אויף די מאנדלען."



איינפּאַכקייט פון דער זאַך, אַלעמען, חוץ דעם פּראָפעסאָר, וועלכער האָט בעהויפּטעט, אַז דאָס איז געגען די רולס פון האָספּיטאָל. שוין בעסער אָבזועגען דעם פוס.

מען האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע זעג. צוויי געזונדע חברה האָבען זיך אָוועקגעשטעלט איינער אין ד ע ר זייט און דער אַנדערער אין דער צ ו ו י י ט ע ר, זיך פערוויכערט די ליזלקעס, אָנגעשפּיגען אין די הענד און גענומען זעגען.

איך בין געוואָרען נאָך מעהר נערוועז און גענומען צאַפּלען מיט דעם צווייטען פוס.

— זעגט איהם אַרונטער דעם צווייטען פוס אויך! — בעפעהלט דער פּראָפעסאָר.

„עי", טראַכט איך זיך, „אַז סע געהט שוין יאָ אין עקשנות, זועט איהר שוין ביי מיר קייען די ערד!" און איך האָב אָנגעהויבען וואַרפען מיט דער רעכטער האַנד.

— זעגט זי איהם אַרונטער! — בעפעהלט ווייטער דער פּראָפעסאָר. — זאָל ער וויסען, אַז פון דאָקטוירים מאַכט מען ניט קיין חוזק!...

ווערט מיר די זאַך אַביסעל פערדראָסיג און איך נעהם אויך צו־להכעיס וואַרפען מיט דער לינקער האַנד.

— עפּעס אַ פּריקרע איד, דער דאָזיגער! — ווערט שוין דער פּראָפעסאָר אין כעס, — נור ער וואַרפט זיך! כאַפּט איהם אַרונטער די צווייטע האַנד אויך!

דערווייל הויב איך זיך אָן פּיהלען זעהר ניט בעקוועם.

„קאַניבאַלען!" טראַכט איך זיך, „איהר ווייסט ניט, מיט וועמען איהר האָט דאָ צו טהאָן! איהר שפּיעלט זיך מיט פייער!" און איך נעהם כאָרכלען מיט אַלע כחות.

— שניידט איהם איבער דעם גאָרגעל! — בעפעלט דער פּראָפעסאָר.

„עי", טראַכט איך זיך, „אַז סע געהט שוין יאָ אין עקשנות, וועסטו שוין, מאָהל זיך, ביי מיר נ י ט אויספּיהרען", און איך נעהם פּינטלען מיט אַן אויג.

מען האָט גענומען אונטערזוכען מיין האַלז. דערביי האָב איך אונ־טערגעהערט פאָלגענדען שמועס:

דער פּראָפעסאָר: ס'איז שטאַרק פינסטער אינוויינינג. דער טייוועל זאָל עס נעהמען! די צונג פערשטעלט די ליכט... מען דאַרף זי ארויסרייסען.

ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן אַ צווענגעל, זיך אָנגעשפּאַרט מיט אַ קניע אָן מיין בויך, דערלאַנגט אַ פעסטען שלעפּ — און די צונג איז געווען ביי איהם אין די הענד.

— פאַרטיג! — האָט ער געזאָגט, זיך אָבווישענדיג דעם שוויים.

ווידער אַמאָל האָט דער פּראָפעסאָר צוגעשטעלט זיין שפּאַק־טיוו און בעמערקט:

— נאָך אַלץ פינסטער! איך דענק, מען דאַרף מאַכען אַ לאָך אין דער פּאַטילניצע, עס זאָל אריינשיינען די זון!

מיט אַ גרויסען עגבויער האָט מען מיר באַלד אויסגעדרילעוועט אַ לאָך אין דער פּאַטילניצע.

— אהא! איצט האָבען מיר עס! — האָט געזאָגט דער פּראָ־פעסאָר. — איצט ווייסען מיר וואָס דאָס איז — מאַנדלען.

און פון מויל צו מויל איז איבערגעגאַנגען די בשורה: מאַנדלען!

— דער פּאַציענט האָט מאַנדלען — מאַנדלען האָט דער פּאַציענט!

איך בין געלעגען ווי אין אַ טומאַן.

די ערגערניש, וואָס די חברה נעהמט די געשיכטע אַזוי ניט ערנסט, די פּאַסקודנע וויצען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך דורכגע־וואָרפען, האָבען מיך געמאַכט נערוועז. נור אַזוי ווי ריידען האָב איך ניט געקענט, האָב איך גענומען צאַפּלען מיט אַ פוס אַלס פּראָטעסט.

— זעהט, זעהט, ער וואַרפט זיך ווי אַ לעבעדיגס! — האָט זיך געוויצעלט אַ דאָקטאָר מיט רויטע, גלאַנציגע בעקלעך.

— זעגט איהם דעם פוס אָב. — האָט געזאָגט אַן אַנדערער.

— פּאָמפּעט איהם אריין נאָך גאַז!

— גיט איהם אַ קנאַק אין קאָפּ!

דאָס לעצטע איז אָלעמען געפעלען געוואָרען צוליעב דער

# מאנדלען

(אַ בריעף פון אַ טויטען)

דעם 3טען טאָג פון חודש אב, אין יאָהר תר"ע בין איך קראַנק געוואָרען אויף „מאַנדלען". איך בין אַוועק אין שפּיטאָל, וואו מען האָט מיר ערקלעהרט, אַז איך מוז האָבען אַן אָפּעראַציע. פאַר דעם בענעפיט פון די, וועלכע רעכענען ווען עס איז צו האָבען צו טהאָן מיט דאָקטוירים, גיב איך דאָ איבער מיינע איינדריקע פון שפּיטאָל.

---

צוערשט האָט מען מיך אַריינגענומען אין אַ גרויסען זאַאַל פול מיט דאָקטוירים אין ווייסע קיטלען. עטליכע פון זיי האָבען מיך אַ כאַפּ געטהאָן הינטערוויילעכס און מיך אַרויפגעטאַסקעט אויף אַ גרויסען טיש וואָס איז געשטאַנען אין מיטען צימער. אַ פּראָפעסאָר מיט רויטע באַקען־בערד האָט אַ געשריי געטהאָן: „וואָס שטעהט איהר קאַניבאַלען? פּאָמפּעט!" באַלד זיינען אַרויס־געפלויגען עטליכע יונגען און אין פינף מינוט צייט זיינען זיי צוריק אַריין, זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורה מיט אַ גרויסע פּייפּ אויף די אַקסלען.

— אנו! — האָט זיך ווידער געהערט אַ קאָמאַנדע פון דעם פּראָפעסאָר מיט די רויטע באַקען־בערד.

און גלייך דערויף האָט מען גענומען אין מיר אַריינפּומפּען גאַז.

אביסעל צוליעב עקשנות און אביסעל צוליעב דעם, וואָס איך בין בטבע אַ שטאַרקער מענש, האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען מיך אין גאַנצען איינצושלעפערען. אָבוואָהל איך בין זיך מודה, אַז איך בין געוועזן אביסעל צוטומעלט; דאָך געדענק איך אַלצדינג, וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען.

דאָס ערשטע האָט מען מיר פונאַנדערגעעפענט דאָס מויל, אין ביידע ווינקלען האָבען זיי אַריינגעשטעקט אַזעלכע „קלינעם" און

פרץ קען שרייבען אידיש? און ווי אזוי, רעכענסטו, וועלען זיך אויסלאָזען די האַ־יאָהריגע וואהלען? און וואָס דענקסטו פון ראש השנה און פון...

זי: כאַפּ ניט אזוי, משה.

איך: ס'איז אזא לשון ביי מיר... אלזאָ, וואָס דענקסטו וועגען דער כאָלעריע, וועגען אונזערע חזנים, וועגען רוזוועלט'ס טור, וועגען אימיגראַציע, וועגען קאָרפוער אתרוגים, וועגען „אחד־העם", וועגען....

זי: כאַפּ ניט אזוי! אָט האָסטו מיר שוין אויפגעוועקט פישל'ען אויך.

איך: און וועגען איבסען'ס „בוי־מייסטער" און „העדא גאַבלער" און „דאָן קיכאָט" און קאַפּיטאַן דרייפוס און....

זי: אָט ליעגט שוין באַשקע אונטער'ן ביינקעל.

איך: נעווער מיינד באַשקע! און וואָס האַלטסטו איבערהויפּט פון דיין משה'ן? דענקסטו אז ער איז פעהיג אַרויסצוואַרפען דורכ'ן פענסטער אַ מיטאַרבייטער פון זיין צייטונג?

זי: 'סט סטאַפּען צי ניין? — געוואַלד וועל איך שרייען!

איך: נעווער מיינד סטאַפּען! און וועגען...

זי: 'סט זיך אָבטשעפּען אמאָל, פרעג איך, צי ניין? אז ניט שיק איך נאָך אַן אַמבולאַנס, וועסטו שלעכט פאָהרען, משה!

איך: אָבער איאָ איך קען אינטערוויוען? זעהסטו שוין!...



איך: האָסטו עפּעס קינדער? אויב יאָ — וויפיל? און אויב ניט — וואָרום ניט?
זי: כ'האָב זעכצעהן קינדער, זאָלען זיי מיר זיין געזונט!
איך: דאָס איז ווירקליך זעהר שעהן פון דיין זייט!
זי: פון אונזער ביידענס זייט, משה!

(פּאַוזע.)

איך: קענסטו מיר פּילייכט זאָגען, אויב דיין מאַן איז צו אירגענד וועלכער צייט, זייט די לעצטע 84 יאָהר, געשטאַנען אין אירגענד וועלכער דירעקטער אָדער אינדירעקטער, אַקטיווער, פּאַסי־ווער אָדער נייטראַלער פערפּינדונג מיט אירגענד וועלכען טראַסט, אינדוסטריעלע קאָמבּינאַציע, קאָאָפּעראַציע, אָדער קענדי־סטאָר ביזנעס?
זי: אויף זיכער ווייס איך ניט, אָבער אויף דיר איז אַלעס צו גלויבען.
איך: דו גיסט אַלזאָ צו, אַז דער מאָרד פון דער מיסעס קאַטשקע איז בּעגאַנגען געוואָרען אויף דעם דירעקטען בעפעהל פון דיין מאַן?
זי: איך האָב דאָס ניט געזאָגט!
איך: דו האָסט דאָס יאָ געזאָגט.

(פּאַוזע.)

איך: פרעגעלסטו אַמאָל קאַרשען־איינגעמאַכטס?
זי: אַמאָל.
איך: אויב אַזוי, קענסטו מיר פּילייכט זאָגען וויפיל צוקער עס געהט ביי דיר אַוועק צו אַ פֿאָד מיט ווייסע קאַרשען?
זי: דו ביזט מיר היינט צו קלוג, משה!
איך: כ'זאָל עס דענקען.
זי: אָט האָסטו מיר שוין אויפגעוועקט אייזיק'ען!
איך: געוועהר מיינד אייזיק! האַלט מיך ניט אָב, וואָרום די נעדאַנקען האָבען זיך ביי מיר צוהוליעט. אַלזאָ, צו דער זאַך, וואָס דענקסטו וועגען דער שמיטה־פראַגע אין ארץ־ישראל? דענקסטו אַז

# אַן אינטערוויו מיט מיין ווייב

אי ך: ביזטו דאָס די געוויסע מיסעס, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פענסטער־פוצער מוצאי „לייבאָר־דעי“ אין יאָהר 1903?

זי: ס'טהוט מיר לייד צו זאָגען, אַז יאָ.

איך: אויב אזוי, וויל איך דיך אינטערוויוען.

זי: אונטער — וואָס?

אי ך: אינטערוויוען! אינטערוויוען! אינטערוויוען!

זי: זעה נאָר ווי ער האָט זיך דאָס אביסעל צושריען, דער משוגע'נער קאָפּ! אונטערוואַיע, אונטערוואָיע, אבי שריי ניט!

אי ך: געהט עס!

זי: געהט עס!

אי ך: קענסטו מיר ניט ערקלעהרען, מאדאם, ווארום ביי דיר איז פאראַן אזוי פיעל פליגען און פאר וואָס טשעפּען זיי פרעמדע מענשען, און פאר וואָס לאָזטו זיי ארומגעהן הונגעריגע?

זי: פון דיינע גרויסע פערדיענסטען קען מען אפילו איין פליג אויך ניט אָנהאָדעווען.

אי ך: קיינע פערזענליכקייטען, מאדאם! ענטפער וואָס מען פרעגט דיך.

זי: משה, וועסט מיר אויפוועקען די קינדער!

איך: און ווארום שטעהען ביי דיר די טעפּלעך ניט צוואַוואַשען? און ווארום ליעגט דאָס בלעטעל לאָקשען אויף אַ קויטיגען האנדטוך? און ווארום הענגט ביי דיר דאָס יום טוב'דיגע קליידעל אויף דער קליאמקע פון טהיר?

זי: משוגע'נער, מיינע צרות אויף דיין קאָפּ!..

(פּאַוזע.)

ניט טראַנספּאָרטירען קיין ליטעראַטור. די פראַגע איז אָבער, ווי אַזוי ערציהט מען אַזאַ נפש? אום אויסצוזעהן ווי אַ קאָמי־וואָיאַזשאָר דאַרף מען האָבען אַן אָנגעגעסענעם פּנים, דערצו פאָדערט זיך עסען אַלע טאָג אַ גוטען מיטאָג. הייגט פרעגט זיך, צי וועט זיך געפינען צווישען אונז אַזאַ מיאוסע בריה וואָס וועט זיך ערלויבען, אין דער צייט ווען אַרבייטער הונגערען אָדער לעבען אין דחקות, זיך אָנטהון וואוילטאָג, כדי צו בעקומען אַ פּאָר שעהנע באַקען?

— געוויס ניט!... — האָבען אַלע ווי איינער אויסגעשאָסען.

— און דערצו האָט דער פּאָרזיצענדער פּאָרטגעזעצט — פאָדערט זיך צו רויכערען אַ גוטען סיגאַר, שטעהען אין אַ ליכטיגען רייכען צימער אין אַ האָטעל, געפינענדיג זיך אויפ'ן וואקזאַל מוז מען שטענדיג זיצען אין ערשטען קלאַס צווישען גראָבע, אָבגעגעסענע בורזשויען...

— אוי, ווי עקעלהאַפט! — האָבען אַלע חברים אויסגעשאָסען.

— אויסער דעם — האָט דער פּאָרזיצענדער ווייטער געדראָהט — מוז מען אויף יעדען אָרים־געקליידעטען, אויף יעדען הונגעריגען קוקען פון אויבען אַראָב, מיט פעראַכטונג.

— ניין, פאַר קיין פאַל ניט! — האָבען אַלע בייז אויסגעשריען.

— אַלזאָ געפינט זיך צווישען אייך קיינער ניט, וואָס וויל זיך אונטערנעהמען שפּיעלען די דאָזיגע ראָלע?

— קיינער ניט! — האָבען אַלע ווי איינער געענטפערט...

נור פּלוצים האָט זיך איינער אָבגערופען, און מיט פרום־פערגלאָצטע אויגען האָט ער געזאָגט:

— איך טהו עס פון דער פּאַרטיי וועגען... איך נעהם אָן דעם פאָרשלאַג צו לעבען אַ גוטען טאָג...

די מיטגליעדער האָבען זיך איבערגעקוקט און איינער דעם אַנדערן האָט אויסגעדריקט זיינע התפעלות פון אַזאַ חבר, וואָס וויל זיך אַזוי ווייט אויפאָפּפערן פאַר דער הייליגער אידעע, און ער איז געוואָרען פערעכענט פאַר אַ הייליגען...

— צו מאָגער זעהט ער אויס. —האָט אַ צווייטער בעמערקט— דאָס איז זעהר פערדעכטיג.

— נו, דערצו איז שוין קיין מיטעל ניטאָ! — האָט אַ צווייטער געענטפערט.

דער פּאָרזיצענדער האָט אָבער דערויף זיך אָבגערופען:

— מיר דאַכט, אז עס וואָלט געווען צוועקמעסיג צו האָבען אין דער אָרגאַניזאַציע אַ מיטגליעד, וואָס זאָל אין גאַנצען אויסזעהען ווי אַ בורזשוי. מיט אַזאַ וואָלט שוין קיין דורכפאַל ביים איבער־פיהרען ליטעראַטור ניט געשעהען.

— וואָר־זשע נעהמט מען אַ בורזשוי צווישען אונז? — האָט איינער טיעפזיניג געפרעגט.

און אַ צווייטער האָט איבערגעשלאָגען:

— וואָס הייסט, וואו נעהמט מען? און אז דו וועסט יאָ נעהמען, וואָס טויג אונז אַ בורזשוי? ווי קען מען אַ בורזשוי אַנטרויען קאָנספּיראַציע?

דאַן האָט דער פּאָרזיצענדער ערקלערט:

— מען מיינט ניט, נאַטירליך, אַ בורזשוי ממש. מען דאַרף נור האָבען אַזאַ, וואָס זעהט אויס ווי אַ בורזשוי. אבער, נאַטירליך, דאַרף ער זיין אונזערער אַ טרייער פּאַרטיי־מאַן. אַזוי ווי אָבער ביי אונז זיינען קיין בורזשויען ניטאָ, דאַרף מען אַזאַ מין זעהן אויס־ארבייטען, פּראָדוצירען הייסט עס.

די איבריגע מיטגליעדער האָבען דעם פּאָרזיצענדען ערשטוינט אָנגעקוקט.

— וואָס הייסט?

דער פּאָרזיצענדער האָט ערקלערט:

— די זאַך איז איינפאַך. מיר מוזען האָבען אַזאַ מיטגליעד אין אונזער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קענען פראַנק און פריי ארומ־פאָהרען איבער די באַהנען, זיך געפינען אין פערשיעדענע וואַקזאַלען און זאָל האָבען אַ מיאוס אויסזעהן, דאָס הייסט אַן אויסזעהן פון אַ קאָמי־וואָיאַזשאָר...

— פוי! — האָבען די מיטגליעדער אויסגעשפּיים.

— פוי הייגט, פוי מאָרגען! מען מוז! אנדערש קען מען

# דער הייליגער

א שווערע צייט איז דעמאָלט אין דער אָרגאַניזאַציע געווען. מען האָט געדאַרפט איבערפיהרען „ליטעראַטור" אין די ארומיגע שטעדטלעך און מען האָט איינעם נאָכ'ן אנדערען אַרעסטירט אויף די וואקזאַלען. עס האָט ניט געהאָלפען קיין שום קאָנספּיראַציע, פונקט ווי די מאוס'ע זשאַנדאַרען וואָלטען אין הימעל א שר געהאַט און יענער וואָלט אַלץ אויסגעזאָגט.

נאָכדעם ווי מען האָט פינף חברים אַרעסטירט האָט די אָרטיגע אָרגאַניזאַציע געמאַכט א פערזאַמלונג צו בעטראַכטען אַן עצה.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס גאַנצע אונגליק בעשטעהט אין דעם, וואָס יעדער חבר גיט זיך אַליין אַרויס מיט זיין אויסזעהען און מיט זיין הילוך און מען האָט אַריינגעטראָגען א פאָרשלאַג, אַז בשעת מען פיהרט „ליטעראַטור" מוז מען מתיר מאַכען אַנשטאַט א בלוזקע טראָגען א ווייסע מאַנישקע, מיט א קראַגען.

מען האָט גלייך איינעם פון די געגנאָסען געשיקט אין א גאַלאַנ־טעריע־געשעפט צו קויפען א פאַפּיערענע מאַנישקע מיט א פאַפּיערע־נעם קראַגען און מען האָט געוואָרפען גורל ווער עס זאָל עס אָנטהון לשם קאָנספּיראַציע.

דער גורל איז אויסגעפאַלען אויף חיים „דעם אינטעליגענט".

— אוי וועה! — האָט ער אויסגעשריען, דערהערענדיג דעם פינסטערן גורל, און מיט א מינע פון א פער'משפּט'ן האָט ער זיך גענומען אָנטהון די מאַנישקע מיט'ן קראַגען.

נאַטירליך איז עס ביי איהם ניט אַזוי גוט געגאַנגען, און דריי חברים זיינען איהם געקומען צו הילף.

נאָכדעם, ווי ער איז שוין געשטאַנען אָנגעטהאָן און האָט אויס־געזעהען ווי א חתן, האָט דער עולם איהם בעטראַכט.

— אצינד וועט מען איהם ניט אַרעסטירען! — האָט איינער געזאָגט — ער זעהט אויס ווי א בעל־הבתיש בחור'ל.

אין א פערטעל שעה ארום, מיר זיינען שוין אָבגעפאָהרען א האלבע סטאנציע, קומט צו דער קאָנדוקטאָר מיינער! וואו קאָנ־טראָליאָר, ווער קאָנטראָליאָר — אַן אויסגעטראַכטע מעשה! איך בין אזוי צוטומעלט געוואָרען, אז איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו טהון. דאָ הער איך, ווי דער קאָנדוקטאָר רופט זיך אָן: נו, לייבעל, וואָס שווייגסטו? היינט וואָס טהוט מען דאָ? — זאָל איך איהם געבען דעם בילעט, היינט וואָס וועט ער האָבען? ער קען נאָך פאראיבעל האָבען... מילא, איהר וועט פון מיר לאַכען — איך האָב ארויסגענומען צוויי גילדען און האָב איהם געגעבען. איך האָב מיך, גלויבט מיר, געשעמט צו געבען איהם דעם בילעט... עס האָט פשוט ניט געפאַסט!... שטענדיג פאָהרסטו אָהן א בילעט, מיט א מאָל וועסטו פריש און געזונד און משוגע און גיסט איהם א בילעט... עס פערשטעהט זיך, עס האָט מיך געקאָסט די מעשה גענוג געזונד. איך בין פון דער דאָזיגער נסיעה בדלות געוואָרען. ארום און ארום האָט זי מיך געקאָסט 12 גילדען, נאָר טהו, מאַך, איך האָב ניט געקענט מיט'ן קאָנדוקטאָר איינרייסען... עס האָט ניט געפאַסט... און דער עיקר — איהר וועט מיר גלויבען — איך האָב מיך פשוט געשעמט צו געבען איהם דעם בילעט...

איז אַן איידעלקייט פון אַ גוי... מיט מיר איז איינער פון זיי אַ גוטער ברודער און גראָד קומט מיר דאָס רוב אויס מיט איהם צו פאָהרען — ער ווייסט, ווי מען רופט מיך, קלאַפּט מיר שטענדיג איבער׳ן פּלייצע און רופט מיך: מאַלאַדיעץ לייבעל! ער האָט טאַקע פון מיר איבערגענומען אַ היבשע מטבע — שוין פופצעהן יאהר אַז מען פאָהרט אין שטאדט אריין נאָך סחורה אכט מאָל אַ יאהר! אמאָל גיב איך איהם אויסער די צוויי גילדען אַ מתנה: אַ הערינגעל, אַ פּאָר זויערע אוגערקעס — מען קען ניט זיין קיין חזיר... און ער איז טאַקע ווערטה... נאָך אַלע זאכען טהוט ער אידען טובות, עס קאָסט פּאָרט בילינער, ס׳איז דאָך נאַריש!... איין מאָל נאָר איז ער אויף מיר שיער ניט אין כעס געוואָרען... און ער איז געווען גערעכט. איך האָב מיך אָבער פערכאַפּט: ס׳האָט מיך אפילו געקאָסט יענע נסיעה אַ שעהנע פּאָר גראָשען און ווער איז אַלץ שולדיג — עפּעס אַ נארישער איד איינער! אויפ׳ן וואָקזאַל האָט ער צווישען אונז געמאַכט אַ מהומה: באשר עס פאָהרט זעהר אַ בייזער „קאָנטראָליאָר“ און מען מוז נעהמען בילעטען! איך האָב אפילו לכתחלה געלאַכט: וואָס הייסט אַ קאָנטראָליאָר? דער קאָנדוקטאָר וואָלט אודאי גלייך צו וויסען געגעבען, האָב איך איהם אָבער בשום אופן ניט געפונען... מילא פערפאַלען — מען מוז נעהמען אַ בילעט — אכט בלוטיגע גילדען! היינטיגע פרנסות! פערפאַלען! גענומען אַ בילעט! איך געה אריין אין וואַגאָן — ס׳איז אַ מהומה. עס פאָהרט, זאָגט מען, זיכער אַ קאָנטראָליאָר און יעדער וואָרענט דעם אַנדערען: אַ בילעט, למען השם, אידען, האָט בילעטען! נו, טראַכט איך מיר, אַבי איך האָב! און מיין קאָנדוקטאָר זעה איך ניט! דער צוג נעהמט זיך ריהרען, איך שטעה מיר אָנגעשפּאַרט אַן פענסטער און טראַכט פון די איבריגע עטליכע גילדען און עס רייסט מיר אויס אַ שטיק הארץ; היינטיגע פרנסות! און גלאַט מוז איך אייך זאָגען, בין איך ניט געוועהנט געווען צו פאָהרען מיט אַ בילעט — געה היט זיך מיט איהם! אַלע ווייַלע טאַפּ איך איהם אין קעשענע צי ליעגט ער, דער קאָפּ איז פערדרעהט, און צו אַ בילעט בין איך ניט געוועהנט — איך קען איהם נאָך פערליערען

פאָהר איך מיר שטענדיג אָהן אַ בילעט. און הלואי ווייטער! אמת, די ערשטע צייט פלעגט מיר דאָס הארץ קלאפען ווי ביי אַ גזלן, ווען איך פלעג אריינגעהן אין וואגאָן אָהן אַ בילעט. אַ קלייניגקייט, מען שפיעלט זיך דאָ מיט פאָניע'ן! צוריק גערעדט קומט על פּי זאקאָן דערפאר ניט קיין גרויסער פּסק. על פּי זאקאָן דארפען „זיי" נאָר אראָבווארפען ביי אַ סטאנציע, און דאָרטען פרעגט דער נאטשאלניק־סטאנציע אַ פּאס, דעם נאָמען און מאכט אַ פּראָטאָקאָל, אמאָל אז דו פערגעסט דעם פּאס אין דער היים, צי די האָסט נאָר קיין פּאס ניט, שיקט מען דיך אָב מיט'ן עטאפּ, ס'איז אויך ניט קיין גרויס אונגליק... כאָטש ס'ווענדט זיך פאר וועמען... פאר מיר, למשל, וואָלט דאָס געווען אַ הריגה — מיין קראָם וואָלט אין גאנצען חרוב געוואָרען. נאָר הלואי ווייטער. מיך האָט מען נאָך קיינמאָל ניט אראָבגעפיהרט, ווייל נאָך אלע זאכען בין איך פאָרזיכטיג. אמאָל, למשל, האָט זיך געטראָפען אז איך האָב ניט געהאט קיין בילעט און ס'איז גראָד געגאנגען אַ „קאָנטראָליאָר", בין איך געפאלען אויף אַ שכל און בין ארונטערגעקראָכען אונטער אַ באנק און גלויבט מיר, אז דאָרטען איז גאָר ניט אזוי שלעכט — געראַומער ווי אין וואגאָן. די גאנצע זאך איז, וואָס אויך אונטער'ן באנק ביזטו ניט זיכער. וואָרום אנאנדער קאָנטראָליאָר, אַ שונא ישראל, למשל, הייסט זוכען אונטער'ן באנק. דעמאָלט האָט מען גראָד ניט געזוכט, איך האָב געהאט מזל. מען דארף צו אלץ האָבען מזל... נאָר דאָס האָט מיר נאָר איינמאָל געטראָפען און יענע נסיעה האָלט איך פאר דער בעסטער: עס האָט טאקע גיט געקאָסט קיין גראָשען. דעם קאָנדוקטאָר גאָרנישט געגעבען... אזוי אָבער קאָסט דער קאָנדוקטאָר, קיין ספק גיב איך איהם ניט — אַ צוויי גילדען! ס'איז געגוג פאר איהם, מאָלט אייך, אז ער האָט אזוינע ווי איך אין די צעהנדליגער... דאָס רוב זיינען די קאָנדוקטאָרען ניט קיין שלעכטע: גיסט אוועק איהם די צוויי גילדען — זעהסטו, אז ער איז דיינער אַ פריינד, כאָטש אַ איד — זיי האָבען יושר... מיינע קאָנדוקטאָרען — אלץ בעקאנטע — זיינען שוין נאָר פיינע גוים! אין גרונד גענומען, קומט דאָך דעם קאָנדוקטאָר די צוויי גילדען! פונדעסטוועגען בעדאנקט ער. זאָגט אייך, וואָס איהר ווילט, דאָס

# דער באַהן־בילעט

(אַ שמועס אין וואַגאָן)

...איהר פאָהרט מיט א בילעט? — א נארישקייט, א גרויסע נארישקייט: הלמאי זאָל מען פּאַניען אָנשטאָפּען מיט געלד? מען זאָגט אפילו, אַז פּאָליאַקאָוו האָט אויך אַ חלק אין באַהן, נאָר וואָס מיינט איהר איז פּאָליאַקאָוו! ער האָט שוין אפילו לאַנג פערגעסען, אז ער איז אַ איד... נאָר מיר דאַכט, אַז מיט דער ליניע איז ער ניט קיין שותף... און אפשר יא — נאָר אַזוי צי אַזוי, אַ בילעט נעהמען איז אַ נארישקייט... ס'איז ארויסגעוואָרפען געלד! איהר וועט זאָגען יושר! וועל איך אייך פרעגען צוריק, וואו איז ביי זיי יושר? אָט פאָהרען מיר שוין די דריטע סטאַנציע און מיר האָבען נאָך אַלץ ניט וואו צו זיצען! צונויפגעשטיקט ווי געגז... קראַנק זיינען זיי געוועזן צוטשעפּען נאָך אַ וואַגאָן, צי טאַקע נאָך צוויי... און גלאַט וועמעס כחות איז צו בעצאָהלען פאַר אַ גאַנצען בילעט? מילא איהר פאָהרט איין מאָל אין אַ שמיטה, קענט איהר זיך פערגינען צו קויפען אַ בילעט, אבער איך, פערשטעהט איהר מיך, בין אַ איד אַ קרעמער, פאָהר אַכט מאָל אַ יאָהר נאָך סחורה, און מיר וואָלט מיין גאַנצע קראָם ניט אויסגעטראָגען, איך זאָל קויפען יעדעס מאָל אַ בילעט. אַז איך פאָהר מיט'ן „קאָנדוקטאָר", מאַך איך אויך ניט קיין גרויסע גליקען. אמאָל טרעפט זיך, פאָהר איך נאָך אַ פעסעל הערינג, למשל, און איך זאָל נעהמען אַ בילעט, וועל איך שוין מוזען ארויפציהען אויף יעדען הערינג אַ גראָשען און אַז איהר וואָלט געקענט אונזערע קונדען, וואָלט איהר פערשטאַנען, ווי אַזוי דאָס איז גוט: אונזערע קונדען ווילען אייך אַ יאהר ניט פערזוכען קיין שטיקעל הערינג און ווילען אָבקומען מיט אַ ציבעלע, אַבי דער קרעמער זאָל ניט אויספיהרען. אַזוינע מינים קונדען זיינען דאָ אין שטעדטעל!

נאָך בעסער פון א דאָקטאָר. איך האַלט פון אייך, יונגערמאַן, זעהר שטאַרק, אָבער גאָר שטאַרק. ביטע, קאָמען זי אריין צו מיר אמאָל... איך וועל שטעלען דעם סאַמאָוואר און מיר וועלען זיך דורכשמועסען ווי איינגענע מענשען. גראַדע יעצט האָב איך קיין צייט ניט פיעל צו פערברענגען מיט אייך. געשעפט, פערשטעהט איהר מיך... זעהט־זשע קומט צו געהן צו מיר. איהר וועט זיך ביי מיר אין שטוב פיהלען ווי אין דער היים. א ווארימע שטוב, א בעל־הבתישע שטוב. און קינדער שעהנע, לייטישע קינדער... קומט צוגעהן, למען השם!

אצינד גיט מיר, זייט מוחל, מיינע צעטלעך, און זאָל דער אויבערשטער העלפען איך זאָל שוין זוכה זיין קומען אהער נאָך אנדערע סאָרטען צעטלעך... חתונה צעטלעך... ביי מיינע טעכטער, הייסט דאָס... און מאַקע ביי אייך אויך... און זייט מיר געזונד, און האָט אייך א גוטען תמיד, און אדיע!...



א לעבעדיגען אָקס און אין איין רגע קומט ארויס פון דער צווייטער זייט א געבראָטענס שוין פארפראוועט מיט ציבעלקעס, מיט שמאלץ, מיט אלע גוטע זאכען. רוף איך זיך אָב: פש!! ס'א וואזשנע חכמה דאָס איז! אָט זאָל מען מיר אויסקלערען א מאשינע, אז פון איין זייט זאָל אריינגעוואָרפען ווערען א געבראָטע־נער שטיקעל פלייש, און פון דער אנדערער זייט זאָל ארויס א לעבעדיגער אָקס! דאָס וואָלט זיין א קונץ! אָדער זאָל מען דער־קלערען אזא מאשין וואָס זאָל אליין חתונה מאכען א טאָכטער, א בתולה, דאָס וואָלט זיין אַן אויפטהו! א דרעה דעם ראָד: זש־זש־זש! — און שוין חתונה געהאט. אָבער אזא ניצליכע זאך, א תוך־זאך וועט מען קיין מאָל ניט בעקלערען. היינט צו וואָס טויגען די אלע שמאָכטעס, מיט די קונצען, מיט די ספרוזשינקעס?

איהר שמייכעלט, יונגערמאַן; איהר בעטראכט מיך און איהר לאכט מיך אויס מסתמא שטילערהייט; ארט דאָס מיך אויף ניט. נאָר דוכטען דוכט זיך מיר אז איהר זיינט ניט קיין היגער, א ליטוואק זיינט איהר, מחמת א ליטוואק האָט א טבע איינהערען זיך, גוט איינהערען זיך און שטיל שווייגען... איך מיין ניט צו זאָגען שלעכטס אויף אייך. חס ושלום! פערקעהרט, איך קען שווערען אז איהר טהוט קיין מאָל ניט אויס דעם טלית קטן. ווארום? ווייל איהר טהוט איהם קיין מאָל ניט אָן, כע־כע־כע! אָבער איאָ כ'האָב געטראָפען? ווי איהר קוקט מיך אָן בין איך נאָר א גוטער טרעפער. בלויז צוויי זאכען איז מיר שווער צו טרעפען: ווי מען פיהרט אריין דעם שבת אין שטוב אריין, און ווי מען מאכט חתונה א טאָכטער א בתולה...

פון דעסטוועגען האָב איך דוקא האָלד א ליטוואק, און טאקע מחמת ער הערט זיך צו וואָס מען רעדט. איהר מעגט וויסען אז איהר האָט ביי מיר זעהר אויסגענומען. אבער זעהר און זעהר אויסגענומען. טשיקאַווע בין איך נאָר צו וויסען, וויפיעל א שטיי־נער פערדיענט איהר דאָ א חודש? אודאי א פופציגער, און אפשר אלע זעכציג; היינט וויפיעל פאלט אייך שוין אריין פון דער זייט?... איהר האָט א וואוילע פרנסה. איהר קענט זיך אזוי ענדיגען אויך — אויף ראבינער מיין איך, און דאַן איז דאך אייך

אַז איך וואָלט יעצט בעגעגענט אונזער אַלטען משה רבינו, וואָלט איך צו איהם אַזוי געזאָגט: ר' משה, ר' משה! וואָס טויג דיר מאוס מאַכען זיך מיט דם, צפרדע, שפּאַלטען ים'ען, ציהען שלאַנ־גען? ווילסטו צייגען אַ נס, אַ גרויסען נס, מאַך מיר חתונה דריי טעכטער בתולות אין איין טאָג, דאַן, ערשט דאַן וועט די גאַנצע וועלט מודה זיין אַז דו ביזט אַ געטליכער מענש.

וואָס קוקט איהר מיך אָן, יונגער מאַן? ווארום מאַכט איהר מיר ניט צורעכט מיין צעטעל, מיינע צעטלעך, הייסט דאָס? איהר דאַרפט וויסען אַז איך האָב קיין צייט ניט, זעהר קיין צייט ניט. גוט איז אייך, אַז אייער צייט קאָסט ניט קיין געלד, מיין צייט איז אָבער געלד, מזומן געלד. איך בין אַ איד אַ טרוד, פערשטעהט איהר מיך, אמת, קיין גרויסער פערדיענער בין איך ניט, אָבער קיין קליינער אויך ניט. ניט מעהר, אַמאָל פערדיענט זיך עפּעס, און אַמאָל ניט. יעצט דוקא פערדיענט זיך גאָר ניט, אבער ווייסט איהר ווי אַזוי גאָר ניט? לחלוטין גאָר ניט! נאָר גאָט איז אַ פאָטער: פון הונגער שטאַרבט מען ניט. און טאָמער פעהלט מיר יעצט אויס אַ ציגאַר טיטון וועל איך דאָס מקבל זיין פון אייך... איהר רויכערט דאָך מסתמא, ניט אמת, האַ?... אַזו יונגערמאַן ווי איהר, רויכערט אַ גוטען ציגאַר, ניט אמת, האַ? האָט איהר אויך אַ שוועבעלע?..

ס'איז גאָר ניט קיין שלעכטער פּאַפּיראָס, אבער טאַקע גאָר ניט קיין שלעכטער. ניט מעהר, ס'איז אַביסעל צו גרינג. איך האָב ליעב „קרעפּקע", נאָר ס'איז גוט אַמאָל איבערבייטען. איך דערקען אָן דעם פּאַפּיראָס אַז דאָס איז אייגענע געמאַכטע... איהר קויפט אַליין מסתמא די גילזען און איהר שטאָפּט זיי אָן מיט טאַבאַק. דאָס איז דוקא אַ שכל. איך האָב ניט לאַנג געזעהן די מאַשינע אויף וועלכע מען מאַכט די גילזען. אר־ווא, איהר זאָלט אָנקוקען אַ גרויס פון אַ מאַשינע! ס'איז ביי מיר אַ גרויסער ספק צי זי וואָלט זיך אריינגעשטעלט אין דעם ווייבערשען שיהלכען. עס האָט אפשר תרי"ג רעדלעך, מיט שרייפלעך, מיט ספּרוזשינקעלעך, מיט פּאַסיקלעך... אַ מאָדנע וועלט געוואָרען, אויף אַלעם דערקלערט מען דיר אַ מאַשינע! כ'האָב ניט לאַנג געהערט אַז מען האָט שוין אויסגעקלערט אַזא דריידעלקע, אַז פון איין זייט וואַרפט מען אריין

א שטייגער וואָהגט דער ראבינער? די גאַנצע הויז מסתמא בעוואָהנט ער. ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען: ס'איז גאָר ניט שלעכט צו זיין א ראבינער. אין א סך פּרטים איז דאָס נאָך בעסער ווי א דאָקטאָר. ווייל א דאָקטאָר נעהמט א האלב קערבעל און מוז דערפאר זעהן דעם צונג, קנעטען דעם בויך און מאוס אריינקריכען ווייס איך וואו... פע! א ראבינער אָבער נעהמט זיך א קערבעל און פערשרייבט, נאָך א קערבעל און פערמעקט...

א שטייגער, כדומה למשל, ווען איך וואָלט געענדיגט ראבינער, כע־כע, ראבינער, מיינט איהר וואָס וואָלט איך געטהאָן? ראשית חכמה וואָלט איך גאָר קיין געלד ניט נעהמען פאר די דאָזיגע צעטלעך פון די נולדים. איהר זאָלט נאָר ניט מיינען אז איך בין דערמיט אויסען מיין צעטעל, חס ושלום! איך וועל סיי ווי ניט בעצאָהלען, ווייל אז איך זאָל וועלען צאָהלען פאר אזוינע שמאָכטעס, וואָלט מיר ניט געסטייעט קורח'ס אוצרות, מחמת מיינע פיער שניר און דריי טעכטער (די אויסגעגעבענע) האָבען צווישען זיך געמאכט יד אחת אלע ניין חדשים געלעגען צו ווערען, כע־כע־כע.

והשנית, אז איך וואָלט געענדיגט ראבינער, וואָלט איך דאָ אויפ'ן טיש אוועקגעשטעלט א פלעשעלע מיט א גלעזעלע, און אָנגעפילט וואָלט איך דאָס מיט שרף טוב, און איטליכער וואָס קומט נעהמען א צעטעל פאר א נולד זאָל זיך אָנגיסען פון פלעשעלע אין גלעזעלע און מאכען א ברכה, און דער שרייבער זאָל איהם צו־ווינשעווען לחיים. פערשטעהט זיך, אז אייגער קומט נעהמען צוויי צעטלעך זאָל ער צוויי מאָל טרינקען לחיים...

וואָס נאָך וואָלט איך אויפגעטהאָן, ווען איך וואָלט ענדיגען אויף ראבינער? איך וואָלט תיכף ומיד חתונה געמאכט אלע מיינע דריי טעכטער בתולות אין איין קלאפּ. ווייסט איהר, ר' קרוב, וואָס בעדייט א בתולה חתונה צו מאכען? נאָר ווי קומט איהר וויסען וואָס דאָס בעדייט? איהר זיינט דאָך נאָך א בחור, מסתמא... דאָס איז, פערשטעהט איהר מיך, א געוואלדיגע און קונציגע שטיק ארבייט. דאָס קומט אָן בקריעת ים־סוף. ווייסט איהר דעם טייטש דערפון? דאָס הייסט רייסען א ים. דאָס האָט געקענט בעווייזען א משה רבינו.

בעשריבען מסתמא גאַנץ וולעדניק, הא, ניט אַזוי? כ'וואָלט וועלען זעהן די „קניהע" וואו איך מיט מיין געזינדעל, קיין עין הרע, שטעהען. זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז דאָרט אויסגעמעקט דאָס קליינס, יענער חברה־מאן וואָס האָט זיך אָבגעטראָגען מיט א 12—15 יאהר צוריק פון שקאָרלאַטין? ער שטעהט נאָך מסתמא ביי אייך דאָרט א לעבעדיגער, און פאַניע וועט איהם מאַהנען צום פריזיוו, און מען וועט מיך פער'משפט'ן צו 300 קערבלעך שטראָף, וועל איך זיי געבען 300 קדחת און דעם ראבינער 300 מאָל אין טאַטען אריין. געהערט א רציחה? אויף וואָס דאַרף דיך דאָ וולעדניק גאָר אין גאַנצען? ווערט אימיצער געבוירען — פער־שרייב. שטאַרבט אימיצער — פערמעק.

און אַז איהר וועט שוין האַלטען ביי יענער „קניהע" וועט איהר שוין אויף טשיקאַוועס זיך איינקוקען וויפיעל יאָהרען שטעהט זי דאָרטען פערשריבען די עלטערע בתולה מיינע... דער אַלטער ראבינער, שלוקערצען זאָל זיך איהם דאָרטען אין קבר, האָט ניט געוואוסט פון זיין חיות, און האָט דאָרט מסתם איהר צוגעלעגט עטליכע יאָהר, גאָר ניט געזשאַלעוועט; מאַהלט אייך דאָס איז ניט קיין גרויסע מעלה צו א שידוך. קען מען דאָס ניט, איך בעט אייך, מתקן זיין, א מעק טהון, א שרייב טהון? איך וואָלט אייך בעפריעדיגען דערפאַר.

וואָס איז דאָ ביי אייך פאַר א פאָרטרעטעל אויפ'ן וואַנד? או־וואַ, וויפיעל מענשען אויסגעשטעלט! דאָס זיינען די סאָציאַ־ניסטען, מסתמא. איך דערקען שוין די חברה אין זייערע נעזער. זאָגט מיר אקאָרשט, וואָס הערט זיך יעצט ביי זיי, ביי די סאָציאַ־ניסטען? מען הערט שוין פון זיי גאָר ניט! אבי צוגענומען די עטליכע קערבלעך און שאַ, שטיל. איך פלעג אָבער שטענדיג טענה'ן: חמורים, גיט ניט קיין געלד, גיט ניט! האָט מען מיך ניט געפאָלגט און דוקא יא געגעבען. ס'טהוט מיר באַנג וואָס איך האָב זיך אויך ניט צוגעשאַרט צו דער שיסעל. איך וואָלט זיך שוין ניט געלאָזען נאַרען און וואָלט אויך אָבגעלעקט א ביינדעל, כע־כע.

דאָ איז ביי אייך די קאַנצעלאַריע. זאָגט־זשע מיר, וואָס איז דאָרטען? דאָרט וואָהנט דער ראבינער? אין וויפיעל חדרים

# א צעטעל

(אַ מאָנאָלאָג געהאַלטען אין קאַנצעלאַריע פון וולערניקער ראַבינער)

וואָהנט דאַ אַ שטייגער דער הערר ראַבינער? דאַ? זיינט איהר דער הערר ראַבינער? ניין? דער שרייבער הייסט דאָס? ניטאָ דער הערר ראַבינער אליין? ניטאָ איהם? אוועקגעגאַנגען מסתמא בעשווערען סאָלדאַטען, אידישע סאָלדאַטען... גיט־זשע מיר, זייט מוחל אַ צעטעל, מחמת מיין טאָכטער איז געלעגען געוואָרען, געהאַט אַ אינגעל מיט אַ מיידעל, צוויי צעטלעך, הייסט דאָס, ניט מיר. ווילט איהר מסתם וויסען די נעמען, וואַרט־זשע אויס אַ ווייליגקע, מיר וועלען זיך באַלד דערמאָנען. מכח דעם דאָזיגען ענין האָמפּערען מיר זיך שוין פון אַ פּאָר טעג. זאָל שוין זיין ווי זי וויל: דעם אינגעל פערשרייבט משה־לייב און דאָס מיידעל — טעמע־גיטעל. מאַכט נאָר ניט, איך בעט אייך, קיין טעות און פערצייכענט ניט דאָס מיידעל משה־לייב מחמת מען קען זי נאָך אָבגעבען אין סאָלדאַטען אויך...

אַי איז דאַ ביי אייך וואַרים! גוט ווי אין גן־עדן. הפּנים מען הייצט ביי אייך, און אַז מען הייצט איז וואַרים, און אַז ס'איז וואַרים איז מחיה נפשות. איך האַלט דוקא ניט זעהר שטאַרק דערפון. ביי מיר אין שטוב איז אזוי: אמאָל הייצט מען און אמאָל ניט, מעהר ניט איידער יאָ. וואָרום ניט? האָב איך אייך שוין געזאָגט, אַז איך האַלט ניט דערפון. און אגב... בתולות גרויסע אין שטוב, דרייצעהן קיין עין הרע, אַלע אין די יאָהרען, אַלע שעהן, מאַסיוו, אויסגעבאַקען, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַדען, וואַרימען זיי שוין... פערשטעהט איהר מיך.

אַר־וואָ וויפיעל „קניהעם" זיינען דאָ צושטעלט ביי אייך! אַז איך וואָלט האָבען אזוי פיעל קערבלעך וואָלט איך שוין חתונה געמאַכט מיין עלטסטע בתולה... אין די דאָזיגע „קניהעם" שטעהט

עפּעס מאָדנע ווייך, כ'טרעף ניט דאָס לעבעל, ניטאָ קיין טהיר. אָנגע־ריבען אַ מעטש — די טהיר איז אָפען. כ'צינד אויף גיך אָן די גאַז — די שופלאָדען פון ביוראָ שטעהען אויף דר'ערד און די חפצים פון אינווייניג צודרעהט אין אַ קאַשע און צושפּרייט איבער'ן פּלאָר. הכלל — גנבים. ווי עס האָט אויסגעוויזען זיינען די גנבים געווען מלא רציחה, און זיי האָבען אויסגעלאָזען זייער כעס צו אַ פּאָר אונטערהויזען, מיט רעספּעקט צו זאָגען — דיעזער בגד איז געווען צופּאַלמעסט אויף עטליכע טהייל און צוטראָטען מיט די פיס און צוביסען מיט די צייהן.

— ניט מעהר זאָלען זיי לעבען, וואָס זיי האָבען דאָ געפונען צו גנב'ענען — זאָגט מיין ווייב — און דער גליק איז, זאָג איך דיר, וואָס מיין וואַטשקע און דער אַלבום זיינען אין פּאָן שאַפּ; איך ווייס גאָר ניט ווי גאָט צו דאַנקען, נאָך שולדיג דעם פּעדלער אויף דעם מעהר ווי העלפט. וואָס וואָלט איך פּאָרט אָנגעהויבען צו טהאָן? אַ גליק, זאָג איך דיר, אַ גליק!



זי האָט זיך פון גרוים שמחה צואווײנט און געכאַפּט קושען די קינדערלעך.

4.

## „שולמית“ קומט מיר צו הילף.

קומענדיג אהיים פון דער ארבייט, האָב איך באַלד דערקענט אָן מיין אידענע, אז עפּעס וויכטיגעס, גרויסעס, קאָלאָסאַלעס האָט היינט פּאַסירט. און איך האָב געטראָפען. וואָס איז? די מיסעס פון נעקסט דאָר האָט צוויי טיקעטס אויף היינט ביי־נאַכט, און שפּיעלען שפּיעלט מען „שולמית“, און פאַר „שולמית“ געהט מיין ווייב פּראָסט אויס, דאָס לעצטע העמד וואָלט זי אוועקגעגעבען פאַר „שולמית“. מיידעלווייז האָט זי געזעהן „שולמית“ אפשר הונדערט מאָל. איז אָבער דאָ אַ גוטער גאָט, און ביי דער מיסעס פון נעקסט דאָר האָט זיך היינט צושפּיעלט די „ראָמאַטעס“ און זי קען פון בעט ניט אראָב, וועט זי שוין היינט אין טהעאַטער ניט געהן, און דער מאַן איהרער וועט די גאַנצע נאַכט מוזען קאָכען הייסע טיכער פאַר איהר — בלייבען ליגען די צוויי טיקעטס פאַר „שולמית“, און זי בעט זיך מען זאָל זיי ביי איהר צונעהמען כאָטש אומזיסט. זי וועט נאָך צוצאָהלען, — ערקלעהרט מיר מיין ווייב, — מיר וועלען עס האָבען פאַר אַ ליטעל נאַטינג, וויים איך דאָרטען, פאַר אַ קליינינג־קייט, פאַר אַ גאָרנישט.

אויף גיך איינגעשלונגען דעם סאַפּער, פערשלעפּערט די קינדער, ווען מיט גוטען, וועמען מיט בייזען, איינע האָבען מיר געלאָזט וויינענדיג, און אנטלאָפען צו „שולמית“.

מיר האָבען נאָך געפונען דעם טהעאַטער פערשלאָסען און מיר האָבען זיך ארומגעדרעהט אויף דער בויערי. און, איך שווער אייך, קיין גליקליכערער מענש פון מיין ווייב דיעזען אָבענד האָט קיינמאָל ניט בעטרעטען דעם שוועל פון דיעזען טעמפּעל פון קונסט.

* * *

גאַנץ שפּעט, אז מיר זיינען געקומען פון טהעאַטער און איך האָב גענומען מיט'ן פּעטענט־שליסעל טאַפּען די טהיר — ס'איז

איך לייהען אין גראָסערי, גיב מיר נאָך א טאָלער, וועל איך געבען צוויי טאָלער דעפּאָזיט.

איך האָב אויסגעזוכט א פענסעל און אויסגערעכענט, אז דער חשבון איז ריכטיג, מיר וועלען האָבען דריי רומס פאר צעהן דאָלאַר. איך האָב אויסגעקראַצט די לעצטע עטליכע סענט, אויף סיגארעטס זיך ניט געלאָזען, און איהר אוועקגעגעבען.

זי איז אראָבגעלאָפען און באלד ארויפגעקומען א גליקליכע.

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט! צוכאַפּען האָט מען געוואָלט די רומס! די הויזקיפּערקע איז אָבער געשטאַנען און געוואַרט אויף מיר. נאָך א גליק, וואָס איך בין גראָד גוט אויפגעטראָגען מיט דער הויזקיפּערקע.

* * *

א זייגער זיעבען, אז איך בין געקומען פון דער ארבייט, האָב איך זיך דערוואוסט, אז מיין ווייב האָט היינט געטראָפען נאָך א גרויס גליק.

— א גליק כאָטש, וואָס ס'איז אויסגעגאַנגען צו די צוויי טאָלער — דערצעהלט מיר מיין ווייב מיט גרויס בעגייסטערונג. — אפשר איז, די שעה זאָל ניט זיין, מיין הויז בעשערט געוועזען אַן אונגליק, איז אויסגעגאַנגען צו דעם, און צו דער הויזקיפּערקע'ס קאָפּ מעג עס אויסגעהן! איך געה ארויף א קוק טהאָן אין די רומס, דערצעהלט מיר די מיסיס פון נעקסט דאָר, אז די רומס זיינען א פענע ניט ווערטה. אין קיטשען איז פינסטער, חשך, טאָג און נאַכט מוז מען פלאַקערען די געז. די מיסעס וואָס האָט ארויסגעמופט האָט צוויי קינדער — ניט דאָ געדאַכט — אָבגעבריהט איבער די חשך'-נעש. אין בעד־רום וואָס איז צו פערדינגען, וויל א הונד ניט אריינ־שמעקען, וואָרים וואָסער משוגע'נער וועט דאָס אריינגמופען אין א לעבעל גרויס ווי א פּיינ אָהן א ברעקעל ווינדע? קומט עס אויס ליגען אין זעכצעהן טאָלערדיגע רומס און נאָך דערצו פינסטער, חשך און אָבבריהען די קינדער. א גליק וואָס עס איז אויסגעגאַנגען צו די צוויי טאָלער דעפּאָזיט, דאָס ווייס איך כאָטש, אז די קינדער מיינע וועלען מיר גאַנץ זיין.

פארנאכט, אז איך בין געקומען פון דער ארבייט, איז מיין ווייב מיר געקומען אנטקעגען מיט א פערבונדענע באק און מיר דערצעהלט פון א נייעם גליק:

— גאָט צו דאנקען, געלויבט דער אויבערשטער, ארויסגענומען! פטור געוואָרען!

— וואָס איז?

— ווייסט דאָך וואָס כ'האָב זיך אָנגעליטען פון מיין צרה'דיגען באקצאָהן און אַלץ מורא געהאט ארויסצונעהמען. היינט נאָך דינער האָט מיר דער צאָהן גענומען דרעהען די אויגען פון קאָפּ, אז כ'האָב געמיינט כ'געה אויס. דאָס האָב איך זיך צוגעקיהלט היינט בעגינען ארויסקריכענדיג פון בעט א באָרוועסע, ווען איך האָב דיר צוגע־טראָגען די בייבי. היינט, האָב איך זיך געקלעהרט, מוז שוין דאָס נעהמען א סוף. איך זאָג דיר א גליק האָט מיך געטראָפען; א יאָך איז מיר אראָפּ פון קאָפּ! א גליק! א גליק!

## 3.

## די קינדער ווילען זיין גאַנץ.

— בענע — זאָגט מיין ווייב צו מיר, ארויפקומענדיג פון סטריט, — טאַקע א גליק וואָס איך בין ערשט גראָד אראָבגעגאנגען אין סטריט. גראָד דאַרף איך דערזעהן ווי מען מופט. וואָס איז דאָס פאַר רומס? ערשט איך נעהם נאָכפרעגען: ווער מופט, פון וואַנען מופט מען, וואָס איז דאָס פאַר רומס? ערשט איך געפין אויס, אז מען מופט דאָס פון די פיער רומס פון די בעק, פון טאָפּ פלאָר. מיט דער הויזקיפּערקע בין איך גוט אויפגעטראָגען, רוימט זי מיר איין איך זאָל נעהמען די רומס. און דער חשבון איז טאַקע ריכטיג: דאָ צאָהלען מיר פאַר דריי רומס דרייצעהן טאַלער, דאָרטען קאָסטען די פיער רומס זעכצעהן טאַלער, ווילען מיר פערדינגען א רום פאַר זעקס טאַלער, וועט אונז קאָסטען די דריי רומס אזוי גרויס ווי וויפיעל?
— יע, צעהן טאַלער. א גליק וואָס איך האָב גראָד דערזעהן, די הויז־קיפּערקע זאָגט, עס זיינען דאָ בעלנים ווי הינד. איין טאַלער וועל

אין הויז, און איך זעה, אַז די קינדער געהען מיר אויס. אַז עס איז אָבער בעשערט אַ גליק, דאַרף גראָד זיין דער דאָקטאָר נעקסט דאָר ביי דעם ווייבעל וואָס האָט געהאַט דעם צווילינג, רוף איך איהם אריין. ער האָט זיי ארומגעקוקט און מיר באַלד געהייסען לויפען נאָך קאַסטאָר־אויל. און פון וואָס מיינסטו איז דאָס געווען? פון די טהייערע פרוכט היינט! גאָט צו דאַנקען, אַבי ס'איז אויסגעגאַנגען צו אַ טאָלער מיט אַ קוואָדער. וואָס טהו איך, אַז דער דאָקטאָר איז גראָד ניטאָ נעקסט דאָר ביי דעם ווייבעל מיט'ן צווילינג? אַ גליק, זאָג איך דיר, אַז אמת'ער גליק האָט מיך געטראָפען!

## 2.

## ארויסגעקומען און ארויסגענומען.

אַ זייגער פינף פאַרטאָג איז מיין ווייב צוגעלאָפען צום פייער־עסקייפ און מיך גענומען וועקען:

— זעה נאָר, בענע, זעה נאָר, טאַפּ אָן!

איך האָב געעפענט די אויגען — זי שטעהט נעבען מיר מיט דער בייבי אויפ'ן האַנד.

— אַ צייהנדעלע, געלויבט דער אויבערשטער, דער ערשטער צייהנדעלע, — זאָגט מיין ווייב מיט גרויס שמחה. איך זויג אַזוי ס'קינד, מיט אַמאָל איך דערפּיהל אַזוי ווי אַ שטאָך מיט אַ נאָדעל, כ'טהו אַ טאַפּ מיט'ן פינגער אין מיילעכעל, כ'זעה אַ צייהנדעלע איז ארויסגעקומען. נאַ, זעה אַליין, טאַפּ אָן.

כ'האָב איהר צוליעב געטהאָן און אַ טאַפּ געטהאָן.

— טאַקע, אַ געזונד אין איהם, — זאָג איך גלאַט אַזוי. צו וואָס איהר פערשטערען איהר גליק?

— אַז איך וואָלט ניט געווען אַזאַ בעל־חוב, — זאָגט זי, — וואָלט איך געמאַכט אַ „פּאַרע".

— ס'וואָלט אויף נאַמנות געווען אַ יושר, — זאָג איך, און פערמאַך די אויגען.

זי איז אַוועק אין בעד־רום, טאַנצענדיג פון גרויס גליק.

* * *

# מיין ווייב׳ס גליקען

## 1.

### זכות אבות פון צווילינג.

פון גראָסערי איז מיין ווייב אריינגעקומען מיט א פולען פּארטוך און דער פּנים איהרער האָט געלויכטען פון גרויס גליק. וואָס איז? אַן עקספרעס איז ארויפגעפאָהרען אויף א פושקארט, די עפּעל, מיט די פּיטשעס, מיט די באנאנעס האָבען זיך צוקייקעלט איבער׳ן סטריט, אין רינשטאָק אריין; לויפערס האָבען זיי צוטרעטען מיט די פּיס — און דערווייל איז געוועזן א גליק פאר מיין ווייב. דער פּעדלער האָט צוזאמענגעקליבען וואָס ער האָט געקענט און פערקויפט די צו־הרג׳עטע, פערבלאָטיגטע סחורה בחצי חנם. פאר פיער פּענעס האָט מיין ווייב איינגעהאנדעלט א פולען פּארטוך מיט גוטע זאכען. זי האָט עס אויסגעשאָטען אויפ׳ן טיש און געזאָגט: עסט, קינדערלעך, וויפיעל איהר ווילט.

די קינדערלעך זיינען בעפאלען דעם טיש ווי די היישעריקען און געשלונגען וויפיעל עס איז אין זיי אריין.

— אזוי פיהרט זיך שוין די וועלט — זאָגט מיין ווייב פילאָזאָפיש, — איינעמ׳ס אונגליק איז דעם צווייטענ׳ס גליק. ווער זאָל זיך דאָס ריכטען, אז מיר וועט היינט בעשערט זיין אזא גליק און חברה האָט געשלונגען.

* * *

פארנאכט אז איך בין געקומען פון דער ארבייט, איז מיר מיין ווייב געלאָפען אנטקעגען מיט נאָך א גליק:

— א גוטער גליק האָט אונז היינט געטראָפען! זעה ווי די קינדער זעהען אויס! ביי טאָג האָבען אלע אין איין קול גענומען שרייען: די בייכער! וואָס זאָל איך טהאָן, דאָ בין איך איינע אליין

— וואָס זאָגסטו, איך האָב זיי אָבגענאַרט! איך בין זעהר צופריעדען, וואָס מיר האָבען געקויפט מילל'ס עקאָנאָמיע... אזא נאַכט ווי היינטיגע אליין איז ווערטה הונדערט טויזענד רובעל... דו מיינסט אין דער אמת'ן, אז איך הוסט, ווייל איך געה אין צוריסענע שיך? עס איז גאָרנישט! איך האָב זיך נור צוגעקיהלט, און אגב הוסט איך שוין פון לאַנג... איין זאך, זעהסטו, איז פאַסקודנע, וואָס עס סווישטשעט...



זאָגט אַלץ, אַז איהם געפעלט ניט. אַז מיר זיינען ארויס פון דאָרט איז ער אריינגעלאָפען אין בוך־געשעפט, האָט געבעטען מילל׳ס פאָליטישע עקאָנאָמיע, די נייע אויסגאבע, און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אויסצורעדען אַ וואָרט, האָט ער שוין בעצאָהלט און איז אַנטלאָפען.

מישא האָט זיך צולאַכט.

— גיט אַ שפּיי אויף דעם! — האָט ער זאָג געטהאָן מיט אַ פעסטער און ריינער שטימע — וואָס האָט איהר זיך אריינ־געקלאַפּט אין קאָפּ: שיך און שיך! איך האָב אייך דאָך געזאָגט שוין אַז איך וועל אויסקומען אזוי. לאָמיר זיך זעצען לעזען. מיר וועלען אָנהויבען פון „רענטא“, דאָס איז ביי איהם דאָס שטאַרקסטע.

ער האָט זיך צוגערוקט צום טיש, האָט אויפגעעפענט דעם קאַפּיטעל „רענטא“, און מיר האָבען זיך אַלע פערגעסען אָן די שיך, אָן זיין הוסטען און אָן אַלעס. ער האָט פאָרגעלעזען און מיר האָבען דיספּוטירט איבער יעדען זאַץ, איבער יעדען וואָרט. איין ליב חן איז נאָך, ווי עס ווייזט אויס, געבליבען אונטער דעם פריהעריגען איינדרוק, דען ער איז ארומגעגאַנגען מיט שווערע טריט איבער׳ן צימער, האָט איטליכע ווײַלע געשפּיגען און האָט אַלץ געמורמעלט:

— כאַפּען אריין אַלעס אין זייערע הענד, און מאַכען דערנאָך גאַנצע נאַטור־געזעצע אויף דעם, גאַנצע לעהרעס, און דו ברעך זיך דעם קאָפּ איבער דעם! עס איז מיין באַבעס דאגה אויב רענטא איז קאַפּיטאַל אָדער ניט און ווי אזוי זי וואַקסט. זי איז ביי זיי אין די הענד, וואַקסט די דערפאַר... אַליין ווערסטו פערפאַלען ווי אַ הונד, האָסט ניט אַ נאַכט וואו איבערצונעכטיגען, און מען דער־צעהלט דיר געשיכטעס ווי אזוי אַ שטיקעל ערד הויבט זיך אין פּריַיז... חזירים! בורזשויען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז מיר זיינען געגאַנגען אַ זייגער צוויי ביינאַכט אַהיים, אָנגעהיצט און איינגעשוויצט פון דער רענטא, אונטער דעם קאַלטען רעגען, און אונזערע פיס האָבען איטליכע ווײַלע געזונקען אין די טיעפע בלאָטעס, האָט ברענין צו מיר געזאָגט:

איז ביי איהר א אידעאל... אין דעם צייגט זיך ארויס איהר פּראָ־טעסט געגען די רייכע, איהר שטרעבען צו שטעהן גלייך מיט זיי, מעהר ניט, זי ווייס ניט פון ראציאָנאלע מיטלען צו פּראָטעסטירען.

איצט איז פערבליבען די פראגע, ווער עס זאָל געהן מיט ברעגינען קויפען די שיך. לאָזען איהם אליין האָט מען ניט געקענט, וייל ער וואָלט גענומען וואָס מען וואָלט איהם געגעבען. יאָשקע באָבראָוו האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין א גרויסער מבין אין שיך, דען ער האָט געוואוינט אין ראָסטאָוו פיער יאהר ביי א שוך־קרעמער און „קען שוין גוט די גנבים“ און ער איז אוועק מיט איהם.

עס איז געוועזען ארום פינף אוהר ווען זיי זיינען ארויס. אין דרויסען איז געוועזען פינסטער און מיר האָבען אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און געוואַרט. יעדער האָט געגלויבט, אז ווען מישא ברעגין וועט אָנטהון א פּאָר נייע שיך, וועט ער אויפהערען הוסטען, און דאָס האָט זיך אזוי געוואָלט... זיין הוסט איז שוין געוואָרען אזוי טרוקען, אז מיר פלעגען יעדעס מאָל א ציטער טהון.

ענדליך זיינען זיי געקומען. יאָשקע באָבראָוו איז אריין — שנעל, אריינגעגנב'עט זיך, שטיל, איינגעבויגען, מיט אראָבגעלאָזענע אויגען און ברעגין איז אריינגעלאָפען האסטיג מיט א פרעהליכען אימפּעט, האָט א וואָרף געטהאָן אויפ'ן טיש מילל'ס עקאָנאָמיע, האָט זיך אוועקגעזעצט און האָט אונז אלעמען בעגאָסען מיט א גליקליכען בליק.

מיר זיינען געוועזען איבערראשט און איבערגעקוקט זיך, ניט וויסענדיג ווי אזוי א פּאָר שיך, אויף וועלכע מיר האָבען אזוי געוואַרט, האָבען זיך פּלוצים איבערגעביטען אין מילל'ס עקאָנאָמיע.

— מיר זיינען אריין אין צוויי קראָמען. — האָט יאשקע אָנגעהויבען מיט א ניעדריגען קול, זעהענדיג אז ער וועט סאַי ווי סאַי ניט אויסדרעהען זיך אָהן אן ענטפער — אין איינער איז געוועזען א גאנץ גוטע פּאָר שיך, פּונקט צום מאָס, מען האָט געבעטען צוויי מיט א האלב, מען וואָלט אָבגעגעבען פאר צוויי, זאָגט ער, אז זיי געפעלען איהם ניט. וואָס ניט געפעלען, ווען ניט געפעלען — איז רעד צו דער וואנד. וויפיעל איך האָב ניט צו'טענה'ט, וויפיעל דער קרעמער מיט זיין ווייב האָבען אין איהם ניט אריינגערעדט, און ער

אזוי נעגאַנגען מיט מיינע מוזיקאַלישע שיך אויפ'ן טראָטואַר און בין פאַרבייגעגאַנגען עפּעס אַ רייך־געקליידעטע דאַמע, האָט ביי מיר אַ סווישטש געטהאָן און עס האָט איהר בעשפּריצט דאָס קלייד מיט בלאָטע...

ער האָט זיך צולאַכט און האַלב־לאַכענדיג, האַלב־הוסטענדיג האָט ער גענענדיגט:

— האָט זי זיך אומגעקעהרט צו מיר און אָנגערופען מיך „חזיר".

מיר האָבען זיך אַלע צולאַכט, אויסער ליב חן, וועלכער האָט זיך שטאַרק צובייזערט.

— בורזשויען! מען האָט זיי בעשפּריצט מיט אַ ביסעל בלאָטע, קעהרט זיך מיט זיי אַ וועלט! ציטערן פאַר זייערע קליידער... חזירים! ווילען גאָר ניט בערעכענען, אז יענער טהוט עס ניט אומיסטען! אָט איז ביי מיר אויך אין גאַנצען פערשפּריצט די הויזען און איך האָב דאָך צו קיינעם קיין טענות דערפאַר.

אויף צו זיין „פערשפּריצט" איז ער טאַקע געווען דער גרעסטער בריה. סאַי ווינטער סאַי זומער זיינען זיינע הויזען געווען אין דיקע בלאָטע ביז די קניע און וואו ער האָט עס אָנגענומען און ווי אזוי — דאָס איז אַ זאַך, וואָס ער אליין האָט ניט געוואוסט. ווען ער פלעגט אַמאָל (און דאָס האָט זיך געטראָפען זעהר זעלטען) מאַכען אַ „גענעראַלנע אָטשיסטקע" אויף זיינע הויזען און פלעגט זיך נעהמען מיט אַלע קרעפטען רייבען זיי אין זיינע הענד, שפּייען און שעלטען גלאַט אין דער וועלט אריין, פלעגט ער אָנמאַכען אזאַ שטויב אז מיר פלעגנען זיך אַלע צולויפען און ער פלעגט עס „לאָזען אויף שפּעטער".

עס האָט שוין גאָר געהאַלטען אז ער זאָל די בורזשואזנע דאַמע צורייסען ווי אַ הערינג, נאָר מישאַ ברעגין האָט זי בעשיצט, ער האָט בעמערקט, אז עס קען זיין, אז דאָס איז גאָר געווען ניט קיין בורזשוא, נאָר אַן ארבייטערין אָדער אַ דיענסט, וועלכע איז געוויס געגנוג פערשוואַרצט געוואָרען ביז זי האָט צוזאַמענגעקליבען אויף אַ רעכט קלייד. און כאָטש עס איז דאָ געגען דעם פּיעלעם וואָס אויסצוזעצען, דאָך איז זי ניט שולדיג אין דעם וואָס אַ שעהן קלייד

בערוהיגט און פערנומען אונזערע פלעצער — וואָס וואָלט איהר געוואָלט בעסער: שיף אָדער שטיוועל? נאָך דער צייט נאָך וואָלט אפילו בעסער געפּאסט שטיוועל, נאָר מיר טאָרען ניט פערגעסען אז פאַר דעם קאַפּיטאַל, וועלכען מיר האָבען אין אונזערע הענד, קענען מיר קיין רעכטע שטיוועל ניט בעקומען.

מישא ברעגין האָט אַ שמייכעל געטהאָן, האָט זיך צוהוסט, וואָס עס האָט ביי איהם פערנומען אַ היבשע צייט, און האָט געזאָגט:

— זאָל זיין בעסער מילל׳ס עקאָנאָמיע... איך וועל נאָך אויס־קומען אזוי.

— וואָס אזוי, וואָס אזוי! — האָט זיך ליב חן צושריען, אזוי ווי אימיצער וואָלט איהם אונטערגיסען הייסע וואסער — ס׳געהערט אַ ביסעל! הוסט ווי פון אַ פאַס, באַלד וועט ער אויסהוסטען די נשמה און... וועט אויסקומען אזוי! נאָך וועניג פערקיהלט זיך!

— יא, דו הוסט זעהר שלעכט! — האָט אונזער פעלדשער יאָשקע באַבראָוו בעמערקט. ער, אלס קענער אין מעדיצין, האָט שוין געקענט אונטערשיידען צווישען גלאַט הוסטען און הוסטען שלעכט.

— אין דער אמת׳ן, וואָס מאַכסטו זיך נאַריש? — איז סאַשאַ טורין אריבער אין אַן ערנסטען טאָן, — דו הערסט דאָך, ווי אַלע זאָגען, אַז דו הוסטסט שלעכט, אַז דו הוסטסט טאַקע... אָט...

ער איז אַנשוויגען געוואָרען, דען מישא ברעגין האָט זיך ווידער צוהוסט און דעם מאָל אזוי לאַנג, אַז ער האָט אויסגעטרונ־קען דריי גלאָז וואסער מיט דריי שטיקלעך צוקער, וועלכע פריילײן דינערשטיין האָט ארויסגענומען פון אַ קעסטעל (די פערזאמלונגען פלעגען פאָרקומען ביי איהר אויף דער קווארטיר) און האָט אַ לאַנגע צייט אראָבגעבלאָזען פון זיי די קערענדילך טהעע וועלכע עס האָבען זיך אָנגעקלאפּט אַן זיי.

— יא, — האָט ער זיך אַנגעהויבען אונטערגעבען — אַ ביסעל איז עס ריכטיג, איך הוסט טאַקע, נאָר דאָס וואָלט נאָך אַלץ ניט אויסגעמאַכט, איין זאַך איז פּאַסקודנע וואָס עס סווישטשעט אַ ביסעל, דאָס הייסט, אַז איך גיה ארום פון אַ בלאָטע אויף אַ טרוקענעם אָרט, גיט עס אַ סווישטש אינוועניג אין די שיך, און דאָס איז זעהר ניט אַנגענעהם. איהר הערט דאָך! אָט נעכטען בין איך

וואָס איז איינגענטליך פאַר זיי אליין שעדליך, וועלען מיר דערווייל ניט האָבען מילל׳ס בוך, און זיי ווייטער האָבען איהם אויפגעוואַר־פען, אַז צוליעב דעם וואָס איהם ווילט זיך צימירען פון מילל׳ן אַ פּאָר פראזען פאַר זיין ארטיקעל, דאַרפען זיי דערווייל אויסגעהן אָהן אַ פּאַפּיראָס טאַבאַק. נאָר סאַשאַ טורין האָט געמאַכט אַן ענד צו דעם.

ער האָט אַ טרייסעל געטהאָן מיט זיינע גרויסע שווארצע האָאר, האָט אויסגעוויישט זיינע ברילען, האָט אַ הוסט געטהאָן אין פויסט, וואָס דאָס האָט בעדייטעט אַז ער רופט צו אָרדער און האָט געזאָגט:

— פריינדע! איינער אַ מיטגליעד פון אונזער קאָמוניסטישער קאָלאָניע, דער געאַכטעטער שרייבער אונזערער, מישאַ ברעגין, וועמעס ארטיקעל איהר האָט היינט געהאַט דאָס פערגניגען צו לעזען אין „וויעסטניק יעוראָפּי“, נויטיגט זיך אין שיך. נעהמענדיג אין אנבעטראכט, אַז איצט זיינען די וועטערן קאַלט און נאַס און דאָס ער קען נאָך אוועקגעהן צו אונזער ברענטש אויף יענער וועלט און דערמיט מאַכען אַז די מאַיאָריטעט זאָל זיין אויף זייער זייט, מאַך איך צום פאָרשלאַג, אַז די צוויי רובעל זאָלען געהן אויף אַ פּאָר שיך פאַר איהם.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט אַ רעווע געטהאָן די גאַנצע קאָלאָניע און ליב חן מיט יאַשקע באַבראָוו, די זעלבע וועלכע האָבען ערשט אַזוי שטאַרק בעשיצט זייער רעכט אויף רויכערען, האָבען שטאַרקט געקלאַפּט, דער ערשטער מיט זיין סוקעוואַטען שטעקען, מיט וועלכען ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט צושיידען, און דער צווייטער מיט אַ ביינקעל.

מיר האָבען זיך אַלע אַ וואָרף געטהאָן צו ברעגינ׳ען און מיר האָבען ערשט איצט אויסגעפונען, אַז דאָס וואָס ער טראָגט אויף זיינע פיס איז גאָר קיין שיך ניט, און עס איז אַ צווייפעל אויב זיי זיינען עס אמאָל וועלן געווען. יעדער פון אונז האָט זיך געקאָכט, האָט איהם געהויבען די פיס און געמאַכט איהם פאָרווירפע וואָס ער האָט „ביז איצט געשוויגען“, אַזוי ווי נאָר אָן דעם האָט זיך געוועגדט.

— קענט איהר אונז ניט ערקלערען, געעהרטער מיטגליעד — האָט סאַשאַ ווייטער געזאָגט, נאָכדעם ווי מיר אַלע האָבען זיך שוין

דרויסען האָט גערעגענט מיט א שניידענדען רעגען און פאַר די אויגען איז געווען דאָס געוועהנליכע הערבסט־בילד: א גרויסע אונ־ענדליכע לוזשע מיט שפּרינגענדע קייקעלעך אין איהר און אזא גרויע פינסטערניס, וועלכע איז דער מיטעלפּונקט צווישען טאָג און נאכט.

פּלוצים איז ארוים א פּראָטעסט געגען דעם פאָרשלאָג. דער פּראָטעסט איז ארוים פון ליב חן, א לעהרער מיט א גאַנצען פּאַק צוגעזאָגטע תלמידים „אויף שפּעטער" און פון יאָשקע באָבראָוו, א פעלדשער, וועלכען „עס איז עפּעס ניט געגאַנגען אין פּראַקטיקע". זיי האָבען ביידע בעהויפּטעט, אז ערשטענס איז מילל איצט גאָר ניט אינטערעסאַנט, ווייל פון דער קריטיק ווייס מען דאָך שוין אונגעפעהר וואָס ער האָט געשריעבען, און צווייטענס דאַרפען זיי ביידע האָבען טאַבאַק און זיי האָבען עס אבזיכטליך פריהער פער־שוויגען, ווייל זיי האָבען געדענקט אז עס וועט ניט סטאַיען קיין געלד.

עס האָט זיך אויפגעהויבען א פייערדיגע דעבאַטע וועגען דעם. ברעגין האָט געהוסט, געטרונקען וואַסער, ווידער געהוסט און איז אלץ בעשטאַנען אויף דאָס זייניגע, אז מיר מוזען אמאָל צוזאַמען דורכלעזען מילל'ן, אז מיר וואַרפען זיך אייגענטליך ארום מיט איינ־צעלנע פליהענדע פראַזען פון איהם, אז מיר שרייבען איהם אָפּטמאָל צו דאָס, וואָס ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געזאָגט און אז ניט נור מען קען אויסקומען אָהן רויכערן, זאָנדערן עס איז זאָגאַר שעדליך פאַר'ן געזונד און ניט עקאָנאָמיש; און די ווידער האָבען דייטליך בעוויזען, אז איצט ווען מילל מיט זיין גאַנצער שולע זיינען אזוי געשלאָגען געוואָרען פון אַלעמען, דאַרפען מיר ניט אויסגעבען אזוי פיעל געלד אויף א בוך, וועלכעס האָט מעהר ניט ווי א היסטאָרישען ווערטה און אז רויכערן מוזען זיי; בפרט איצט, ווען עס איז אזוי ניט גוט אויפ'ן הארצען און עס פערדיענט זיך ניט קיין צובראָכענער צווייער.

עס איז שווער צו זאָגען ווי דאָס וואָלט זיך געענדיגט, דען פון די פּרינציפּיעלע שטרייטיגקייטען איז מען אריבער אויף פּערזענ־ליכע: ברעגין האָט זיי אויפגעוואָרפען, אז צוליעב זייער פערגניגען,

אונזער קאָלאָניע. מיר וועלען זיך שוין מעהר ניט דארפען שטיקען מיט אונזערע מיינונגען דאָ אין אונזער ענגען קרייז, מיר וועלען זיי ארויסציינען פאר דער גאנצער לעזענדער וועלט.

און נאָכדעם, אז מיר האָבען זיך גוט אָנגעריסען די העלזער אויף דער טהעמא „די ראָליע פון דעם בויער אין דער ארבייטער־בעוועגונג" און עס איז געבליבען ווי מישא ברעגין האָט געזאָגט, אז מיר קענען פון דעם בויער אין דער צוקונפט ערווארטען פיללייכט מעהר פראָגרעס פאר דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, ווי פון דעם פער־היילינגטען שטאָדט־פראָלעטאריער, ווען עס איז געבליבען אז די פראָפאגאנדע אין דאָרף איז נאָך נעטהיגער ווי אין שטאדט און מיט דעם דערלאנגט א טויט־קלאפ די סאָציאלדעמאָקראטען, האָבען מיר זיך גענומען פאר דער פראגע, ווי איינצוטהיילען דאָס געלד.

סאשא טורין האָט קיין אנטהייל ניט גענומען אין דער לעצטער דעבאטע, אזוי ווי דאָ וואָלט זיך גאָר ניט געהאנדעלט וועגען זיינע 25 רובעל. ער האָט נאָר געציינט א ביל אויף 5 רובעל 80 קאָפּ., און נאָכדעם, ווי עס איז פון דאָרט אויסגעמעקט געוואָרען 65 קאָפּ. אלס „ניט נעטהיג", אויף וואָס סאשא האָט מיט א שמייכעל געענטפערט „חזירים", איז דאָס איבעריגע איינשטימיג איהם בעווילינגט געוואָרען. דאן האָט יעדער געציינט זיינע רעכנונגען, נאטירליך די „גאנץ נויטיגע", אויסער מישא ברעגין, וועלכער האָט „אבסאָלוט אין גאָר ניט גענויטיגט זיך", און עס איז איבערגעבליבען צוויי רובעל 30 קאָפּיקעס. 30 קאָפּ. האָט מען באלד פערשוועגדעט אויף נאשעריי און מען האָט אוועקגעשיקט נאָך פיער פלעשלעך קוואס, ביינעל און איין פּיראָזשנע פיר פריילין אנעטא דינערשטיין און די איבריגע צוויי רובעל זיינען געבליבען הענגען אין דער לופטען. מישא האָט געמאכט א פאָרשלאג, אז מען זאָל זיי פער־שווענדען אויף מילל'ס פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

— מיר האָבען שוין לאנג געוואָלט קויפען דעם בוך, און מיר דארפען איהם האָבען, — האָט ער געזאָגט, און ביי יעדען וואָרט האָט ער זיך פערהוסט — און דארום דארפען מיר ניט דורכלאָזען אזא גלענצענדע געלעגענהייט.

עס איז געווען אָסיען־צייט, א זייגער צוויי נאָכמיטאג. אין

# עס סווישטשעט

אונזער „קאָמוניסטישע קאָלאָניע“, ווי מיר פלעגען רופען אונזער קרוזשאָק, האָט געהאַט דעם טאָג אַ גרויסען יום־טוב. ווי אונזער ווירקונג איז ניט געווען שטאַרק אויף די ארומיגע, וואָס דאָס איז בעוויזען געוואָרען מיט אַזעלכע דייטליכע בעווייזע, ווי דאָס, וואָס די לעצטע צייט קומען אַריין אַלע שבת אין דער זעמסקער ביבליאָטהעק אַ צעהן־פופצעהן פערפוצטע קאַוואַליערען און פריילינס, טאַפּען איבער אַלע צייטונגען, איבערהויפּט די הומאָרי־סטישע און געהען אוועק; ווי גרויס מיר זיינען זאָגאָר ניט געווען אין צאָהל, צעהלענדיג: דריי אויפ׳ן בית־עולם נעבען פּאַרקען; פיער אויף דער קלאַדבישצע אונטער שוואַרצע איינגעבויגענע צלמים; צוויי אין סיביר; זעקס אין אַסטראָג „ביז עפּעס“; איינעם אַ פערפאַלענעם און אַכט אין „לעבען און געזונד“ — מיט איין וואָרט גרויס, שטאַרק און טהעטיג ווי מיר זיינען ניט געווען, פלעגען אין פּראַקטישען לעבען ביי אונז טרעפען גאַנץ ווייניג יום טובים, און אַזעלכע אודאי.

צוויי פּאַסירונגען האָבען זיך געטראָפען דעם טאָג. סאַשאַ טורין האָט בעקומען דורך פּאָסט 25 רובעל, און דאָס איז געווען אַזוינס, וואָס טרעפט זיך „איין מאָל אין צעהן יאָהר“, ווי ער אַליין האָט געזאָגט. עפּעס אַ קלייניגקייט — 25 רובעל! מיט אַזאַ אוצר מיט גאָלד האָבען מיר געקענט ביי אַלעמען ארויסטרייבען דעם דלות און איבערלאָזען נאָך עטליכע רובעל אויף אַ פּאָר גוטע ביכער. און צווייטענס, וואָס איז פיעללייכט נאָך וויכטיגער, מישאַ ברעגין׳ס ארטיקעל: „מאַטעריאַלען צום לערנען דאָס לעבען פון די בויערן“ איז אָנגעקומען אַ געדרוקטער אין „וויעסטניק יעווראָפּי“, און כאָטש ער איז ארוים אַ צוקיילטער און צובייסטער, אָדער ווי מישאַ ברעגין האָט געזאָגט, אָהן הענד און אָהן פיס, איז ער דאָך געווען געדרוקט אין דעם בעסטען זשורנאַל, און דאָס האָט פיעל בעדייטעט פאַר

גראַמע דירה, ווי יעמאָלט, ווען מען האָט אַרויסגעטראָגען די קאַס־טענס מעטשעס פון שטוב.

מיינט איהר, אַז דאָס איז שוין אַלץ — הויבט זיך גאָר ניט אָן. וואו צו פערקויפען די מעטשעס איז ניט געווען. אַלע זיינען געווען אַזעלכע הכמים ווי מיר, און ווער עס האָט נור געקענט מאַכען אַ קערבעל, האָט אָנגעקויפט מעטשעס. די קאַסטענס האָבען געמוזט בלייבען שטעהן אין קעלער און וואַרטען. איז אָבער דאָך גאָט אַ גוטער, שיקט ער ווי אַלע מאָל אויף פּסח, גרויסע געוויטערען, דער טייך האָט זיך צושפּיעלט און האָט פערטרונקען דעם קעלער מיט מיינע מעטשעס.

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזען אַ טייך פון מיינע נגידות. — האָט איהר אַ מעטש? — אַ שעהנעם דאַנק אייך. איך וועל שוין נעהמען ביי אייך נאָך אַ סיגאַרעטעל, וואָרום סיגאַרעטלעך רויכערט איהר, נאָר ווילע!...



געהאַט פון די מעטשעס, איך וועל עס מאַכען בקיצור. ערשטענס האָט זיך דערוואוסט פון מיינע מעטשעס דער בעל הבית פון דער דירה מיינער, דער לענדלאָרד, הייסט עס. ער איז געקומען צו מיר מיט א טענה, אז אזוי ווי איך האָב פון זיין דירה געמאכט א קראָם, ממילא פערלאַנגט ער א רובעל א מאָנאט טהייערער דירה־געלד. און דאָס איז נאָך מיט א טובה, אַן אנדערען וואָלט ער גערעכענט א סך טהייערער, א קראָם האָט גאָר אַן אנדער מקח.

איז אייך דאָס אוועק. האָבען דאָך אָבער אידעלעך א גוטע מידה ניט צו פערגינען דעם צווייטען דעם ביסען אין מויל, געהט אוועק א שכן, וואָס האָט זיך צוקריגט מיט מיין ציפּען, און גיט אָן א מסירה דעם אַקציזניק, אז ביי מיר געפינט זיך א גאַנצער סקלאַד מיט מעטשעס אָהן באַנדעראָלען. פערשטעהט איהר דאָך שוין אליין, אז דער אַקציזניק קומט און געפינט טאַקע די מעטשעס און עס העלפט קיין טענות ומענות, מען האָט זיך געמוחט פער'משכון'ען, פערקויפען די היהנער מיט די קאַטשקעס און בעצאָהלען אַקציז. אויס גבירות הייסט עס. מיין ציפּע ברעכט די הענד, מיין רייזעל, זאָל לעבען, וויינט אויס די אויגען, זיך געבלוטיגט, ניט געמאַכט זיך קיין קלייד אויף פסח, אבי עטליכע קערבלעך צו פערדיענען, און דאָ נאָ דיר פאַר'ן טייוועל.

מיינט איהר דאָך, אז דאָס איז אַלץ, האָט איהר, זייט מוחל, א טעות. דער אַקציזניק, לאָ די, וואָס ער האָט אונז בערויבט און אונגליקליך געמאַכט, האָט נאָך געשיקט די פּאָליציי מיט א טענה, אז אין אזאַ ענגע דירה ווי מיינע טאָר מען פון זיכערקייט וועגען אזוי פיעל מעטשעס ניט האַלטען, היות עס קען זיין א שרפה. וואָלט מען שוין אפשר מיט דער פּאָליציי ווי עס איז דורכגעקומען, מיין ווייב ציפּע איז א אידענע א בריה מיט א צונג, האָט זיך אָבער אריינגעמישט די סטראַכאָוועקע, די פייער־אינשורענס, הייסט עס, און דאָ העלפט אייך קיין טאַטע ניט.

וואו לעגט מען אָבער די מעטשעס? מיט גרויסע צרות און פּיין האָבען מיר געקראָגען פאַר א רובעל א מאָנאַט א שטיקעל אָרט ביים בעל הבית אין קעלער. גאָט צו דאַנקען, ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. מיר האָבען נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט דעם טעם פון א

האָט געקויפט, איז טאַקע געוואָרען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, אַזוי ענגלעך, אַז מען האָט זיך ניט געהאַט וואו אומצודרעהען. דערצו האָט די שווינגער מיינע מיט מיין ווייב'ס שוועסטער, אַ מיידעל, אַ בגרות אין די יאָהרען, וואָס קלייבט שוין עטליכע יאָהר אַ קניפּעלע אויף נדן, וועלכע וואוינען ביי מיר אין דירה, אויך געקויפט מעטשעס; מיין אַלטע מאַמע, וואָס האָט געהאַט אַ בעטעל ביי אַ קרוב געבען טהיר, האָט פאַר איהרע עטליכע גראָשען געקויפט מעטשעס און האָט עס ביי מיר אַוועקגעשטעלט. בקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג בריידען, עס איז געווען ליהודים, וואו איהר האָט זיך נעקעהרט, זיינען געוועזן קאַסטענס מיט מעטשעס. פאַר די היהנער מיט די קאַטשקעס און מיינע קונדסים זיינען אפילו די קאַסטענס געווען נאָר שעהנע מחותנים אין הויז. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ מתנה מן השמים. דער עולם האָט זיך שטאַרק משמח געווען מיט זיי און האָט בעוויזען אַלערליי מיני קונצשטיק, שפּרינגענדיג ארויף און אַראָב פון איין קאַסטען צום צווייטען. נאָר איך מיט מיין ווייב ציפּע וועלען האָבען די קאַסטענס אויף אייביג צו געדענקען. מיין ווייב ציפּע, יאָגענדיג זיך איינמאָל נאָך אַ הוהן, האָט זיך, לא עליכם, אַזוי צוקלאַפּט די נאָז אַן אַ קאַסטען, אַז זי איז עד היום געבליבען אַ פּאַנפּאַטע, און איך, וועלענדיג אריינקאַטעווען ווי נעהעריג איז איינעם פון מיינע קונדסים, איז מיר געפאַלען אַ קאַסטען מיט מעטשעס אין קאָפּ און בין, ווי איהר זעהט מיך, ביז היינט געבליבען מיט אַ שוואַכען זכרון, לא עליכם.

איך וועל טאַקע נעהמען ביי אייך נאָך אַ מעטש מיט אַ סיגאַ־רעטעל. אָט אַזוי, אַ שעהנעם דאַנק אייך.

יאָ, וואו האַלט איך? — מילא, דאָס וואָלט אַלץ געווען נאָר־נישט. איהר דאַרפט ניט פערגעסען, אַז לויט דעם חשבון, וואָס איך האָב געמאַכט אויפ'ן פּאַפּיר, און מיין ווייב ציפּע אויפ'ן קאָפּ, איז אונז געשטאַנען צו פערדינען פון די מעטשעס לכל הפחות נו"ן קערבּ־לעך, אויב ניט מעהר. איהר פערשטעהט, 50 קערבלעך!

האָט אָבער גאָט אויך אַ דעה און זאָגט לאָ מיט אַ ספּאָדעק. ער זאָגט: בלייב אַ קבצן, אַז ניט פאָהר קיין אַמעריקאַ.

איך וועל אייך ניט אויסדערצעהלען אַלע צרות, וואָס מיר האָבען

רוסלאַנד אַן אַקציז אויף מעטשעס. ווי איך האָב נאָר דערוואוסט זיך, אַז מען געהט מאַכען דעם אַקציז, איז מיר גלייך איינגעפאַלען אַ פּלאַן אין קאָפּ, אַז דאָ קען איך ווערען אַ נגיד. היינו, איך וועל זיך אַביסעל אונטעראיילען און איינקויפען מעטשעס ווי לאַנג עס איז נאָך קיין אַקציז ניטאָ און נאָכדעם — פערשטעהט איהר דאָך...

איז דאָך די קשיה, וואו נעהמט מען געלד? גיט זיך אַ איד אַן עצה, אַ גמילת חסד, אַ משכון, אַ קניפּעלע, און ס'ווערט רעכט.

געזאָגט און געטהאָן. איך האָב צונויפגעשקראַבעט עטליכע קערבלעך, קיינעם קיין מעשיות ניט דערצעהלט און אוועקגעגאַנגען און געקויפט מעטשעס.

איז מיין ווייב ציפּע אָבער אויך קיין נאַר ניט, דערצו נאָך אַ אידענע אַ סוחר'טע, פאַלט זי מסתמא אויך אויף דעמזעלביגען פּלאַן, אַז מען דאַרף קויפען מעטשעס. און ווי אַ אידענע אַ סוחר'טע, האָט זי אָנגעשווינדעלט עטליכע קערבלעך און האָט טאַקע געקויפט פאַר'ן גאַנצען געלד מעטשעס.

מיין טאָכטער, רייזעל, זאָל לעבען, אַ מיידעל ניט קיין נאַר, איז אויך געפאַלען אויף דעמזעלביגען פּלאַן. זי האָט אויך פאַר די עטליכע גראָשען, וואָס זי האָט געהאַט אָבגעשפּאָרט פון דער נאָדעל, וואָס זי האָט עס געהאַלטען אין אַ קניפּעלע אויף אַ קלייד צו פּסח, געקויפט מעטשעס.

איהר זעהט אַליין, אַז דאָס איז געווען אַ גאָט־זאַך. מיר האָבען זיך ניט צונויפגערעדט, גאָט אַליין האָט עס ביי אונז אַלעמען אריינגעשיקט אַזאַ מחשבה.

האָט איהר נאָך אַ מעטש? — אַ שעהנעם דאַנק אייך.

יאַ, וואו האַלט איך? הייסט עס, אַז מיר אַלע האָבען געקויפט מעטשעס. איך דאַרף אייך אָבער זאָגען דעם אמת, אַז גאָר קיין גראַמע דירה האָב איך ניט געהאַט. פאַר פּסח איז דאָס געווען, אַ פּאָר היהנער אין שטוב און אַ קאַטשקע, אויב ניט צוויי, האָט מען געקאָרמעט אויף יום טוב, בוריקלעך אין אַ פעסעל אויף יום טוב מוז מען שטעלען, מעד דאַרף מען אויך ברייען, און אַז מען האָט נאָך געבראַכט די קאַסטענס מעטשעס, וואָס איך האָב געקויפט, וואָס מיין ווייב האָט געקויפט און וואָס מיין טאָכטער רייזעל, זאָל לעבען,

עס איז געווען אַנומעלט, איך בין נאָך געווען אין רוסלאַנד. למשל, מיט וויפיעל יאָהר צוריק מיינט איהר איז דאָס געווען? איהר געדענקט ניט? דאָס מוז זיין א חשבון, לאָמיר זיך דערמאָנען — מילא איך געדענק ניט. — צו דער עיקר המעשה האָט עס אָבער ניט. איך בין, לא עליכם, די לעצטע צייט זעהר שוואך אויפ'ן זכרון. אמאָל, זאָג איך אייך, האָב איך געהאַט אַן אייזערנעם זכרון, אָבער די לעצטע צייט לא עליכם, דאָס איז מיר טאַקע געקומען פון די מעטשעס.

האָט איהר אפשר נאָך א מעטש? — א שעהנעם דאנק אייך. אייערע סיגארעטלעך זיינען גאָר מהודרים.

יא, ווענגען די מעטשעס. עס איז געווען ווען מען האָט אין רוסלאַנד איינגעפיהרט אַקציז אויף מעטשעס. געדענקט איהר אפשר אין וועלכען יאָהר דאָס איז געווען? איך בין לא עליכם די לעצטע צייט זעהר שוואך אויפ'ן זכרון. ווארט א ווײלע! דאָס האָט געמוזט זיין — מילא, איך קען זיך ניט דערמאָנען, איך בין טאַקע לא עליכם זעהר שוואך אויפ'ן זכרון. נאָר צו דער מעשה האָט עס ניט. איהר וועט מיר שוין אזוי גוט זיין געבען נאָך א מעטש. — אָט אזוי, א שעהנעם דאנק אייך.

הייסט עס, ווען מען האָט איינגעפיהרט אין רוסלאַנד אַקציז אויף מעטשעס. איך בין דאַן געווען לא עליכם א מלמד, א מקרא דרדקי, הייסט עס, אָדער, ווי מיין ציפּע פלעגט עס רופען — א מקרא גע'הרג'עטער. מיין ווייב ציפּע האָט געהאַנדעלט אויפ'ן מארק, מיין עלטער מיידעל איז געגאַנגען נעהען און די איבעריגע זיינען געווען קליינוואַרג... איהר קענט זיך פאָרשטעלען, אז קיין גבירים זיינען מיר ניט געווען. פון אַלעמענס פּרנסות און מלאכות איז געווען אין שטוב קדחת.

האָט איהר אפשר שוין נאָך א מעטש? — ניט מיר שוין א סיגאַרעטעל אויך, וואָווילע סיגאַרעטלעך אייערע. אָט אזוי, א שעהנעם דאנק אייך.

מילא, וואו האַלט איך? יא, ניט געווען קיין גבירים און א איד וויל דוקא זיין א גביר. ווי ווערט מען אָבער אזוי פּור־פּלאָט, דיר נישט, מיר נישט, א גביר? טהוט גאָט א נס און מען מאַכט אין

# מעטשעם

(אַ מאָנאָלאָג)

האָט איהר אפשר אַ מעטש (שוועבעלע)? — אַ שעהנעם דאַנק אייך. — מסתמא האָט איהר דאָך שוין אַ סיגארעטעל אויך? — אָ, אַ גרויסען דאַנק.

איהר זאָגט דאָך, אַז אַ מעטש איז גאָרנישט, ניט מעהר ווערטה ווי אַ טוט־פּיק (צייהן־שטעכער), זאָג איך אייך, איהר האָט אַ טעות במחילה. איהר מעגט זאָגען צעהן מאָל להבדיל. אַ טוט־פּיק איז טאַקע ניט מעהר ווי אַ טוט־פּיק אָהן אַ שום ממשות און אַ מעטש איז שוין עפּעס גאָר אַן אנדער זאַך.

קענט איהר מיר, למשל, זאָגען וואָס פאַר אַ פילאָזאָפיע ליגט אין אַ טוט־פּיק? גאָרנישט מיט גאָרנישט. אין אַ מעטש איז אָבער פאַראַן אַ טיעפער געדאַנק, אמת׳ע פילאָזאָפיע. אויב איהר ווילט, זיינען מיר אַלע ניט מעהר ווי מעטשעס, דאָס גאַנצע לעבען איז ניט מעהר ווי מעטשעס.

איהר פערשטעהט?

און אפשר טאַקע צוריקקריידענדיג איז דאָס זעלביגע מיט אַ טוט־פּיק, דער זעלביגער משל מיט דעם זעלביגען נמשל: אלא נישט מעהר, די מעשה, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען, איז דוקא מיט מעטשעס, און הערט, וואָס עס קען פּאַסירען.

וועט איהר מיך דאָך פרעגען, וואָס עפּעס דוקא מעטשעס? איז, ערשטענס, ווייל עס איז געקומען צו־רייד; צווייטענס, האָט די מעשה טאַקע פּאַסירט מיט מעטשעס.

האָט איהר אפשר נאָך אַ מעטש? — אַ שעהנעם דאַנק. אייערע סיגאַרעטלעך זיינען גאָר אַ מחיה, וואוילע סיגאַרעטלעך.

מילא, הערט אַ מעשה.

איהרע ווייסע נאַקעטע הענד וועלען זיך ארויסזעהן ביז נאָך די עלענבויגען... און אַ גאָלדענער שטראהל וועט זיך שפּיעלען אויף איהרע לאָקען... און אַ זיסער שמייכעל אויף איהרע שעהנע ליפּען... און איך וועל צו איהר אַ זאָג טהון אַזוי — — —

נור אין מיטען־דרינען האָב איך אָנגעהויבען צו כראָפּען.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך שפּעטליך, כ'האָב נור אויסגעריבען די אויגען, בין איך שוין אראָב פונ'ם בעט, און צו צום פענסטער, אין די אונטערשטע בגדים, מחילה, און... כ'האָב דערזעהן... אוי, דער פריהלינג אייערער... אז פער'שרפה'ט זאָל ער ווערען...

ער האָט זיך צוואוואַקסען, האָט ער זיך: דער דאָזיגער פריה־לינג!... צושפּרייט זיך, און צולעגט זיך, אַזוי ווי ביים טאַטען אין וויין־שענק! די בוימער זיינען געוואָרען גרין, די צווייגען בעדעקט מיט גרויסע, גרינע בלעטער, און די דאָזיגע גרויסע צווייגען, מיט די געדיכטע, גרינע בלעטער, האָבען פערדעקט די גאַנצע גאַס מיט די הייזער, און ניט נור דאָס פענסטער פון מיין געליעבטער האָב איך ניט מעהר געזעהן, נור דאָס אפילו האָט ער אויך פערשלונגען, דער דאָזיגער גאָלדענער, טהייערער פריהלינג אייערער!...



וועלט !... אי איז דאָך די קשיא, ווי אזוי ווייס איך דאָס ? — —
נו, זעהט איהר דאָך !...

הקיצור, וואָס טויג אייך מעשיות, איך בין שיער משוגע געוואָרען פון בייגקעניש ; נור וואָס־זשע האָב איך מיר, מיינט איהר, געטראַכט ? אָט וואָס : ס'איז דאָך נאָהענט צו פסח. דער ליעבער, דער טהייערער, דער גאָלדענער פריהלינג וועט דאָך סוף כל סוף קומען און אַלע פערמאַכטע פענסטער וועלען זיך דאָך עפענען, כדי אריינצולאָזען דעם ליעבען גאַסט, די גאָלדענע זון, דעמאָלט, אָה, דעמאָלט — — און מיין הארץ האָט אָנגעהויבען מורא'דיג צו קלאַפּען, דעמאָלט וועט אויך מיין ליעבסטע איהר פענסטער אויפעפענען, און איהר ליכטיג געשטאַלט וועט זיך בעוויייזען צו מיר אין דער גאַנצער פּראַכט, און — — —

נור דער פריהלינג, קיין גוטער איד זאָל איהם ניט קענען ; דער ערגסטער שונא האָט מיר ניט געקענט אַזוינס אָבטהאָן, ווי דער דאָזיגער גאָלדענער פריהלינג אייערער !...

מילא, כ'דאַרף דאָך אייך ניט דערצעהלען, אז כ'האָב קוים מיט די ציין דערצויגען דעם פאַר־פּסח, כ'האָב דערשמעקט דאָס ערשטע וואַרעמע ווינטעל, האָט מיין הארץ אָנגעהויבען וואַקסען אין דער ברייט ! מאַכט זיך אָבער, אז פונקט ערב פסח דאַרף איך צוליעב ביזנעס אוועקפאָהרען אויף גאַנצע דריי וואָכען אין אַ ווייטען וועג, נור וואָס דען, איך טראַכט זיך אַלץ, אז כ'וועל צוריקקומען פונקט אין צייט, פונקט ווען די בוימעלעך גרינען, און די פויגעלעך זינגען, און די לבנה שיינט, און די שטערנדלעך בלישטשען, און דאָס הערצעלע קלאַפּט, און דאָס בעקעלע ווערט רויט... און מיין מלאכ'ל דאָרט... נישקשה, זי וועט נאָך בעסער ווערען...

וואָס טויג אייך לאַנגע מעשיות, איך בין צוריקגעקומען אויף מיין לאָזשי פונקט אַ וואָך צוויי נאָך פסח, שפּעט ביינאַכט בין איך געקומען, און בעת איך האָב זיך געלעגט שלאָפען, האָב איך אַ צייט לאַנג געטראַכט פון דעם מאָרגענדיגען פריהמאָרגען : כ'וועל עפענען מיין פענסטער, און די גאָלדענע זון וועט מיר אַנטקעגען שיינען. זי וועט שוין שטעהן ביי איהר פענסטער, אין אַ מאָרגען־ראָק געוועהנ־ליך, אין אַ דינעם, אַ דורכזיכטיגען... מיט ברייטע ארבעל און

זעה איך ווי ביי איין פענסטער, אויפ'ן צווייטען שטאָק, פונקט אנט־קעגנען מיר, בעוועגט זיך דער פאָרהאנג, ווער איך דאָך מסתמא פער־אינטערעסירט און נעהם שוין פון דאָרט די אויגען ניט אוועק. און איך זעה טאַקע — — אזא גרוים שטיק גאָלד זאָל איך האָבען, וואָס פאַר א שעהן, ליכטיג פנים כ'האָב דאָרט דערזעהן...

וואָס טויג אייך מעשיות, ס'איז דאָרטען, אין פענסטער הייסט עס, געשטאַנען א מיידעל — זאָל איך שוין האָבען אזא יאהר! א פנים'ל — בלוט און מילך! אוינגעלעך — בלוי ווי דער הימעל, און לאָקען לאַנגע, שווארצע, ווי די נאַכט אין סוף חודש... הקיצור — א מלאכ'ל!... און קוקען קוקט זי גלייך צו מיר! איך זאָג אייך ס'הארץ איז מיר געוואָרען ברייטער ווי לענגער, און קיין יאָלד, דארפט איהר וויסען, בין איך ניט. נעהם איך פּאַוואָלינקע און גיב צו איהר א שאָקעל מיט'ן קאָפּ... נו, נו!...

כ'האָב זיך פערשאָלטען, זאָג איך אייך, דאָס געביין... צו וואָס האָט עס מיר געטויגט, צו וואָס? ווייל ניט נור איז זי באַלד פונ'ם פענסטער אוועק, נור איך האָב זי שוין מעהר טאַקע אין די אויגען ניט געזעהן... ס'פערשטעהט זיך, אז איך בין קיין פוילער ניט געווען, איך בין טאָג ווי נאַכט געשטאַנען מיט'ן פנים איינ־געגראָבען אין פענסטער און אלץ געקוקט אריבער אהין, צו יענעם פאָרהענגעל, אונטער וועלכען ס'האָט זיך בעהאַלטען דאָס מלאכ'דיגע פנים'ל, וואָס האָט אין הארצען ביי מיר אָנגעצונדען א מורא'דיג פייער אין מיטען ווינטער!... כ'האָב געקוקט, און דאָס הארץ מיינס האָט גענאָגט, געלעכצט, געבענקט, געברענט, גע'שרפה'ט...

און טהיילמאָל איז מיין קוקען טאַקע ניט געווען אומזיסט אויך!... ס'איז אמת, איהר פנים האָב איך אפילו מעהר שוין ניט געזעהן, אפילו איין מאָל אויך ניט, עד היום ניט, איך זאָג אייך אסור קיין ליגען ניט... נור וואָס־זשע דען, איין מאָל, ביינאַכט, ווען דאָרט, אין יענעם חדר, האָט געברענט א ליכט, האָב איך דערזעהן איהר שאטען אויפ'ן פאָרהענגעל... ס'איז געווען זי, איך זאָל אזוי זעהן אל־דאָס־גוטס פאר מיר... און אז איהר ווילט נאָך מעהר, וועל איך אייך שווערען, אז זי איז געגאַנגען דעמאָלט אין הוילען נאַכט־העמד. ווי איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער

# איבער'ן וועג

איהר'ט לאַכען, אַ יאָ? נור זאָגען זאָג איך אייך, אַז ניט נעדראכט זאָל ער ווערען דער דאָזיגער וואָס האָט בעשאַפען אַ פריה־לינג אויף דער וועלט, מיט אַ גאָלדענע זון, מיט גרינע בוימער און געדיכטע צווייגען! מילא די זון איז נאָך צו דערליידען, נור די בוימער מיט די גרינע צווייגען זאָל קיין גוטער איד ניט קענען...

איהר לאַכט, אַ יאָ? איהר'ט נאָך אפשר אויס'בטל'ן אַלע בייזע חלומות צו מיין קאָפּ... איהר זאָלט אָבער וויסען פאַר וואָס איך טראָג אזא בייז הארץ אויף דעם פריהלינג אייערען, וואָס די פּאָעטען אייערע ווערען שיער צוריסען בעזינגענדיג איהם, וואָלט איהר שוין ניט געלאַכט פון מיר... איהר מעגט עס הערען. ס'איז, זאָג איך אייך, אַ שעהנע מעשה.

געווען איז דאָס אין מיטען ווינטער. איך האָב דעמאָלט געזוכט אַ לאָזשי, און איך בין ערגעץ פערקראָכען אין אַן אפּטאַונער גאַס, אַ רייכע גאַס, אַ ברייטע און אַ שטילע מיט שעהנע, הויכע הייזער און צוויי שורות הויכע בוימער פוןביידע זייטען גאַס, נור מיט טרוקענע צווייגען, געוועהנליך, ווייל ס'איז דאָך, ווי איך האָב אייך געזאָגט, געווען אין מיטען ווינטער...

טראַכט איך מיר: אָט איז עס וואָס איז זוך: ווייל איך האָב, קען איך אייך זאָגען, פיינד דעם דאַון־טאַון, ווי חזיר!...

הקיצור, כ'האָב געקראָגען דאָרט אַ רום, שייך צו זאָגען אַ רום — אַ פּאַלאַץ! הויך, מיט'ן האַנד ניט צו דערגרייכען! ברייט — כאָטש צושטרעק ביידע הענד אזוי וויט ווי דו ווילסט, ווערסטו אַלץ די ווענד ניט דערגרייכען!... היינט צוויי ליכטיגע פענסטער צום גאַס צו — אַ מחיה, זאָג איך אייך, אַ גן־עדן!

שטעה איך אַזוי איין מאָל און קוק מיר ארויס דורכ'ן פענסטער אין גאַס; אנטקעגען איז אויך אַ שורה הייזער, שטילע, פּער־חלום'טע, שטעהען זיך אזוי ווי בכבוד'ע בעלי־בתים. פלוצים דער־

הערהערט אַ שוואַכע, וויינענדיגע שטימע פון אַן אַלטינקער, איינגע־הויקערטער אידענע.

— גוטינקער דאָקטאָר! דאָס עופה׳לע איז מיין איינציקעל, אַ וועהטאָג דער באָבען. מיין טאָכטער האָט עס נאָך ניט געהאַט אָנט־ווינט ווען גאָט האָט עס צוגענומען פון איהר. נור איהר ווייסט דאָך, דער אויבערשטער איז אַ בעל רחמים: מיט איין האַנד שטראָפט ער און מיט דער אַנדערער איז ער זיך מרחם. מיין טאָכטער, זאָל געזונד זיין, האָט שוין אַן אַנדער קינד. צו זויגען צוויי קינדער האָט זי קיין כח ניט. זי איז נעבעך אַ שוואַכינקע, וועה דער מאַמען! אָבגע־בען איין קינד צו אַן אַם, איז זי צו אָרים. טו לאָזט דער אונשולדיגער נשמה׳לע שלאָפען דאָ אונטער׳ן גרינעם גראָז. וועקט עס ניט, טהייערער דאָקטאָר!

דאָ איז שוין דער דאָקטאָר ארויס פון געדולד.

—געגוג פאַר היינט! — האָט ער אויסגערופען שטאַרק אין כעס און אויפגערעגט. מיר מוזען עס אָבלעגען אויף אַן אַנדער צייט. נור ווייסען זאָלט איהר, אַז אַזוי גיך ווי איהר וועט איינשטימען וועמען פון אייערע טוידטע איך זאָל לעבעדיג מאַכען, בין איך מוכן ומזומן אייך צו ווייזען מיין וואונדערבאַרע געטליכע קראַפט.

* * *

פון יענעם טאָג אָן האָט דער דאָקטאָר ווירקליך אויפגעטהאָן וואונדער. זיינע קליינשטעדטעלדיגע שכנים האָבען אָנגעהויבען גלויבען אין איהם ווי אין אַ גוטען אידען. מען איז געקומען צו איהם פון נאָהענט און ווייט און ער האָט געהיילט קראַנקע. אמת, מחיה מתים זיין איז איהם ניט אויסגעקומען, אָבער דאָס איז ניט געווען זיין שולד, אין דעם איז געווען שולדיג די קהלה....



— האָט דער דאָקטאָר געברעגט מיט פּרעטענזיעס. א פוּף, איך וועל איצט אויפהויבען פון קבר אזעלכען וואָס האָט ניט איבערגעלאָזט קיין טאטען, קיין מאמען, קיין ברודער, קיין שוועסטער, קיין פרוי און קיין קרוב וואָס זאָלען זיין דאגעגען... אלעס, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען, איז א גוטען נאָמען און א גוטען ביישפּיעל פון מידות טובות, איך מיין אייער אלטען, גוטען רב, דעם וואָס איהר האָט אזוי ליעב געהאט און פערשאפט אזוי פיעל כבוד ביים לעבען און אזוי בעוויינט, ווען ער איז נפטר געוואָרען. זאָל איך אין דיעזען צדיק אריינבלאָזען א נשמת חיים און איהם אומקעהרען צוריק צו אייך?...

א מורא'דיגער שטורם האָט אויסגעבראָכען. דער עולם האָט זיך באלד צושפּאָלטען אין צוויי פּארטייען. איין פּארטיי האָט געשריען: „יא!" און די צווייטע: „ניין!" די קולות מיט די גוואלדען האָבען שיער ניט אויפגעוועקט די טוידטע אָהן דעם דאָקטאָר'ס הילף... ענדליך האָבען די „ניין" שרייערס געזיעגט.

—ווי איך זעה, מיינע פריינדע — האָט דער דאָקטאָר אָנגעפאנגען מיט א ביטערען פאָרוואורף — וועלען מיר היינט ניט קומען צו קיין טאָלק. וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אז א גאנצע קהלה זאָל ניט ערלויבען, אז מען זאָל איינעם פון זייערע טוידטע לעבעדיג מאכען!... נאָך איין פּראָבע וועל איך מאכען, און אז דיעזע וועט ניט געלינגען, דאן וועל איך מוזען אויפגעבען מיין פּלאן.

דער גאנצער עולם איז געשטאנען מיט די קעפּ ארונטערגעלאָזען פאר בושה און דער דאָקטאָר האָט ווייטער גערעדט:

— איך זעה דאָרט א קליין קבר'ל בעוואקסען מיט גראָז און מיט ווילדע בלומען. עס איז זיכער א גרויסער צער צו ברענגען אן אונשולדיגע נשמה'לע אויף אונזער זינדיגער ערד, דערפאר אָבער האָף איך, אז ווניגסטענס אין ד י ע ז ע ן פ א ל וועט מיר קיינער ניט שטערען אין די דורכפיהרונג פון מיין פּלאן און לאָמיך אייך שוין ענדליך בעווייזען מיין וואונדערבארע געטליכע קראפט.

— מיר וועלען אייך ניט שטערען! מיר זיינען אלע מסכים! — האָט דער גאנצער עולם אויסגערופען מיט מיטגעפיהל.

אָבער ווען דער עולם איז אנטשוויגען געוואָרען, האָט זיך

זעקס קינדער, אַלע געראָטען אין זייער מאַמען. איך האָב מיט זיי גאָר ניט געקענט טהאָן. האָב איך צו זיי גענומען אַ שטיעפמאַמע. אַ נייער בעזים קעהרט גוט. איך האָב ממש די אויגען געעפענט. לאָזט דער ארורה פוילען אין דער ערד!...

— נו, קיין גזלן בין איך ניט — האָט דער דאָקטאָר בעמערקט מיט אַ ביטערען שמייכעל — צוויי ווייבער אין איין הויז, מען זאָל עס שוין אפילו מעגען, וואָלט באמת געווען דאָס שרעקליכסטע וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. אבער, רבותי, איך מוז דאָך אימיצען געפינען, וועמען איך זאָל מחיה מתים זיין. איהר זייט דאָך ניט געקומען אהער צו מאַכען פון מיר שפּאַס. אַלזאָ, זאָגט שוין איהר וועלכען פון אייערע מתים זאָל איך לעבעדיג מאַכען?

— גיטעלען! — גיט מיר צוריק מיין גיטעלען, טהייערער דאָקטאָר, קרוין! גיט מיר צוריק מיין בת־יחידה! — האָט אַ מוטער אויסגעשריען, זיך אויפהויבענדיג פון אַ פרישען קבר.

— אָרימע, אונגליקליכע מוטער! — האָט דער דאָקטאָר אויס־גערופען טיעף געריהרט — איך האָף, רבותי, אז קיינער פון אייך וועט זיך אין דיעזען פאַל ניט שטעלען דאַגעגען!

— חס ושלום! טהוט עס ניט, דאָקטאָר!... — האָט אַ מיידעל זיך אָבגערופען, און צוגעהענדיג נאָהענט צום דאָקטאָר, האָט זי מיט אַראָבעלאָזטע אויגען דערצעהלט אין דער שטיל אזוי, אז בלויז דער דאָקטאָר האָט געקענט הערען:

— ס'איז בעסער פאַר איהר וואָס זי איז געשטאָרבען. פאַר'ן טוידט האָט זי מיר אַלעס דערצעהלט... נאָך דעם ווי דער לעהרער האָט איהר פעראונגליקט, יאיז ער אַנטלאָפען פון איהר, דער הולטאַי! זי איז געווען אַ טהייערע נשמה. פאַר'ן טוידט האָט זי אונז, איהרע חבר'טעס, געבעטען, אז מען זאָל איהר אויספוצען אין אַ ווייסען שלייער, איידער מען וועט איהר אַריינלעגען אין קבר. זי האָט אויס־געזעהן ווי אַ כלה... טעשפּעט איהר ניט, גוטינקער דאָקטאָר; שטערט ניט איהר הייליגע רוה, דאָ, אויפ'ן גוטען אָרט!...

— אונגליקליכע מיידעל! — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופען, אָבווישענדיג אַ פּאָר טרעהרען פון די אויגען — אָ, וואָס פאַר אַ טרויעריגער צושטאַנד! וואָס זאָל איך דאָ טהאָן מיט אייך, רבותי?

דער דאָקטאָר בעמערקט מיט א פילאָזאָפישען שמייכעל. אָבער באלד האָט זיך פון עולם געהערט א שטימע:

— אָ, מיין טהייערער פאָטער! ער איז געוועזן א איד א למדן, א חסיד, א גרויסער ירא שמים; האָט זיך טאָג און נאכט געווייקט אין ספרים. זאָל ער רוהען אין גן עדן, וואו ער געפינט זיך איצט אודאי. האָט רחמנות, גוטער דאָקטאָר, טשעפּעט איהם ניט! ער וועט זיך, שונאי ציון, א מיתה אָנטהאָן, ווען ער וועט דערזעהן ווי מיר, זיינע זעקס בנים, וועלכע ער האָט געגאַרט צו זעהן אין שטענדיגען שלום און אחדות, זיינען איצט צוריסען, צוקריעגט, האָבען צווישען זיך דין תורות יעדען טאָג... דאָס ביסעל אָרימקייט וואָס ער האָט אונז איבערגעלאָזט נאָך זיין טוידט, האָבען מיר צוברעקעלט אויף זעקס קליינע חלקים׳לעך און יעדער פון אונז איז א גרויסער אביון און אליין א טאטע פון קליינע קינדער. ער וועט נעבעך ניט האָבען וואו זיין אלטען קאָפּ אָנצושפּארען. האָט רחמנות, ליעבער דאָקטאָר, לאָזט אונזער טהייערען פאָטער רוהען אין גן עדן!

— גערעכט! — האָט דער דאָקטאָר צוגעגעבען מיט א סאר־קאסטישען טאָן — אודאי וועל איך אייער פאָטער ניט אראָב־ברענגען פון יענער וועלט, צו ליידען חיבוט הקבר אויף דער וועלט. איך וועל זיך אלזאָ נעהמען צו חנה ציפּע׳ן, און איך בעט אייך, רבותי, אז קיינער פון אייך זאָל זיך ניט שטעלען אנטקעגען.

דער גאנצער עולם האָט וויעדער אויסגעדונערט זיין הסכמה, אָבער חנה ציפּע׳ס מאן איז אויפגעשפּרונגען ווי אַן אונטער־געשאָסענער:

— זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין, איהר הערט.?!... חנה ציפּע איז געוועזן מיין ווייב. צעהן יאָהר האָב איך געליטען פון איהר חיבוט הקבר! איז דאָס געוועזן א שלאָק! איז דאָס געוועזן א קליפּה! — דאָקטאָר, הרג׳עט מיר פריהער, איידער איהר מאכט איהר לעבעדיג!

— אָבער, ליעבער פריינד! — האָט דער דאָקטאָר געפּרופט עפּעס זאָגען.

— קיין אָבער! — איז דער מאן אריינגעפאלען מיט רוגזה — עס איז שוין ממילא צו שפּעט. די ארורה האָט מיר איבערגעלאָזט

דיג אויף אַן איינגעפאַלענער מצבה, האָט ער אָנגעפאַנגען בזה הלשון:

— רבותי! איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך קען מחיה מתים זיין. איהר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל האַלטען וואָרט. איך האָב אַזוי לאַנג געלערענט ביז איך האָב אויסגעפונען דעם סוד. איך מוז אָבער מיט אייך אויסנעהמען אַ תנאי, נעמליך, אַז ווען איך וועל זיך נעהמען ארויסרופען פון קבר אַ געוויסען מת, מוזט איהר אַלע מסכים זיין. ק י י נ ע ר ט אָ ר ז י ך נ י ט ש ט ע ל ע ן ד א נ ע ג ע ן. זייט איהר אַלע צופריעדען אויף דעם תנאי?

דער גאַנצער עולם האָט ווי איין מאַן אויסגערופען:

— מיר זיינען מסכים! מיר זיינען מסכים!

— אַלזאָ, גוט! — האָט דער דאָקטאָר פאָרטגעזעצט — איך נעהם זיך באַלד צו דער ארבייט. איך זעה פאַר זיך דאָ די קברים פון ר׳ חיים זרח, ר׳ משה געציל׳ס, פון האשה חנה ציפּע און פון האשה יענטע לאה. מיר וועלען געהן כסדר: איך וויל דעם ערשטען ארויסרופען פון קבר ר׳ חיים זרח. זיינט איהר אַלע צופריעדען? איז קיינער ניט דאַנעגען?

— מיר זיינען אַלע מסכים! — האָט דער גאַנצער עולם געענטפערט. נור חנה ביילע, די אלמנה פון ר׳ חיים זרח, האָט ארויס־געכליפּעט מיט אַ שוואַכע, פערציטערטע שטימע:

— ניין, טהוט עס ניט, גוטער דאָקטאָר! — מיין חיים זרח׳קע איז געוועזען אַ גוטער מאַן. איך האָב פאַר איהם געלעבט ווי אַ קייסערינע. אַזוי לאַנג ווי מיינע אויגען וועלען האָבען טרעהרען, וועל איך וויינען נאָך איהם. נור... אוי... דערבאַרימט אייך, גוטער דאָקטאָר! לאָזט מיין זרח׳קען ליגען רוהיג דאָ אויפ׳ן הייליגען אָרט, ווייל.... פערשטעהט איהר מיך, דעם שבת נחמו וועל איך אין אַ מזל׳דיגער שעה חתונה האָבען מיט פייוועל דעם קרעמער... די מחותנים זיינען שוין איינגעלאַדען. איך האָב שוין פייוולען געשיקט אַ נייעם טלית און ער מיר — אַ האַלז פעריל. און... לאָזט מיין זרח׳קען צורוה, גוטינקער דאָקטאָר!

— גוט, כלעבען, וואָס איהר האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם. איך וועל זיך אַלזאָ נעהמען צו ר׳ משה געציל׳ס — האָט

— דער אמת גילט ניט היינטיגע צייטען. דער אמת וועט מיך פאַר דער צייט טרייבען אין קבר! — האָט דער דאָקטאָר מיט ביטערניש גערעדט צו זיך אליין — איך מוז זיך נעהמען צום שקר, קיין אַנדער ברירה!...

דער דאָקטאָר האָט געהאַלטען וואָרט. ער האָט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג איבער דער גאַנצער סביבה, אַז ניט נור קען ער היילען קראַנקע — דאָס איז ביי איהם אַ קינדער־שפּיעל — ער איז אַ מחיה מתים! ער קען אויפהויבען טוידטע פון די קברים!...

דיעזען גרויסען וואונדער האָט ער פערשפּראָכען צו ווייזען אין מיטען העלען טאָג, בפני כל עם ועדה.

דער עולם האָט אפילו פון אָנפאַנג ניט געהאַט קיין גרויסע אמונה אין די רייד פון דאָקטאָר, דאָך האָבען אפילו די גרעסטע אפּיקורסים געזאָגט: „מילא, וואָס קענען מיר דאָ אָנווערען? דעם טעם פון צימעס געפינט מען אויס, ווען מען עסט איהם. ער ליעגט דאָך עפּעס פאָרט אימער איבער ביכער. היינטיגע צייטען ווערען געמאַכט די וואונדערבאַרסטע ענטדעקונגען. אַ קשיה אויף אַ מעשה, אפשר האָט ער טאַקע אויסגעפונען דעם סוד פון מחיה מתים זיין?"

און עס איז געבליבען ביי קהל, אַז דעם קומענדען תשעה באב (וואָס איז אויסגעפאַלען אין אַ וואָך אַרום), זאָל זיך דער גאַנצער עולם צונויפקלייבען אויפ'ן בית־עלמין, און זעהן וואָס דער דאָקטאָר קען אויפטהאָן. (אַלטע ווייבער האָבען זיך גע'סוד'עט, אַז דער דאָקטאָר וועט לעבעדיג מאַכען דעם גאַנצען בית־עולם, און זיי זיינען געוועזען שטאַרק בעזאָרגט וועגען דער פראַגע וואו וועלען זיך אַלע מתים אהינטהאָן, ווען זיי וועלען לעבעדיג ווערען?...)

תשעה באב זיינען „קינד און קייט" געוועזען אויפ'ן בית־עולם. בלויז אויף אַ פּאָר פרישע קברים זיינען געלעגען אייניגע פרויען און האָבען עכט תשעה־באב'דיג געוויינט. דער גאַנצער עולם אָבער האָט גאָר פערגעסען, אַז עס איז תשעה־באב און האָט מיט דער גרעסטער אונגעדולד געוואַרט אויפ'ן דאָקטאָר.

צו דער בעשטימטער מינוט איז דער דאָקטאָר געקומען. ער האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דעם געדיכטען עולם און זיך שטעלענ־

# דער מחיה מתים דאָקטאָר

(אַן אמת'ע מעשה, וואָס איז זיך פּערלאָפּען אויף אַ קליין־שטעדטעלדיגען בית־עולם אום תשעה־באב)

אין אַ קליין שטעדטעל איז אמאָל געווען אַ גרויסער דאָקטאָר. חוץ דאָקטאָריע, האָט ער אויך זעהר ליעב געהאַט אַנדערע וויסענ־שאַפטען און פלעגט פערברענגען טאָג און נאַכט אין לערנען און אין שטודירען. אָבער אין שטעדטעל האָט קיינער ניט געהאַלטען פון איהם. זעהענדיג דעם דאָקטאָר אימער מיט אַ בוך אין האַנד, פלעגען זיינע קליינשטעדטעלדיגע שכנים דרינגען אזאַ פּשט:

— עט, דער דאָקטאָר ווייס ניט פון זיין חיות. אַ סימן, אַז ער האַלט תמיד אין איין שטודירען. און אַז ער שטודירט נאָך, האָט ער דאָך נאָך ניט „געענדיגט". און אַז ער האָט נאָך ניט „געענדיגט", איז צו וואָס־זשע טויג ער?...

אַ דאָקטאָר אָהן אַ פּראַקטיקע, איז, להבדיל, ווי אַ לאָמפּ אָ ה ן קעראָסין אָדער ווי אַ לאָמפּ מיט קעראָסין, נור אָ ה ן אַ קנויט! — מען זאָל גאָר ניט געפּרופט ווערען דערצו! גאַנצע טעג פלעגט נעבעך דער אָרימער דאָקטאָר ארומגעהן אונגעגעסען. דאָס ניט עסען האָט איהם אייגענטליך ניט געאַרט. — אבי איך האָב נאָר מיינע ביכער — פלעגט דער דאָקטאָר זיך טרייסטען — לאָך איך זיך אויס פון עסען. און ער פלעגט זיך אריינוואַרפען אין לערנען נאָך מיט מעהר התמדה...

אָבער עס איז פערפאַלען! — „אם אין קמח, אין תורה" — אַז מען עסט ניט, קען מען אפילו ניט לערנען... בקצור, איך וויל אייך לאַנג ניט ברייען, אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָט זיך דער דאָקטאָר ארומגעזעהן, אַז ער קען שוין מעהר ניט לערנען!...

זיצט ער נעבעך איבער אַ בוך, מיט פערטריקענטע ליפּען און טראַכט און טראַכט, ביז ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ פּלאַן.

אויף מאָרגען האָט זיך כוועדאָר בעריהמט אין שענק ווי ער האָט אָנגעלערנט די „זשידאָקעס“, פערשטעלענדיג זיך פאַר אַ מת. איציקלען האָט ער איינגעשפּאַרט אין אַ שייער און האָט איהם דאָרט געהאַלטען ביז זיין מאַמע האָט איהם אויסגעוויינט פון זיינע הענד.

דעם קומענדען יאהר זיינען מיר שוין ניט געגאַנגען גנב'ענען אין כוועדאָר'ס סאָד. מיר האָבען „גענומען מעשר“ פון אַנדערע סעדער.

אַרומגערינגעלט מיט אַ גאָרטען. ווי די הייטשעריקען זיינען מיר אַרויפגעפאַלען אויף די בייטען. קלמנ׳קע מיט איציקלען האָבען זיך ווי די קעץ אַרויפגעדראַפּעט אויף אַן עפּעלבוים.

נאָר מיר האָבען נאָך ניט פאַספּייעט אָנצוהייבען נעהמען „מעשר“, ווען פון אַ ווינקעל האָט זיך אַרויסגערוקט אַ מת! איינגעהילט אין ווייסען האָט ער לאַנגזאַם זיך גערוקט צום בוים אויף וועלכען קלמנ׳קע מיט איציקלען זיינען געווען.

ווי אַזוי איך האָב איבערגעלעבט דאַן דעם שרעק, וואונדערט מיך עד היום. ווי צושראָקענע האָזען האָבען די חברה גענומען לויפען איבער די בייטען, פאַלענדיג איינער איבער׳ן אַנדערען. איך האָב זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט. מיינע פיס זיינען ווי אָבגענומען געוואָרען. איך בין געלעגען בעהאַלטען צווישען צוויי בייטען, מעהר טויט ווי לעבעדיג פון שרעק און האָב ערוואַרטעט דעם טויט יעדע רגע. ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגען וויים איך ניט. איך בין ערשט געקומען עטוואָס צו זיך, ווען איך האָב דערהערט איציקעל׳ס בענומענע קולות און תחנונים, אַז דער מת, וועלכער האָט איהם געשלאָגען מכת רצח, זאָל איהם אָבלאָזען. דער מת האָט איהם אָבער ניט אָבגעלאָזט. ער האָט איהם אוועקגעשלעפּט און איז פערשוואונדען געוואָרען מיט איהם צווישען די בוימער, אין דער פינסטער. איך האָב אביסעל אויפגעאָטהעמט.

„ס׳איז ענטוועדער טאַקע געווען מיין טאַטע,“ האָב איך געדענקט, „נאָר ער האָט געהאַט אַ טעות, און האָט אָנשטאָט מיך געכאַפּט איציקלען, אָדער עס איז געווען נאָר איציקעל׳ס טאַטע.“

ביסלעכווייז האָב איך אויפגעהויבען דעם קאָפּ און בין פּויזענדיג אויף אַלע פיער אַרויסגעקראָכען פון גאָרטען, און האָב גענומען לויפען ווי אַ פייל פון בויגען, ניט אומקוקענדיג זיך אויף הינטער. איך בין קוים אַ לעבעדיגער אַריינגעפאַלען אין שוהל, בין צוגעלאָפען צו מיין ברודער אַ פערסאָפּעטער, אַ פערשוויצטער, ציטערנדיג ווי אַ בלאַט. איך וואָלט געשוואוירען, אַז דער מת איז מיר נאָכגעלאָפען דעם גאַנצען וועג. איך האָב זיך צוגעטוליעט צום ברודער און האָב אָנגעהויבען זאָגען סליחות, וויינענדיג מיט ביטערע טרערען...

* * *

ווען אַ נייער בעל הבית האָט אָן עפּען געטהאָן די טהיר אריינצוגעהן אין שוהל, האָט זיך פון דאָרט ארויסגעריסען אַ כוואַליע פון מרה־שחורה'דיגע טענער, וועלכע האָבען אויפגעטרייסעלט די פייכטע אַסיען־לופט. ווען די טהיר האָט זיך צוגעמאַכט, האָט זיך נאָך געהערט פון שוהל ווי דאָס רוישען פון אַ וואַלד, ווען אַ שטאַרקער שטורם רייסט די צווייגען מיט רוגזה. לייזער גד דעם חזן'ס שטימע האָט געקלונגען מורא'דיג, ווי דאָס ברומען פון אַ פּער־וואונדעטען לייב ערגעץ ווייט, ווייט אין טיעפען וואַלד... אונטער'ן לייבצערדאַקעל האָב איך געפיהלט אַ מאָדנעם וועהטאָג. אַ חוץ דאָס רוישען און ברומען, וואָס האָט זיך געהערט פון שוהל, האָבען אין מיינע אויערן געקלונגען דער מאַמע'ס ווערטער וואָס זי האָט מיר געזאָגט פאַר'ן ארויסגעהן פון הויז... אין מח האָבען זיך געפּלאָנטערט פערשיעדענע רעיונות, מעשיות וועגען שדים, מתים, וועגען טאַטעס וואָס קומען שטיקען זייערע קינדער ווען זיי זיינען ניט פרום... מיר האָט זיך ווייטער פערוואָלט אריינצוגעהן אין שוהל און זיך זעצען נעבען מיין ברודער און זאָגען סליחות.

אבער ווי לאָזט מען איבער חברה? זיי וועלען דאָך מאַכען פון מיר אַ פּענזיע! אַ חוץ דעם, אָט איז דאָך איציקעל אויך דאָ. זיין טאַטע איז אויך ערשטע געשטאָרבען דעם יאָהר. בכן וועט ער אָבשטעהן פון קאָמפּאַניע, וואָס?

פון דער ווייטענס, דורך דער פינסטערנים, האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכען אַ רויטער פונק. ווי אָן אָבגעשייערט יונ'יש קנעפּעל האָט עס לכתחלה אויסגעזעהען. דאַן איז עס געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער און איז צוגעקומען אַלץ נעהנטער.

„העי, קינדער," האָט קלמנ'קע אויסגערופען, „איהר זעהט דאָרטען די לאַנטערנע? דער שמש קומט שוין אין שוהל. עס איז שוין באַלד טאָג. קומט, מיר קענען מעהר ניט וואַרטען, היידאַ!"

איך בין געשטאַנען נעבען קלמנ'קען און ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַנד און איז אוועקגעלאָפען מיט מיר פאַראויס און די גאַנצע „מחנה" איז אונז נאָכגעלאָפען.

אין אייניגע מינוטען האָבען מיר זיך אריבערגעוואָרפען איבער'ן פּלאַנקען פון כוועראַר'ס סאַד, וועלכער איז אויך געווען

מליץ פאר אונז אויף דעם נייעם יאהר. אזא יאָהר ווי מיר האָבען געהאט זאָל זיך שוין ניט אומקעהרען, רבונו של עולם !"

מיין מוטער האָט געענדיגט איהר בקשה מיט אַן „אוי !" וואָס האָט דורכגענומען אַלע מיינע גליעדער, און אויסווישענדיג די אויגען מיט איהר ווייסען פארטוך, האָט זי זיך אָבגערופען צו מיר בעזונדער :

„אזוי, אזוי, מיין קינד, געה אויך אין שוהל, זיי א פרומער איד. דעם טאטען, וועה מיינע יאָהרען, האָסטו פערזינדיגט. געה איצט אין שוהל מיט מענדלען."

די רייד פון מיין מוטער האָבען געמאכט א געוואַלדיגען איינ־דרוק אויף מיר. מיין ברענענדיגער חשק צו לויפען צו חברה איז אין גאנצען פערשוואונדען. אויפ'ן הארצען האָט געדריקט א שווערער אומעט...

* * *

געהענדיג מיט מיין ברודער אין שוהל, האָב איך זיך דעם גאנצען וועג געשלאָגען מיט דער דעה צי איך זאָל געהען צו סליחות, אָדער געהען גנב'ענען קירבעסען ? מיין ישוב הדעת האָט אָבער לאנג ניט געדויערט. אזוי ווי איך בין נאָר צוגעקומען צום שוהל־הויף און האָב דערהערט די שטימען פון מיינע גוטע ברידער, בין איך געוועזן דער זעלבער קונדס גלייך מיט אַלע. איך האָב געלאָזט מיין ברודער אריינגעהן אין שוהל אליין און איך בין צוגעלאָפען צו חברה.

חברה האָט מיך בעגעגענט מיט א „ברוך הבא !" און מיר האָבען זיך שוין געלאָזט געהען, ווען מיר האָבען זיך ארומגעקוקט אז בערעלע מאדים איז נאָך ניט געקומען. געהן אָהן בערעלע'ן האָט זיך אונז ניט געוואָלט, האָבען מיר געוואַרט אויף איהם.

אין שוהל האָט שוין געראַוישט און געשטורעמט. דער עולם האָט שוין געזאָגט סליחות געשמאק. אַלע הענגלייכטער זיינען שוין געוועזן אָנגעצונדען און האָבען בעגאָסען די פענסטער מיט גאָלד. אינ דרויסען איז געוואָרען דורך דעם נאָך פינסטערער. יעדעם מאָל

איהם אַריינגעלעגט אין קבר'ל. דאָס כראָפּען און האַרכלען פון מיין עלטערן ברודער, וואָס איז געלעגען נעבען מיר, און דער ווינד וואָס האָט אַלע ווײַלע אַ ריס געטהאָן די לאָדען, האָט נאָך מיין שרעק פערגרעסערט, מיר האָט זיך נאָר אויסגעדאכט אז משה'לע הייבט זיך פון מולטער און מיט פערגלאָצטע אויגעלעך און אויסגעשטרעקטע הענטלעך לאָזט ער זיך אַרונטער פון אויוועז, גלייך צו מיר אין בעט. איך האָב זיך איינגעגראָבען אין קישען, האָב זיך צוגעטוליעט צו מיין ברודער און האָב זיך איבערגעדעקט איבער'ן קאָפּ. אָבער משה'לען האָב איך געזעהען. איך האָב געהערט ווי ער קריכט פון אויוועז. ער געהט, ער געהט צו מיר!

„אוי, אוי, מאַמע!" האָב איך אויסגעשריען ניט מיט מיין קול. דער שמש האָט אין דעם זעלבען מאָמענט אָנגעקלאַפּט אין לאָדען און האָט אויסגערופען: „שטעהט אויף, שטעהט אויף צו „זכור ברית!"

מיין ברודער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ ברום. ער איז אַרונטערגעקראָכען פון בעט און אויפגעדרעהט דאָס פּייערל פון לעמפּעל. איך בין געבליבען ליעגען, בעגאָסען מיט אַ קאַלטען שוויים און האָב געסאָפּעט שווער, ווי איך וואָלט געלאָפען אַ מייל, נאָכגעיאָגט פון שקצים מיט אָנגערייצטע הינד.

נאָר מיין שרעק איז אָבער באַלד פערשוואונדען געוואָרען. און ווען מיין מוטער איז אַריינגעקומען פון אַ זייטיגען צימער און האָט, אָבגיסענדיג זיך נעגעל־וואַסער, אַרונטערגענומען די מולטער מיט ראַשטשינע פון אויוועז, האָב איך זיך פערשעמט פאַר זיך אליין וואָס איך בין אזא שרעקעדיגער.

מיין ברודער האָט זיך אָנגעהויבען אָנטהון זיצענדיג אויפ'ן בעט, גענעצענדיג געשמאַק. איך בין אַריינגעשפּרונגען אין די הויזלעך, האָב אַרויפגעוואָרפען אויף זיך דאָס לייבצערדאַקעל און בין שוין געווען פאַרטיג. קיין רעקעל האָב איך ניט בעדאַרפט אָנטהון, ווייל איך האָב עס ניט געהאַט.

„געהט, קינדערלעך, אין שול און בעט אויס אַ בעסער יאָהר ווי דאָס, וואָס מיר האָבען געהאַט," האָט אונז די מאַמע געבעטען, קנעטענדיג די חלה, „זאָגט קדיש נאָכ'ן טאַטען, זאָל ער זיין אַ גוטער

אַלס אַ נייעם מיטגליעד, האָט מען מיך לכתחילה ניט געוואָלט מיטנעהמען אויף דיעזער „עקספעדיציע". ווען מיין טאַטע איז געשטאָרבען (דעם זעלבען יאהר איז דאָס געווען) האָב איך ניט געהאַט אַזוי פיעל עגמת נפש ווי פון דעם, וואָס חברה האָט מיך אויסגעבראַקעוועט. איך האָב זיך אָבער פּאָרט איינגעבעטען. אמת, איך האָב דערפאַר טהייער בעצאָהלט. איך האָב זיך געמוזט שיידען מיט מיין „קוליטשיקעל", (אַזאַ מעסעריל) און אַ גאַנצען טויז יונ'ישע קנעפּ, וועלכע איך האָב אוועקגעגעבען קלמנ'קע מזיק, אונזער „עלטסטען".

* * *

די נאַכט פאַר ראש השנה האָב איך ניט פערזוכט שלאָפען. ביי יעדען שאָרך, וואָס איך האָב געהערט אין דרויסען, האָט זיך מיר אויסגעדוכט אַז דאָס קומט שוין דער שמש וועקען צו זכור ברית. אבער דער שמש האָט זיך געזאַמט. די נאַכט האָט מיר אויסגעוויזען אַ יאהר. וואָס איך האָב ניט איבערגעטראַכט, וואַרפענדיג זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער! ביי מיר איז ניט געווען קיין ספק, אַז מיט'ן שמש האָט געוויס אַ סבה געטראָפען און אַז חברה זיינען שוין לאַנג צווישען די בייטען, אויף די עפּעל־בוימער, אָדער זיי געהען שוין צוריק מיט פולע קעשענעס און בוזעמער, טראָגענדיג קירבעסען אויף די אַקסלען. מיט גאוה, ווי סאָלדאַטען פון מושטיר געהען זיי און לאַכען אָלע פון מיר, דעם פערשלאָפענעם טרוס. און בין איך דען ניט קיין טרוס? כאָטש איך האָב געלייענט קריאת שמע און דער ארבע כנפות העננט צו־קאָפּענס, דאָך ליעג איך און ציטער פאַר שרעק. און פאַר וועמען? פאַר אַ מולטער ראָשטשינע וואָס שטעהט אויפ'ן אויוון איבער־געדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך! ביי אונזערען אַ שכן איז מיט אַ חודש צוריק געשטאָרבען אַ אינגעלע, משה'לע האָט ער געהייסען. איך האָב איהם געזעהען ליעגענדיג איינגעוויקעלט אין תכריכים און ביי דעם שיין פון איינגעדרעהטען לעמפּעל האָט די איבער־געדעקטע מולטער אויסגעזעהן פונקט ווי משה'לע איידער מען האָט

# צו זכור ברית

(כמעט אַ הומאָרעסקע)

צו „זכור ברית“, ערב ראש השנה פאַרטאָג איז ביי אונז, קליינע קונדסים, געווען ליהודים. מיר פלעגען דאַן געהן „נעהמען מעשר“ פון די גערטנער און סעדער. חברהה פלעגט זיך צוזאַמענ־קומען אויפ׳ן שולהויף און פון דאָרטען זיך אוועקלאָזען גנב׳ענען אוגערקעס, טערקישע ווייץ, אָדער זיך אריינכאַפּען אין כוועדאַר׳ס סאַד, ארויפקלעטערן אויף די ביימער און אָנפילען די בוזימער מיט אויבסט.

איך בין דאַן אַלט געווען צוועלף יאהר און מען האָט מיך ערשט אריינגענומען אין חברה. ביי מיר איז דאָס געווען אַ גרויסע עהרע וואָס איך בין אויך איינער פון די „כוואַטעס“, פאַר וועלכע דאָס שטעדטעל האָט ממש געציטערט. און איך האָב באמת געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירען. אונזער חברה איז ניט בעשטאַנען פון אַבי־וועמען: דאָס זיינען געווען אַ מחנה „מאַלאָדיעצעס“ איינס אין איינס. ביי אונז האָבען זיך געפונען אַזעלכע העלדען ווי מאָטעלע זשוקליאַן, קלמנ׳קע מזיק, בערעלע מאַדים, איציקעל קונדס, וועלוועלע זשוליק און אנדערע מזיקים, מאַדימס און קונדסים. אריבערצושווימען די „בוכטע“, הערצו נאָך אום תשעה באב, אָדער ארויסשלאָגען דעם רבי׳ן אַ פּאָאר ציין בריקענדיג מיט די פיס, ווען ער האָט אונז אריבערגעוואָרפען איבער׳ן קניע און געשמיסען, איז ביי אונז געווען אַזאַ בעטרעף, ווי אַ שטייגער צו גנב׳ענען אַ בייגעל פון שרה מלכה׳ן דער בלינדער.

נעהמען מעשר פון די גערטנער צו „זכור ברית“, איז ביי אונז געווען די הויפּט־פּאַסירונג פון יאהר. עפּעס גאָר ווי די סליחה האָט אונז דאַן געצויגען אין די גערטנער. אונזערע אויגלעך האָבען זיך אָנגעצונדען, די הערצלעך האָבען געקלאַפּט האַסטיג, ווען דער שמש האָט אָנגעהויבען וועקען דעם עולם צו סליחות.

— פערבלאָנדזשעט זיך! — מורמעלט ער אונצופריעדען — אודאי די צוויי בחורים.

גערט ער ווייטער. טאַפּט, טאַפּט ביז וואַנעט ער דערטאַפּט זיך צו נאָך א בעט.

— רחמנא לצלן! — בורטשעט ער אין זיך אריין — ווידער פערקראָכען צו די בחורים! מעשה שטן!...

און ער טאַפּט, טאַפּט, ביז וואַנעט ער דערטאַפּט זיך ענדליך צו א בעט מיט איין קאָפּ — צו דער הייץ־גויה.

אין א שעה ארום האָט זיך די הייץ־גויה געכאַפּט, אז ס'איז געווען דער רב, און זי האָט אויפגעהויבען א גרויס געוואַלד און געסטראַשעט אז אויב דער „ראבין" וועט ניט געהן וואוינען מיט איהר, וועט זי מעהר ניט קומען הייצען דעם אויוועט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —



האָבענדיג אָבער אָבגעלאָזען דעם עק גאַרטעל האָט ער זיך נעביך שעהן פערבלאָנדזשעט אַזש ביז צום רבין'ס טאָכטער.

— דו ביזט עס? — פרעגט ער זי, מיינענדיג אַז ער שטעהט דאָס נעבען זיין חבר שמעריל.

— איך, איך! — ענטפערט איהם דאָס מיידעל אַ פערשלאָפענע, און דעקט זיך ניט־ווילענדיג אָב.

שמערלען איז דערווייל די צייט געוואָרען צו לאַנג און ער איז אראָב פון געלעגער זוכען זיין חבר. און זוכענדיג אין דער פינסטערער וועלט ברויט און אַ פריינד, האָט איהם דאָס בלינדע מזל אָבגענאַרט, איהם געיאָגט פון איין אָרט צום אַנדערען, פון דער האַלץ־קאַמער צו דער היהנער־שטייג, פון דער היהנער־שטייג צום פּיעקעליק, ביז וואַנעט דער שטן, ימח שמו, האָט איהם ענדליך פערטריבען צו דער רבי'צין הינטער דער וואַרימער קאַלדרע.

די רבי'צין האָט געמיינט, אַז ס'איז דער רב, און שמעריל ווידער האָט געמיינט אַז דאָס ליעגט ער נעבען זיין חבר בעריל. און ער האָט „איהם" אַ פרעג געטהאָן:

— האָסט עפּעס געגעסען?

די רבי'צין האָבענדיג איצט די געלעגענהייט זיך אביסעל צו פּיעסטשען פאַר איהר מאַן, האָט ארויסגעבורטשעט מיט אַ נעבעך־קול:

— יאָ, געגעסען... מען קען טאַקע עסען, אַז מען קאָרמעט פרעמדע בחורים!...

— וואָס קען מען זיך העלפען? — ענטפערט בעריל — מען וועט שוין מוזען ווי־עס־איז דורכקומען די נאַכט!

— ניט לענגער זאָל ס'אידישע גלות „געדאָווערען"! — פּאָטאַקעוועט די רבי'צין און טוליעט זיך צו איהם.

— נאָכ'ן ערשטען שלאָף האָט זיך דער רב אויסגעטשוכעט און זיך דערמאָנט, אַז ס'איז פרייטאַג־צונאַכט.

געהט ער גלייך צום ווייב'ס בעט צו. ער טרעפט שוין דעם וועג אפילו אין דער פינסטער. דערטאַפּט ער אָבער צוויי קעפּ און ער רוקט זיך אָב.

— און מיך נאָגט ביים האַרץ... ניט צום אויסהאַלטען...
— וואָס טהוט מען?
— שלעכט!
— ביטער!...
עטליכע מינוט שפּעטער:
— שמעריל!
— וואָס?
— ווי געפעלט דיר דעם רבין'ס בתולה?
— בע... מע... הע... הייסט דאָס, גאָרנישט...
— ביזט א יאָלד! א מויד ווי א צימעס!
— הם... ווייס איך?... אפשר ביזטו גערעכט. שאַ, ווייסטו וואָס, — רופט זיך אָב בעריל — טאָמער וואָלט געווען א פּלאַן מען זאָל אַראָבקריכען פון געלעגער און זעהן צי מען קען ניט עפּעס געפינען צו קייען?
— איך האָב שוין אויך געקלערט דאַריבער.
— נו?
— איז אָבער די צרה וואָס ס'איז פינסטער!
— ווייסטו־זשע וואָס? דו נעהם דעם גאַרטעל, איכ'ל האַלטען איין ברעג און דו דעם אנדערען... און אז דו וועסט וועלען צוריקקומען, וועסטו נאָכגעהן נאָכ'ן גאַרטעל.
— ס'א פּלאַן! ווי איך בין א איד!
און געטריבען פון דער נויט האָט זיך אונזער בעריל אוועקגעלאָזען אין דער פינסטער זוכען ברויט...
אז בעריל איז שוין געווען באַלד ביי דער טהיר פון דער קיך, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט א שאָרך. בעריל האָט זיך שטאַרק דערשראָקען און... אָבגעלאָזען דעם גאַרטעל.
די סיבה פון דעם שאָרך איז געווען די הייך־גויה, וועלכע איז איצט געקומען מאַכען דעם אויוון און ווייל עס איז נאָך געווען צו פריה, האָט זי זיך דערווייל צונעלעגט אין קיך־בעטעל.
פון ווייטער זוכען ברויט איז שוין ביי בערלען קיין קלער ניט געוועזען. ער האָט זיך נור געוואונשען צו קומען וואָס שנעלער צוריק אויפ'ן אָרט.

# אין דער פינסטער

הונגעריג און מיעד זיינען שמעריל און בעריל אנגעקומען אין שטעדטעל אריין. זיי האבען זיך דערפרעגט צום רב, צו וועמען זיי זיינען געקומען אין שליחות פון זייער ישיבה, און אזוי ווי עס איז געווען פרייטאג פארנאכט, זיינען זיי טאקע דארט פערבליבען אויף שבת.

דער רב, דער אמת'ער עהרליכער איד און ענו, האט זיי אפילו פערטרויט א סוד, אז כהיות אזוי ווי געריכט אויף זיי האט מען זיך דאך ניט, וועט זיין אביסעל קנאפלעך צו עסען — „גור", האט ער זיי געטרייסט, „דערפאר וועט איהר אבער קענען מיטזינגען מיט מיר אלע זמירות".

ס'איז געקומען צום עסען און מען האט דערלאנגט צום טיש א גרויסען קוכען, האט זיך דער רב, זאל לעבען, אנגעשפארט מיט'ן עלענבויגען אויף איהם, אויפ'ן קוכען הייסט עס, און א בעפעהל געטהאן צו די צוויי בחורים:

— זינגט כל מקדש!...

די שבת־סעודה האט זיך געענדיגט. די רבי'צען, א זשוואווע אידענע, מיט א כמעט מיידעלשען פנים, האט צונויפגעקאשערט דאס ווייסע טישטוך, צוגעטראגען עס צו א ווינקעל פון חדר און דארטען אויסגעשאטען אלע ברעקלעך.

דער רב מיט זיינע אורחים האבען געבענשט מזומן און, זעהענ־דיג אז די שבת־ליכט האלטען שוין ביים אויסגעהן, איז מען אוועק שלאפען יעדער אויף זיין ארט.

— בעריל! — וועקט איין בחור דעם אנדערען אין מיטען דער נאכט — דו שלאפסט?

— יא, איך שלאף! — ענטפערט איהם בעריל איראניש.

— געוואלד, ברודער, איך געה אויס פון הונגער!

קונה: דערפאַר ווייל איך דאַרף פּיער מיט א האַלב.

אב. ראָזענשטיין: שוין, שוין צייג איך אייך... איין מינוט... אזוי שנעל, אַז אַ שנעל־צוג וועט אונז נישט קענען אָנ־יאָגן... אַט, איהר זעהט? איהר זעהט אַ ביסעל אַ סאַמעט? ער איז אפילו טונקעל־ברוין, אָבער איך צייג אייך איהם נישט. טונקעל־גרין — איז טונקעל־גרין. נור גלאַט אזוי זיך...

קונה (ארויסגעהענדיג פון געדולד): צום טייפעל! איהר גיט מיר, צי ניט?! וואָס מאַטערט איהר מיך אַ גאַנצען טאָג?!

אב. ראָזענשטיין: טונקעל־גרין?

קונה: טונקעל־גרין.

אב. ראָזענשטיין: און טאַקע נור סאַמעט?

קונה: סאַמעט, סאַמעט, סאַמעט!

אב. ראָזענשטיין: טונקעל־גרינעם סאַמעט האָבען מיר יעצט ניט. פאַראַן אפילו סאַמעט — איז ער ניט טונקעל־גרין. פאַראַן טונקעל־גרין — איז עס ניט קיין סאַמעט... אפשר דאַרפט איהר עפּעס אזוי זאַכען: זאָקען, שלייקעס, האַלז־טיכער? אַ גרויסער אויסוואַהל... ניי־מאָדנע וואַארע, פרישע וואַארע...

קונה (העכסט אויפגערעגט. אַנטלויפט).

אב. ראָזענשטיין (אונצופריעדען): הממ... אַ חוצפה'ניק קען! די גאַנצע קראַם צוואָרפען. זאָל ער דאָס געבען צו לעזען כאָטש איין סענט!

(פאָרהאַנג)

גנב'עט אייער געלד? געווים פערהארעוועטע... אין אמעריקא דארף מען הארעווען אויפ'ן דאלאר... גוט גוט, איך וועל אייך באלד טאקע צייגען א שטיקעל וואארע, וואס איהר וועט א געשריי טהון: מיסטער ראזענשטיין! שניידט מיר אב דערפון הונדערט יארד!... אהא, אט דאס איז עס... די רעכטע שטיקעל וואארעלע... אנו, וואס וועט איהר, א שטייגער, זאגען אויף אזא שעוויאטעל?... הא? איך זעה שוין אייערע אויגעלעך בלישצען!... עס געפעלט אייך! א־יא, עס געפעלט אייך?!

קונה: צום טייוועל מיט אייער שעוויאט! איך בין אזוי פערנומען און איהר נעהמט ביי מיר צו די גאנצע צייט!

אב. ראזענשטיין: איהר דארפט ניט קיין שעוויאט? נו, גיב איך אייך, וואס איהר דארפט. איהר דארפט סאמעט, זאגט איהר? — וויים איך... דער מיסטער דארף סאמעט... גוט! וואס בין איך עפעס, א גזלן, וואס איך זאל צונעהמען ביי אייך אייער צייט?... צייט איז זעהר א טהייערע זאך. זעהר א טהייערע זאך! צייט האט אזא טבע, אז עס געהט אוועק איין מינוט, א מינוטקעלע — קעהרט זיך דאס שוין קיינמאל ניט אום צוריק... ניטא, אוועקגעגאנגען און גאר... יא, מיסטער לעבען, פון מינוטען ווערען שטונדען, פון שטונדען, טעג, פון טעג מאנאטען, פון מאנאטען יאהרען און פון יאהרען — — —

קונה: צום טייוועל! (אונגעדולדיג) איהר גיט מיר טונקעל־גרינעם סאמעט צי ניט?! איך בעט אייך סאמעט! איהר פערשטעהט?! (שרייט) און דער סאמעט זאל זיין טונקעל־גרין!... איהר הערט, וואס מען רעדט צו אייך?! ניט שווארץ, ניט בלוי, ניט געל!... ניט שעוויאט, ניט לינען, ניט געוואנד, ניט זייד, ניט סאטין, נור סאמעט! סאמעט! טונקעל־גרינעם סאמעט!!...

אב. ראזענשטיין: גאט איז מיט אייך, מיסטער, צו וואס בעדארפט איהר נאך שרייען? א מעהר, איהר ווילט סאמעט — וועט איהר גלייך קריגען סאמעט. אין איין רגע, אין איין אויגענבליק... וויפיעל יארד ווילט איהר?

קונה: פיער מיט א האלב.

אב. ראזענשטיין: פאר וואס ניט זיעבען?

אב. ראָזענשטיין (אַרויפקריכענדיק אויפ׳ן לייטער און אַרויס־שלעפענדיק אַ היבשען קנויל שטאָף): הממממ... איהר, מיסטער, גיט נאָר אַ פרעג דעם קלענסטען אינגעל אין שטאָדט: מיט וואָס צייכענט זיך אויס אב. ראָזענשטיין׳ס פירמע? וועט ער אייך גלייך ענטפערן: מיט זיין טונקעל־גרינעם סאַמעט!... וועלל, אַט האָט איהר עס... זיינט איהר אַ מבין אויף דעם שטיקעל סאַמעט?

קונה: יאָ, אבער ער איז דאָך גאָר שוואַרץ.

אב. ראָזענשטיין: און וועלכען סאַמעט ווילט איהר?

קונה: צום טייוועל, איך האָב דאָך אייך שוין טויזענד מאָל געזאָגט: טונקעל־גרינעם, טונקעל־גרינעם.

אב. ראָזענשטיין: טאָ וואָס־זשע איז דער חלוק? כלעבען, מיסטער, נעהמט אָט דעם, דאָס איז דאָך אויך כמעט גאָר טונקעל־גרין. דאַכט זיך, אַז נאָך טונקעלער קען גאָר ניט זיין!

קונה: איך דאַרף ניט קיין שוואַרצען סאַמעט.

אב. ראָזענשטיין: אַלע טראָגען יעצט שוואַרצען סאַמעט. ס׳איז יעצט די רעכטע מאָדע!

קונה: עס קען זיין. אבער איך דאַרף טונקעל־גרינעם סאַמעט.

אב. ראָזענשטיין: סאַמעט?

קונה: נו, געוויס, סאַמעט!

אב. ראָזענשטיין: ווייסט איהר וואָס? נעהמט גאָר אַ שטיקעל סאַטין. אַזוי גרין, אַ געוואַלד!

קונה: הערט, דרעהט מיר ניט קיין קאָפּ! איהר האָט טונקעל־גרינעם סאַמעט — איז גוט, אַניט — געה איך אין אַן אַנדער קראָם.

אב. ראָזענשטיין: הי, הי, הי, און נאָך מסתמא צו סעמקע קוטין וועט איהר געהן, וועלכער האָט ערשט יענע וואָך אַרויסגעטריבען זיין טאָכטער, ווייל זי האָט, איהר זאָלט מיר מוחל זיין, עפּעס... אין פּאַרק... אָדער איהר וועט געהן צו דזש. זיסמאַן, דעם שווינדלער מיט די פּרישצעס אויף דער נאָז, וואָס וועט אייך אַראָבשינדען די הויט און וועט ביי אייך צונעהמען די עטליכע דאָלאַר, וואָס איהר האָט פערהאָרעוועט מיט בלוט און שוויים... וואָס דען? איהר

# אין א שניט קראָם

פּערזאָנען:

אב. ראָזענשטיין — קרעמער.
יונגערמאַן — קונה.

אָרט: א שניט־קראָם אויף קאַנעל סטריט, ניו יאָרק.

קונה: ווייגט מיר טונקעל גרינעם סאמעט. האָט איהר עס?
אב. ראָזענשטיין (שמייכעלט גדלות׳דיג): וואָס הייסט, ביי אונז וועט ניט זיין קיין טונקעל־גרינער סאמעט?! אין אזא פירמע ווי אב. ראָזענשטיין׳ס זאָל ניט זיין, ווייס איך וואָס דאַרטען, א שטיקעל סאמעט? דאָס איז דאָך פּשוט א געלעכטער.
קונה: טאָ זייט־זשע אזוי גוט און ציינט מיר.
אב. ראָזענשטיין: וואָס צייגען?
קונה: דעם סאמעט צייגט מיר.
אב. ראָזענשטיין: אָ, דעם סאמעט... שוין, שוין, שוין. איין רגע׳לע... אָט ווי איהר זעהט, צייג איך אייך אזא סאמעט, אז איהר וועט פּשוט געהן טאנצען פאר שמחה. (ער שלעפּט ארויס א שטי־קעל וואארע פון פּאָליצע, וויקעלט עס פונאנדער און גלעט מיט דער האנד.) נאט, איהר ווילט זעהן א שטיקעל וואארע?
קונה: ענטשולדיגט, איהר האָט מיך, וואהרשיינליך, פער־הערט. איך האָב אייך געבעטען איהר זאָלט מיר געבען טונקעל־גרינעם סאמעט און איהר גיט מיר גאָר זייד.
אב. ראָזענשטיין: אָבער וואָס פאר א זייד! אי, אי, אי!
קונה: אָבער איך ברויך סאמעט.
אב. ראָזענשטיין: אָ, סאמעט! טאָ וואָס־זשע שווייגט איהר? זאָגט־שע אזוי. טונקעל־גרינעם?
קונה: טונקעל־גרינעם.

און די קללה האָט איינגעשטימט. און נח האָט ביידען אריינ־גענומען.

און ווען זיי זיינען ארוים פון דער תבה האָט דער ליגען אוצרות געזאַמעלט, רייכטהימער אָנגעשאפּט, אָבער זיין זווג האָט אַלצדינג צוגענומען, אזוי איז דער אָבמאַך געווען...

און דער ליגען איז תמיד געבליבען אָרעם...



# דאס פּאר

(אַ מדרש־לעגענדע)

פּאַרווייז זיינען אַלע בעשעפעניסען פון דער וועלט געקומען צו נח'ס תבה ער זאָל זיי אריינגעהמען... קיינע אָהן אַ זווג איז ניט אריינגענומען געוואָרען. דען דער בעפעהל פון גאָט איז געווען: „נעהם אריין צו פּאָאר פון יעדער מין וואָס לעבט אויף דער ערד".

און ווען די טהויערען פון דער תבה האָבען שוין געזאָלט צוגעריגעלט ווערען, איז הינקענדיג געקומען צולויפען דער ליגען.

— נעהם מיך אריין אין דיין תבה! — האָט ער זיך ביי נח'ן געקליאַנעט.

— וואו איז דיין פּאָאר? — איז געווען דער ענטפער.

— איך האָב ניט קיין פּאָאר. אַלע פלעגען מיך פערשטויסען ווייל איך בין מאום, — האָט זיך דער ליגען געבעטען — נעהם מיך אריין אַליין.

— ברענג אַ פּאָאר אָדער ווער אין מבול דערטרונקען!

און שנעל געלאָפען איז דער ליגען, געזוכט, געפרעגט, ביז ער האָט די קללה בעגעגענט.

— ווילסטו מיין זווג זיין? — האָט דער ליגען געפרעגט.

— וואָס וועסטו מיר אַלס נדן געבען? — האָט איהם די קללה צוריקגעפרעגט.

— איך האָב גאָר ניט. אָבער פאַר מיר איז די וועלט אָפען. מען לאָזט מיך אין דער תבה ניט אריין, מיט דיר וועט מען מיך אריינלאָזען. און דאַן ווען דער מבול וועט זיין אריבער און איך וועל ווידער אויף דער פרייער וועלט ארוים, דאַן וועט אַלץ וואָס איך וועל פערדינען אין דיין האַנד זיין.

גערעדט, אזוי ווי ער וואָלט זיך געאײַלט וואָס מעהר אריינצוכאפּען. ער האָט געשילדערט די שרעקליכע סצענע, ווי די פערוואונדעטע, צוברענטע פון דעם לאָקאָמאָטיוו־פייער, צודריקטע פון די רעדער, זיינען געלעגען צושפּרייט פון אַלע זייטען און ווי פון זייערע קולות האָט געקענט א טיגער׳ס הארץ פּלאַצען.

און אין מיטען פון דעם סאמע פּפּור האָט שלימאַק געטהאָן א שפּרונג, געכאפּט זיין אויבערראָק, געזאָגט שנעל „א גוטע נאכט“, און זיין מוח האָט איהם געברענט ווי אָנגענאָסען מיט הייסען בליי, און ער האָט געשפּירט אז א גרויסע קאטאסטראָפע האָט מיט איהם פּאסירט.

„ליגנער! כזבן! לומפּ!“ — האָט ער געשריען צו זיך אַליין — „ניעדערטרעכטיגער מנובל! פאר וואָס האָסטו זיי גלייך ניט געזאָגט, אז דו האָסט געמיינט האלב נאָך עלף?...“



דער פרעגער, וועלכער איז געווען אַ טרעוולינג־סיילסמען און אַ בקי אין דער צייט ווען די טריינס קומען פון שיקאַגאָ, האָט זיך געוואונדערט אויף אַזאַ מין תשובה און איהם גלייך ווידער געפרעגט:

— דו האָסט ענטוועדער געזאָלט אָנקומען פיער פאַרטאָג אָדער האַלב נאָך עלף. וואָס פאַר אַ טריין קומט דאָס אָן האַלב נאָך אכט?

חיים שלימאַק איז רויט געוואָרען, אבער איידער נאָך ער האָט געהאַט צייט נאָכצודענקען, איז איהם פון מויל אַרויס:

— אונזער טריין האָט זיך פערשפּעטיגט צוליעב אַן עקסידענט.

— אַן עקסידענט? — דער עולם איז געוואָרען נייגעריג, און שלימאַק האָט געשפּירט ווי קאַלטע טראָפּענס שוויים געהען איהם אַרוים אויפ׳ן שטערען, און די פּאַדלאָגע לאָזט זיך אַרונטער פון אונטער זיינע פיס ערגעץ אין תהום אריין.

אָבער איצט איז שוין געגאַנגען אין נצחון.

— עס איז געווען אַ צוזאַמענשטוים פון טריינס, — האָט ער כמעט ווי אויסגעשריען, און האָט בעת מעשה געשפּירט אַזוי ווי אַ פיש־ביין וואָלט זיך איהם געשטעלט אין גרגרת.

— זיינען מענשען נע׳הרג׳עט געוואָרען? — האָט די בעל־הבית׳טע פון הויז צושראָקען געפרעגט.

— דריי זיינען טויט און צוועלף פערוואונדעט. — האָט שלימאַק געענטפערט און געפיהלט ווי איהם ווערט אַזוי ווי צו חלש׳ן.

— שטאַרק פערוואונדעט מסתמא? — האָט אימיצער ווייטער געפרעגט.

— ביי איינעם האָט עס אָבגעריסען ביידע פיס מיט ביידע הענד, און איהר האָט געראַרפט זעהן ווי דער אונגליקליכער האָט זיך געביך געבעטען, אימיצער זאָל איהם דערשיסען אויף טויט. — האָט שלימאַק האַסטיג אַרויסגערעדט און געפיהלט אַז אָט־אָט וועט ער דאָ פאַלען אַ בר־מנן.

איצט איז די גאַנצע קאָמפּאַניע צוגעשטאַנען, אַז ניט אַנדערש ער מוז דערצעהלען אומשטענדליך, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען. און חיים שלימאַק האָט אַן אויפגערעגטער, אַ בלייכער, האַסטיג

# בעשערט אן אומגליק

חיים שלימאק איז געווען א יונגערמאן פון א גאנץ יאהר, אבער איין גרויסע מעלה האט ער געהאט, א מעלה מיט וועלכער ער האט שטארק שטאלצירט און צוליעב וועלכע ער האט געקראגען א שם צווישען אלע זיינע בעקאנטע. ער האט נעמליך קיינמאל קיין ליגען ניט געזאגט.

אז חיים שלימאק האט געזאגט א ווארט אדער דערצעהלט א מעשה, האט איהר געמעגט ארויפלעגען די האנד אויף אייער דיך און שווערען אז עס איז אזוי.

ווען חיים שלימאק, כדומה, וואלט געקומען און דערצעהלט אז ער האט געזעהן ווי א קוה איז געפלויגען איבער'ן דאך, וואלט מען איהם געגלויבט און זיך אפילו ניט פערקרימט.

חיים שלימאק זאגט און פערטיג.

מאכט זיך אזא געשיכטע.

חיים שלימאק פאהרט אוועק אין שיקאגא און קומט צוריק.

„נו — פרעגט איהר — איז בכן?..."

בכן איז —

נאר לאמיר דערצעהלען כסדר.

דעמזעלביגען טאג וואס חיים שלימאק איז צוריקגעקומען פון שיקאגא, איז ער געגאנגען בעזוכען זיינעם א קאזין. דארט האט ער געטראפען א גאנצע קאמפאניע, וועלכע האט איהם בעגריסט מיט דעם געוועהנליכען „אט קומט דער אמת־זאגער."

אלצדינג איז געגאנגען כשורה ביז איינער פון די אנוועזענדע האט צופעליג א פרעג געגעבען:

— ווען ביזטו אנגעקומען פון שיקאגא?

— האלב נאך אכט. — האט שלימאק געענטפערט, און תיכף חרטה געהאט. ער האט אייגענטליך געוואלט זאגען האלב נאך עלף, נאר די צונג האט זיך עפעס ביי איהם פערטשעפעט.

דער פרעגער, וועלכער איז געווען א טרעוולינג־סיילסמען און א בקי אין דער צייט ווען די טריינס קומען פון שיקאגא, האט זיך

עקסטרא זעכציג מײלען, און איהר װעט קומען אין שיקאגאָ צו דער מינוט.

— „אַ פּיפּעץ דיר אויף דער צונג“ — האָט ופּסי געקלערט. געענטפערט אָבער האָט ער העפליך: „איך דאנק אײך פאר די גוטע נײעס.“

נאָכמיטאג האָט דער קאָנדוקטאָר װיעדער אנאָנסירט מיט אַ ביסעל אַ זױערע מינע, אז דער צוג האָט צוליעב אַ געװיסע סיבה געמוזט געהן אביסעל לאנגזאמער און האָט דאדורך פערלאָרען אַ גאנצע שעה.

און דער קעניג פון דער דראמא האָט אָבגעלעבט...

עס זײנען געבליבען בלויז אַ 4—5 שעה ביז שיקאגאָ, און די שטונדען האָט ופּסי פערבראכט, זיך פאָרשטעלענדיג די בלויע רינגען פון רויך, װעלכע ער װעט ארויסבלאָזען פון די פּאַפּיראָסען, װעלכע ער װעט קויפען פאר דער אײזענבאהן קאָמפּאניע׳ס דאָלאר.

קעגען אָבענד איז דער צוג אָנגעקומען אין שיקאגאָ. אויפ׳ן װאקזאל האָט געװוארט אַ קאָמיטע פון פופציג צו בעגריסען דעם אונפערגלײכליכען. פרויען מיט בוקעטען אין די הענד האָבען אזש געציטערט פון אונגעדולד צו זעהן דעם ליטעראַרישען גאון.

אָבער דער גאון איז געװען בעטריעבט. מרה־שחורה׳דיג איז געװען זײן פּנים און אין זײנע אויערען האָט געקלונגען די בשורה װאָס דער קאָנדוקטאָר האָט איהם נאָר װאָס געגעבען:

— איהר זײט אין שיקאגאָ אָנגעקומען אויף דער מינוט, אזוי װי איך האָב געזאָגט... אונזער צוג ענטטױשט נים זײנע פּאסאַ־זשירען...

און אויף דעם פּאסאזשיר׳ס צונג איז געבליבען דער ניט־ארויסגערעדטער ענטפער:

— געה אין דר׳ערד אריין מיט ד ײ ן צוג און מיט מ ײ נ ע קאָמיטעס אלס צוגאָב.

דאן איז ופּסי ארויסגעשטיענען אויפ׳ן װאקזאל און גענומען שמײכלען רעכטס און לינקס.

ופסי'ס מוח און די פרייד האָט אָנגענומען די געשטאַלט פון דעם פאָלגענדען געדאַנקען:

— ווארום קען עס ניט פּאסירען טאקע היינט, אז מיר זאָלען זיך פערשפּעטיגען? לאָז זיין כאָטש איין שעה — איז אויך א דאָלאר. און דעם דאָזיגען דאָלאר וועט מען נעהמען און מען וועט קויפען פּאפּיראָסען.

— און רויכערן וועל איך דוקא 3 אויף איין מאָל, און רויכערנ־דיג וועל איך אויסלאָזען די גאנצע תוכחה אויף דער קאָמיטע און זיי אויסרופען (נאטירליך אין געדאַנקען בלויז) וואָס אין קאָרט שטעהט.

דער צוג איז אונטערדעסען האסטיג געפלויגען, און עס איז געוואָרען נאכט. הערר ופסי איז געלעגען אויף זיין ווייכען פולמאַן־בעט, אָבער שלאָפען האָט ער ניט געקענט. ער האָט געווארט אויף טאָג. דאַן וועט ער אויסגעפינען אויב דער צוג האָט זיך פערשפּע־טיגט אָדער ניט. און אזוי ווי מען גלויבט געוועהנליך אין וואָס מען וויל, האָט ער געגומען גלויבען באמונה שלמה, אז דער צוג מוז זיך פערשפּעטיגען. זאָל זיין כאָטש אויף איין שטונדע. א דאָלאר געהט אויך ניט צו־פוס... און אז צוויי, איז נאָך בעסער.

אויפגעשטאנען איז ופסי פריה, און אויף איהם האָט געווארט א גרויסע שמחה. פרעגענדיג דעם קאָנדוקטאָר, האָט ער אויס־געפונען, אז דער צוג האָט זיך אין דער נאכט פערשפּעטיגט אויף 1¼ שטונדע.

— א דאָלאר איז שוין דאָ — האָט דער אידישער זודערמאַן געטראַכט — און אז די געטער (ופסי פלעגט טראַכטען מיטהאָלאָ־גיש) ווילען וועט זיין נאָך איינער און אפשר נאָך צוויי, און די קאָמיטעס קענען געהן לעזזאל.

ארום 12 א זייגער איז אריין דער קאָנדוקטאָר און ופסי האָט זיך א קעהר געטהאָן צו איהם:

— אויף וויפיעל זיינען מיר פערשפּעטיגט?

— מיר זיינען געוועזן פערשפּעטיגט — האָט דער קאָנדוק־טאָר איהם בערוהיגט — אבער איהר דארפט זיך ניט ערגערן. מיר האָבען אין פערלויף פון די לעצטע פּאָר שטונדען אריינגעכאפּט אַן

צו נאַפּאָלעאָן, צו שעקספּיער און צו ניטשע, זיינען געלעגן אויף זיין נאָך קליינשטעדטעלדיגען געוויסען.

אָט איז שוין א קימאַ־לן פון פיער וואָכען, ווי מען האלט איהם אין איין איינלאַדען פון איין שטאדט אין די צווייטע, און אומעטום דיזעלבע חתונה, מיט באנקעטען, מיט בלומען און מיט טאָאסטען.

און וויעדער געשמועסט, בעקלאָגען איז זיך אייגענטליך ניטאָ אויף וואָס. פאָהרען פאָהרט ער ווי א גראף, שטעהט איין אין די בעסטע האָטעלען, און פון בעצאָהלען וויים ער נים. די קאָמיטע זאָרגט פאר אלץ... ער קריגט אין האנד א פארטיגען באהן־בילעט, א קאָמיטע בעגלייט איהם ארויס, און דאָרט אויפ׳ן צווייטען וואקזאל ווארט שוין אן אנדער קאָמיטע.

און דאָ האָט זיך דער גרויסער ופסי דערמאָנט אָן עפּעס וואָס האָט איהם אזוי ווי א שלאנג א ביס געטהאָן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט ניט אין דער קעשענע א צובראָכענעם פּיאטאק.

אָט האָסטו דיר! — האָט דער שטערען פון צוויי וועלט־טהיילען געטראכט — מען גיט דיר בלומען וואָס קאָסטען א שלל מיט געלד, מען טראָגט דיך אויף די הענד, און מען פיהרט דיך אום ווי אן אבן־טוב, און א סענט ביי דער נשמה האָסטו נים.

און דאן האָט ער זיך דערמאָנט ווי ער האָט אויפ׳ן וואקזאל געוואָלט קויפען א פּעקעל פּאפּיראָסען, און האָט פּשוט נים געהאט קיין צעהן סענט... און א געפיהל פון בימערקייט האָט זיך צוגאָסען אין קנייטשען אויף זיין געזיכט.

און ופסי האָט בעשלאָסען מעהר וועגען דעם אונאנגענעהמען ענין ניט צו טראכטען, האָט אויפגעהויבען די „טאים־טייבעל" און האָט גענומען לייענען מיט התמדה די מעלות און די גאָלדענע גליקען פון דעם „טווענטיעטה סענטשורי לימיטעד".

„מיר גאראנטירען — איז דאָרט געשטאנען — אין 18 שטונדען צו קומען אין שיקאגאָ. פאר יעדע שטונדע וואָס מיר וועלען זיך פערשפּעטיגען, קריעגט דער פּאסאזשיר צוריקגעצאָהלט, ביים אָנקומען אין שיקאגאָ, א דאָלאר."

אן עלעקטרישער בליץ פון פרייד איז דורכגעפלויגען דורך

## וואס דער גרויסער מאַן האָט געטראכט

דער ריעזיגער לאָקאָמאָטיוו צוגעשפּאַנט צו זעקס פּרעכטיגע וואַגאָנעס פון דעם „טוועגטיעטה סענטשורי לימיטעד“, האָט ארויס־געלאָזען זיינע ערשטע שווערע טאָך־טאָך׳ס, און דער צוג האָט זיך ארויסגעריהרט פון „סענטראַל דיפּאָ“, אויף זיין רייזע נאָך שיקאגאָ.

דער בעריהמטער אידישער דראמאטורג, הערר ו פּ ס י, האָט צום ערשטען מאָל ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ דורך אַ פענסטער פון דעם שלאָף־וואַגאָן, וואו ער איז געזעסען, האָט נאָך אמאָל אַ מאַך געטהאָן מיט דער האנד אַ שטומען „זייט געזונד“ צו דעם געזעמעל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער פּלאטפאָרמע פון וואקזאל און איהם צוגעוואונשען אַ גליקליכע נסיעה. דאן האָט ער זיך צוריקגעלעהנט אויף דער ווייכער פּלושענער באנק און ארויסגעלאָזט אַ שטארקען זיפץ.

און צוגלייך מיט דעם זיפץ האָבען פון הערר ופסי׳ס מטושטש׳ע געדאַנקען גענומען ארויסטאַנצען בוכשטאבען און ווערטער, וועלכע האָבען זיך ביסלעכוויז צוזאמענגעשטעלט אין דעם קלאָרען זאץ:

ב—ר—ו—ך ש—פּ—ט—ר—נ—י.

און הערר ופסי, מיט יענעם דראמאטישען כח הדמיון, וואָס האָט איהם בעריהמט געמאכט פון ווארשאָ ביז ניו יאָרק, און פון ניו יאָרק ביז סאַן פראַנציסקאָ, און ערוואָרבען פאר איהם דעם נאָמען פון דעם אידישען זודערמאַן — האָט גענומען ווידער איבערגעהן אין געדאַנקען די ערפאהרונג און די אויפרעגונגען פון די לעצטע פיער וואָכען.

דער טעם פון די צעהן באַנקעטען, פון וועלכע איינער בלויז איז גענוג געווען צו געבען אַ דריי־יאָהריגען מאָגען־קאַטאַר, איז איהם שווער און זויער געלעגען אויפ׳ן גומען, און די בלומען, און די הונדערטער רעדעס, וואו מען האָט איהם פערגליכען צו משה רבינו,

צו אַ קריסטליכען בוטשער וועלכער האָט אויסגעביטען דעם חזיר אויף אַ גאַנז. אָבער ווען ער איז געקומען אהיים האָט דער רב פון זיין קאָנגרעגיישאָן איהם דערצעהלט, אַז אויך די גאַנז איז טרפה ווי חזיר, ווייל מען טאָר קיין הנאה ניט האָבען פון אַ חזיר אפילו ווען מען בייט עס אויס אויף אַ כשרה זאַך! דער פּרעזידענט האָט אַ ווייל׳ע געטראַכט, האָט פערקויפט די גאַנז פאַר צוויי דאָלאַר און איז געקומען צו מיר איך זאָל פאַר דיעזע צוויי דאָלאַר איהם ארויסנעהמען צוויי שלעכטע ציינער.

און ווי איהר פערשטעהט, האָט ער פאַר זיינע צוויי דאָלאַר קיין הנאה געהאַט. אבער אויך איך האָב קיין הנאה געהאַט פון דיעזע צוויי דאָלאַר, ווייל איך האָב דערפאַר געקויפט צוויי טיקעטס צו זעהר אַ רעאַליסטישע דראַמאַ, וואָס איך האָב אויסגעקרענקט.



א מיטוואָך, מיט א פּעקעל טאַבאַק צוגאָב, דעם צוגאָב האָט מען געמוזט געבען, ווייל וועהרענד מיטוואָך האָט דריי מאָהלצייטען, האָט פרייטאג בלויז צוויי מאָהלצייטען, דען דער דריטער מאָהלצייט געהערט דאָך שוין צו דעם ביי וועמען מען עסט שבת. ווי איהר הערט, פריינדע, איז דאָס געווען מיין ערשטער טריט אין ספּעקוליי־שען, און דארום בין איך פערבליבען אזא ספּעקולאַנט. מיין ערשטע ספּעקולאַציאָן אין אלזאָ געווען מיט „טעג".

— שאַדע וואָס איהר האָט ניט שפּעקולירט מיט נעכט אויך.

— האָט דער אַקטיאָר בעמערקט לאַכענדיג.

## וואָס דער דאָקטאָר דערצעהלט.

— ווי איהר ווייסט, — האָט אָנגעפאַנגען דער דאָקטאָר — בין איך געווען מיט אייניגע יאהר צוריק דער צאהן־דאָקטאָר אין א קליינע שטאדט פון דער וועסט. א פעראיין פון יונגע לייט האָט דאָרט געפּלעט (געראַפּעלט) אן אינדיק און א חזיר'ל, ווייל דיעזער פעראיין בעשטעהט איבערהויפּט פון קריסטליכע יונגע לייט, כאָטש דאָרט געפינען זיך אויך אייניגע אידען פון ביזנעס וועגען. אָבער, ווי אויף להכעיס איז דער גורל פון פּלעט געפאַלען אזוי אז דעם אינדיק האָט געוואונען אן איירישער קאָנדוקטאָר, און א אידישער סטאָרקיפּער האָט געוואונען דאָס חזיר'ל. אלע האָבען זיך צולאַכט ווען מען האָט אָבגעגעבען דאָס חזיר'ל צום אידען וועלכער טראָגט א באָרד, פיהרט א שטאַטיק און איז אויך פרעזידענט פון עפּעס א קאָנגרעגיישאָן.

אָבער, וואָס טהוט ער מיט'ן חזיר'ל? דער איד איז געפאַלען אויף א פּלאַן: עס אויסבייטען אויף אן אינדיק אין מאַרקעט. בקיצור, אונזער פרעזידענט האָט איינגעוויקעלט דעם חנ'עווודיגען חזיר אין זיין ראָק און האָט איהם געטראָגען איבער דער גאַס. אבער ער האָט אָנגעפאַנגען שרעקליך קוויטשען (דער חזיר, ניט דער פרעזידענט) און נאַטירליך האָט ער (דער פרעזידענט, ניט דער חזיר) זיך געבעטען מיט גוטען און בייזען ער זאָל ניט מאַכען זיינע פּאָטישע קולות. אבער דער חזיר האָט נאָך שטאַרקער געקוויטשעט און זיי ביידע, דער חזיר מיט'ן פרעזידענט, זיינען ענדליך געקומען

דער יענקישער רעפּאָרטער האָט ווידער געפרעגט דעם שוחט וואָס ער האָט געזאָגט, און ער האָט געקראָגן דיעזע דייטליכע ערקלערונג:

— הי סייד: לעט מי טעל יו מאַי פרענדס, אָוו דהי האָל טינג וויל קאַם אוט אַ נערעט ענד אַ שעלף.

דער רעפּאָרטער האָט אַ ווײַלע געשריבען, אבער ער האָט באַלד פערלאָזען די האַלב צומישט, און אויף מאָרגען איז געווען געדרוקט אין אַ גרויסע ניו יאָרקער צייטונג, אַז אַ מערקווירדיגער אידישער רעדנער האָט געהאַלטען אַ מערקווירדיגע רעדע אין וועלכע ער האָט ערקלערט די שווארצע קונסט, ווי אַזוי מען קען פערבלענדען די אויגען פון פובליקום און זיי ווייזען אַ קאָנוועגשאַן פון מלאכים אין הימעל, אָדער צו פערוואַנדלען אַ בוידעם אין אַ פאָלדינג בעד, אַ קעלער אין אַ פּאָליצע און אַ פּיאַנאָ אין אַ וואַלגערהאָלץ. ער האָט אָבער ניט געהאַט איין וואָרט וועגען עיקר פון דער מיטינג — צו מאַכען אַ מקוה אין די בראָנקס. מען זאָגט, אַז דער רעפּאָרטער איז נעביך משוגע געוואָרען, און זיין משוגעת בעשטעהט אין דעם וואָס ער האַלט אין איין שרייען אויף ענגליש:

— אַוועק פון מיר, נעהמט אַוועק דעם יאַריד פון מיין הימעל, ווען ניט וואַרף איך איך אַ בוידים אין אייער פּאָליצע.

## דער ריעל־עסטייט בראָקער דערצעהלט.

— איך האָב אָנגעפאַנגען מיין פּראָפעסיאָן צו שפּעקולירען — האָט דערצעהלט דער ריעל־עסטייט בראָקער — ווען איך בין אַלט געווען בלויז 5 יאַהר, און דאָס האָט פּאַסירט אין טעלז — די אונגליקליכע אָבגעברענטע טעלז — וואו איך בין געווען אַ ישיבה־בחור און געגעסען טעג. איך האָב דאַן געהאַט צוויי מיטוואָכס, אָבער עס האָבען מיר געפעהלט צוויי אַנדערע טעג — מאָנטאַג און פרייטאַג. אין די זעלבע ישיבה איז געווען אַ ווידוקלער ישיבה־בחור, טאָדרעסקע מתמיד, וועלכער האָט בלויז געהאַט דריי פרייטאַגס און צוויי מאָנטאַגס. מיר זיינען ביידע צוזאַמענגעקומען אין די ווייבערשע שוהל, וואָס מיר האָבען פערוואַנדעלט אין אַ בערזע, און מיר האָבען זיך געביטען „טעג" — צוויי פרייטאַגס פאַר

ווער האָט דאַן געסטרייקט, אבער אויך איך האָב זיך אַן עצה געגעבען — איך האָב דערוואָרגען מיין שווינער מיט אַ האַנדטוך.

## דער רעפּאָרטער דערצעהלט.

ווי איהר ווייסט איז מיין ביזנעס צו געהן צו מיטינגס און בעריכטען דערנאָך אַלעס אין אַ אידישע בלאַט פאַר וועלכע איך ארבייט. נו, עס טרעפט מיר זעהר אָפט אַז איך טרעף זיך צוזאַמען ביי זאַלכע אידישע מיטינגס מיט אייניגע ענגלישע רעפּאָרטערס וועלכע מען האָט איינגעלאַדען כדי זיי זאָלען אַלעס בעשרייבען אין די פּייפּערס. עס איז געוועזען אַ גרויסער מיטינג בערופען אין די בראָנקס וועגען אַ וויכטיגע זאַך. דער עולם איז צוזאַמענגעקומען פּונקט 8 אוהר אבענדס און דער ערשטער רעדנער האָט אָנגעפאַנגען זיין דרשה. די ענגלישע רעפּאָרטערס האָבען זיך געזעצט אויפ־שרייבען וואָס זיי הערען. פּלוצלינג האָט דער רעדנער זיך צוהיצט און אויסגעשריען:

„נו, זאָגט אַליין, פאַרוואָס האָט מען בעדאַרפט מאַכען אַזא יאַריד אין הימעל?“

דער אמעריקאַנער רעפּאָרטער האָט זיך באַלד געווענדעט צום שוחט וואָס איז דערביי געזעסען, און איהם געפרעגט וואָס דער רעדנער האָט יעצט געזאָגט.

„הי סייד דזשאָסט נאָו — האָט ער ערקלערט אין זיין ביסעל געבראָכענע ענגליש — הי סייד: וואַי דו יו מייק סאָטש אַ מאַרקעט אין העווען?“

— איך פערשטעה אייך ניט, — האָט דער ענגלישער רעפּאָר־טער געמורמעלט — האָט אפשר דער רעדנער געמיינט אַז די מלאכים מאַכען אַ מאַרק אין הימעל? ער רעדט געוויס פון אַ קאָנ־ווענשאַן פון מלאכים. אבער וואָס מיינט עס?

איידער דער שוחט האָט צייט געהאַט צו ערקלערען די מיינונג פון „מאַכען אַ יאַריד אין הימעל“, האָט דער רעדנער אויף דער פּלאַטפאָרמע זיך ווידער צוהיצט און אויסגעשריען:

„איך זאָג אייך, מיינע פריינדע, אַז פון די גאַנצע זאַך וועט זיך אויסלאָזען אַ בוידים מיט אַ פּאַליצע“.

„מעשים טובים", ווייל איך בין לאַ עליכם געווען דער אינטריגאַנט. דער אַקטיאָר האָט גערדריקט אייניגע מאָל זיין רעוואָלווער, אבער אומזיסט די ארבייט, עס געהט ניט! נור, הערט בעסער כסדר ווי עס איז צוגעגאַנגען די שיסעריי:

— וואַרט, דו באַנדיט! — האָט דער שיסער פּלוצלונג אויסגעשריען דראַמאַטיש צו מיר — דיין ענדע איז שוין געקומען, זאָג אָב „שמע ישראל" און מיט דיעזען רעוואָלווער וועל איך דיינע געהירן פערברענען, אַך טייפעל און העלע!

— אבער זעהט, האָט רחמנות, — האָב איך זיך געבעטען — איך וועל שוין מעהר ניט זיין קיין שלעכטער מענש. לאָזט מיך לעבען נאָך כאָטש איין שטונדע, האָט רחמנות און שיסט מיך ניט.

— ניין, ניין, דו טייפעל! — האָט געדונערט דער ליעבהאבער, ציעלענדיג אויף מיר זיין רעוואָלווער — האָסט נור צייט ביז איך וועל אָבצעהלען 3, און דאַן שיס איך. נו, איך צעהל שוין: איינס— צוויי— דדדריי— פּאַף! פּיף!

אָבער אַ נעכטיגער טאָג! דער רעוואָלווער האָט ניט געוואָלט שיסען און האָט אויך צום מאָל קיין קלאַפּ ארויסגעגעבען. ווי דער שיסער האָט דערזעהן אז ער איז אין ראָסעל, האָט געגעבען אַ שליידער דעם רעוואָלווער און אויסגעשריען מיט אַ העכסט דראַמאַטישען טאָן דיעזע ווערטער וואָס זיינען גאָר ניטאָ אין זיין ראָלע:

— אָה, ניין, — האָט ער געברומט — איך וועל דיך ניט שיסען, ווייל דאָס איז אַ צופיעל איידעלער טויט פאַר דיר; איך וועל דיינע געהירן ליעבערסט ארויסשמייסען אויף אַן אנדער אַרט מיט אַ בריק אין הינטען!

און ביי דיעזע ווערטער האָט ער מיר געגעבען אַ לעדערנעם שלום עליכם, דאָס הייסט אַ בריק אין באַלף מחילות. איך בין געפאַלען „טויט" און דער פאָרהאַנג איז געפאַלען. דאָס פּובליקום האָט אפשר ניט פערשטאַנען ווי אַזוי מען קען פערליערען די געהירן דורך אַ בריק אין הינטען, אָבער מען האָט דאָך אַפּלאָדירט דעם העלד פאַר זיין לעדערנעם שלום עליכם אויף מיין ריינעם אָרט. ביי אַן אנדער געלעגענהייט האָב איך אליין בעדאַרפט דערשיסען מיין שווינער אויפ'ן בית עולם אין דריטען אַקט, און אויך מיין רעוואָל־

# טויזענד און איין סעקונדע

(קאָמישע צופעלע)

זיי זיינען געווען פיער פריינדע און זייַנען געפאָהרען פון קוני־איילענד: א אידישער אקטיאָר, א אידישער רעפּאָרטער, א אידישער ריעל־עסטייט בראָקער און א צאָהן־דאָקטאָר. ווען דער דאמפּפער איז געווען אין מיטען וועג, איז ארויס א רעגען, און זיי האָבען זיך אַלע אזוי געלאנגווײַלט, אַז איינער פון זיי האָט געמאכט א פּאָר־שלאַג אַז יעדער פון זיי פיער זאָל דערצעהלען זיין גרעסטע קאָמישע ערפאהרונג אין לעבען, וואָס ער קען זיך דערמאָהנען, אבער יעדע מעשה'לע דאַרף ניט דויערן לענגער ווי פיער מינוטען, און ניט וועניגער ווי צוויי מינוטען. מיר דאַרפען ניט דערצעהלען לאַנגע מעשיות ווי פון 1000 אין 1 נאַכט, מיר ווילען יוצא זיין מיט 1000 און 1 סעקונדען.

דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען, און יעדער פון זיי האָט אָנגעפאנגען קראַצען אין שטערן און זוכען עפּעס אין גאַלערי פון זיין זכרון.

— צוערשט קומט דער אקטיאָר — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און אַלע האָבען געשריען: „אונטערשטיצט!“.

## וואָס דער אַקטיאָר דערצעהלט.

— ווי איהר ווייסט, מיינע הערען, — האָט דער אקטיאָר אָנ־געפאנגען — זיינען אונזערע אידישע אַקטיאָרען קיינע גרויסע שיסערס. דאָס הייסט אז יעדעס מאָל ווען אַן אקטיאָר פון אחינו בני ישראל דאַרף אויסשיסען אין זיין דראַמאַ אויף דער ביהנע, ווערט דער רעוואָלווער אַן עקשן און וויל ניט שיסען, כאָטש צוריים זיך. ביי איינע פון דיעזע דראַמאַס, וואו איך האָב אויך געהאַט א ראָלע, האָט דער העלד מיך בעדאַרפט דערשיסען פאַר מיינע

אויף דער וועסט סייד, זיינען צוגעגאַנגען צוויי דעטעקטיווס און האָבען איהם אַרעסטירט אַז ער איז דער מאַן וועלכער האָט גענעבען אַ פאַלשען טשעק צו אַ פאַרמער. דר. פלים־פלאַם האָט זיי אָנגעקוקט אַז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען, אָבער זיינע טענות האָבען איהם ניט געהאָלפען: די דעטעקטיווס האָבען געהאַט אַ פּאָלשטענ־דיגע בעשרייבונג פון פערברעכער׳ס פּנים, לויט דעם פאַרמער׳ס שילדערונג, אַ פּנים וואָס שטימט אין יעדען האָאר מיט דעם דאָקטאָר פלים־פלאַם. נו, דאַרף מען נאָך האָבען בעסערע בעווייזע? אויף בראָדוויי איז אויך באַלד בעקאַנט געוואָרען אַז אין די זעלבע צייט ווען מען האָט אַרעסטירט דר. פלים־פלאַם, האָבען אַנדערע צוויי דעטעקטיווס אַרעסטירט אַ בעריהמטען טענאָר פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז פאַר דעם זעלבען פערברעכען פון פאַלשען טשעק צום זעלבען פאַרמער. און מען האָט אויך זאָגאר געמורמעלט, אַז אַ מיליאָנער פון וואָלל סטריט איז אַרעסטירט געוואָרען אויף פיר דעם זעלבען פאַלשען טשעק צום זעלבען פאַרמער.

אָבער די גרויסע סענסיישאַן איז געווען אויף מאָרגען, מאָנטאָג פריה, ווען צעהנדליגע דעטעקטיווס האָבען געבראַכט אין קאָורט צוזאַמען מיט דר. פלים־פלאַם ניט ווענינער ווי נאָך זעכציג פער־ברעכער, אַלע זעכציג מיט דעם זעלבען פּנים, און יעדער פון זיי איז בעשולדיגט פאַר דעם זעלבען פערברעכען פון פאַלשען טשעק! דער געלעכטער אין קאָורט איז געווען אונבעשרייבליך. און זאָגאר די פּאָליסלייט מיט די דעטעקטיווס האָבען זיך געקייקעלט פון געלעכטער. וואָס איז דאָס פאַר אַ כשוף?! איז דאָס אַ חלום? אָבער ווי קענען אַ הונדערט מענשען אין קאָורט האָבען דעם זעלבען חלום? דער ריכטער האָט נור געהאָט כח צו זאָגען „פריי", און ער האָט באַלד גע׳חלש׳ט.

ווען דר. סקינער דע־לינץ האָט געלעזען אויף מאָרגען אין צייטונג וועגען דיזע קאָמעדיע אין קאָורט, האָט ער געשריעבען אַ בריעף און געבעטען אום ענטשולדיגונג דר. פלים־פלאַם, און אין די זעלבע צייט האָט ער בעשלאָסען מיט זיין פריינד סקימער אויפצור־געבען פּאָרלויפיג ביז אַ געווייסע צייט דעם פּלאַן אַז „אַלע יעוואָנים זאָלען האָבען איין פּנים".

טהייל ארבייט. אין הויט פון שטערן האָבען זיי אריינגעגאָסען פעטענט וואקס אז דער שטערן זאָל זיין איבעראל גלייך אָהן הויקערס, ווי אויף דעם נאָבעלען פּנים פון זייער אדווערטייזמענט. מיט אנדערע מיטלען האָבען זיי בעהאנדעלט דעם פלאָמבער'ס נאָז, מאָרדע און ליפּען, ביז זיין גאנצער פּנים איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א זעהר סימפּאטישעס געזיכט. ווען דער פּאציענט האט ער־וואכט פון זיין שלאָף־טרונק און מען האט איהם געצייגט א שפּיגעל, איז ער געוואָרען אויסער זיך פון פרייד און האט בעצאָהלט מיט פערגניגען די 50 דאָלאר וואָס די ארבייט האט געקאָסט.

דער נעכסטער פּאציענט איז געוועזן א באר־טענדער, אויך מיט א ווילד־שרעקליכער צורה. ער האט דערצעהלט, אז ער וויל חתונה האָבען מיט א מיידעל וואָס ער ליעבט מיט'ן גאנצען הארצען, אָבער זי האט קיין צוטרויען צו זיין משונה'דיגען ווילדען אויסזעהן. אויך דיזער באר־טענדער איז מרוצה געוואָרען צו האָבען אזא שעהן פּנים ווי דער אויף דעם דאָקטאָר'ס אדווערטייזמענט... דערזעלבער שלאָף־טרונק און דיזעלבע אָפּעראציאָן ווי ביים פלאָמבער און דער באר־טענדער האט פערלאָזען דעם דאָקטאָר'ס אינסטיטוט מיט א פּנים ווי אן איידעלער פילאנטראָפּ. דער דריטער פּאציענט איז געוועזן א פּאָליטישען, וועלכער איז געוועזן קאנדידאט פיר גאָווערנאָר, און איז געוועזן כמעט זיכער מיט זיין זיעג, נור זיין פּנים איז איהם געשטאנען אין וועג.

באלד דעם ערשטען טאָג זיינען אין ניו יאָרק ארומגעגאנגען צוועלף מענשען, און יעדער פון זיי האט געהאט דעם זעלבען פּנים פון דעם מאָדעל וואָס דער דאָקטאָר האט געהאט אין אָפיס, אָהן צו רעכענען דעם דרייצעהנטען מאן, פון וועמען דער מאָדעל איז אראָבגענומען געוואָרען! דר. סקינער און דר. סקימער זיינען געוועזן ביזי טאָג און נאכט, און ביז ענדע דער וואָך האָבען זיך ארומגעדרעהט אין ניו יאָרק 116 מענשען וועמעס געזיכטער עס האָבען אויסגעזעהן ווי אויסגעקנאָטען פון זעלבען פורעם!

אָבער דעם נעכסטען זאָנטאג האט פּאסירט אין ניו יאָרק עפּעס וואָס האט אויפגערודערט די גאנצע שטאדט. ווען דער בעריהמטער רעווערענד דר. פּלים־פּלאם האט געענדיגט פּרעדיגען אין זיין טעמפּעל

געבראַכט דעם וואונדערשעהנעם קאָפּ, זיינען ביידע דאָקטוירים געווען העכסט צופריעדען מיט זייער מאָדעל און זיי האָבען אָנגעפאַנ־גען שטאַרק אדווערטייזען אין אַלע צייטונגען וועגען זייער נייעם פּלאַן. דער אדווערטייזמענט, וואָס איז געווען אין גראַמען, האָט געלויטעט אונגעפעהר אַזוי:

ווילט איהר האָבען אַ פּנים פאַל חן
און אויך זיין ווי אַ מלאך שעהן?
ווילט איהר זיין ערנסט ווי אַ ריכטער,
אָדער ווי אַ מוזיקער און אַ דיכטער?
ווילט איהר אויסזעהן ווי אַן אריסטאָקראַט,
אַ חכם, אַ גבור, אָדער אַ דיפּלאָמאַט,
אַ פּראָסט־מאַגנאַט אָדער אַ פּרינץ? —
דאַן געהט צו דר. סקינער דע־לינץ.

ביי דער זייט פון דיזע „פּאָעזיע" איז געווען דאָס בילד פון דעם נאָבעלען שעהנעם פּנים, און אונטען איז געווען די אדרעסע פון דעם „פּנים־רעפאָרם אינסטיטוט" אויף בראָדוויי. דער רעזול־טאַט איז געווען ווי ערוואַרטעט. דען באַלד אויף מאָרגען האָבען זיך בעוויזען איינינע פּערזאָנען מען זאָל „רעפאָרמירען" זייערע פּנים'ער לויט דעם פּנים וואָס זיי האָבען געזעהן אויפ'ן אדווערטייז־מענט. דער ערשטער פּאַציענט וועלכען דער דאָקטאָר האָט אריינ־גענומען אין אָפּעריישאַן־צימער האָט געהאַט אַ שרעקליך געזיכט. ער האָט אויסגעזעהן עפּעס ווי אַ גזלן. „ער מוז זיין אַ באַנדיט" — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט — אָבער ווען דער פּאַציענט האָט איהם געזאָגט אַז ער איז אַ פּלאָמבער, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צו זיך אַליין מיט אַ שמייכעל, אַז ער האָט שיער געטראָפען... דער פּלאָמבער האָט ערקלערט, אַז ער האָט אַ פּלאָמבינג סטאָר און מאַכט גוטע געשעפטען. אבער ער וואָלט געמאַכט צעהן מאָל אַזוי פיעלע בעסערע געשעפטען, ווען ער וואָלט נים געהאַט אַזאַ שרעקלי־כען פּנים וואָס פערטרייבט מענשען.

אין ווענינער ווי אַ שטונדע, ווען דער פּלאָמבער איז געלעגען „פערשלעפערט", האָבען ביידע דאָקטוירים אָבגעטהאָן דעם גרעסטען

לויט די מאָדע וואָס די שניידערס לאָזען ארויס. יעצט פרעג איך אייך, פריינד סקינער, פארוואָס זאָלען מיר ניט נאָכטהון די גרויסע שניידערס? פאר אונז טויג ניט ווען א קליענט קומט צו אונז און זאָגט אז זיין נאָז איז צו קורץ אָדער צו לאַנג, אָדער זיין מאָרדע צו שפּיציג, און מיר זאָלען עס מאכען ווי ער וויל. ניין, דאָקטאָר, מיר אליין דארפען בעשליסען צווישען זיך אז איין סיזאָן זאָל זיין די מאָדע צו טראָגען לאַנגע נעזער, אַן אנדער סיזאָן ווענלען מיר ארויסברענגען קורצע נעזער, נאָך אַן אנדער סיזאָן פלאַטציגע נעזער און אזוי כסדר, ווי די שניידערס טהוען, און אויף אזא ארט וועלען מיר זיך אָנשיטען מיט מיליאָנען. ניט אמת?

— טאקע אַן אויסגעצייכענטער פּלאַן! — האָט אויסגעשריען דר. סקינער דע־לינץ — אָבער מיר מוזען צוערשט זיך פערשאפען א געוויסען מאָדעל פון א פנים וואָס זאָל געפעלען אלעמען. און דיזען שעהנעם פנים וועלען מיר „קאָפּיראַיטען“ אין וואשינגטאָן. צו־ערשט לאָמיר אויפזוכען א שעהנעם מאָדעל פון א מענערשע געזיכט, און ווען דאָס וועט זיין אַן ערפאָלג, וועלען מיר זיך אויך נעהמען צו די פרויען, ווייל מיט דאמען מוזען מיר זיין מעהר פאָרזיכטיג. אלזאָ, צוערשט א שעהנעם מאָדעל פון א פנים פיר מענער.

דר. סקימער איז ארויסגעגאנגען אויף בראָדוויי און 42טע סטריט, און אויף פינפטע עוועניו פון יענער געגענד, אום צו געפינען עפּעס א אידעע, א מאָדעל פון א ריכטיג שעהן פנים וואָס זאָל אונגעפעהר געפעלען ווערען אלעמען, און וואָס זאָל דיענען אלס א מוסטער־מאָדעל פאר'ן „פּנים־רעפאָרם אינסטיטוט“. נאָכדעם ווי דאָקטאָר סקימער האָט אזוי ארומשפּאַציערט אייניגע שטונדען האָט ער בעמערקט אין א פאָטאָגראַפישע גאַלערי א בילד מיט א מערק־ווירדיג שעהנעם פנים פון א מאַן, א פנים וואָס איז ניט נור שעהן, נור אויך נאָבעל, אנגענעהם, פריינדליך און מאגנעטיש. דאָקטאָר סקימער האָט ניט לאַנג געטראַכט, ער האָט געקויפט דאָס בילד אום עס איבערצוגעבען צו א גוטען סקולפּטאָר, און ער איז געווען זיכער אז מיט נאָך קלענערע אויסבעסערונגען פון סקולפּטאָר, וועט דער קאָפּ אין גיפּס זיין דער שעהנסטער מאָדעל וואָס וועט מוזען געפעלען אלעמען! אין אייניגע טעג ארום, ווען דער סקולפּטאָר האָט

# פנים־רעפאַרם־אינסטיטוט

(אַ פאַנטאַסטישע מעשה׳לע)

לאַנגע נעזער, געזיבטען פערדרעהטע,
קורצע שטערענס, ליפען צושפריימע,
איהר אַלע געהט צו דר. סקינער דע־לינץ,
ער וועט אייך מאַכען שעהן, ווי אַ פרינץ.

דאָס איז געווען די מליצה מיט גרויסע ווערטער און אַ שעהן בילד וואָס איז געהאנגען פאַר׳ן טהיר פון דר. סקינער דע־לינץ, דער דירעקטאָר פון „פנים־רעפאָרם אינסטיטוט" ווי ער האָט אליין בעטיטעלט זיך און זיין מעדיצינישען אנשטאַלט.

נור, לאָמיר לאָזען געהן ווי עם האָט אויסגעזעהן דרויסען פאַר׳ן טהיר פון דיזען מערקווירדיגען אינסטיטוט, און לאָמיר בעסער אריינפיהרען דעם לעזער אינוועניג. דר. סקינער דע־לינץ איז געזעסען מיט אַ ציגאַר אין מויל און האָט גאַנץ ערנסט ערקלערט זיין אַסיסטענט דר. סקימער, אַז זייער „פנים־רעפאָרם אינסטיטוט" האָט שוין דערגרייכט די העכסטע קונסט צו ענדערן אַבי וועלכען פנים, פונקט ווי אַ גוטער שניידער קען מאַכען פון אַ בגד וואָס ער וויל, און בכן איז שוין פאַר זיי צייט עפּעס ארויסצוקומען מיט אַ שפּאָגעל נייע סענסיישען אין זייער פּראָפעסיאָן, און מאַכען נאָך מעהר געלד.

— איך וועל אייך זאָגען, דר. סקינער — האָט דר. סקימער אָנגעפאנגען — ווי באַלד אַז איהר פערגלייכט אונז שוין יא צו שניידערס, איז מיר איינגעפאַלען צו פרעגען: ווער זיינען די בעסטע שניידערס פון דער וועלט? געוויס ניט די יעניגע וואָס מאַכען קליידער לויט די מאָדע, נור די וועלכע ברענגען אליין ארויס אַ נייע מאָדע ווען זיי ווילען און צווינגען דעם עולם זיך צו קליידען

לויט די מאָדע וואָס די שניידערס לאָזען ארויס. יעצט פרעג איך איך, פריינד סקינער, פארוואָס זאָלען מיר ניט נאָכטהון די גרויסע שניידערס? פאר אונז טויג ניט ווען א קליענט קומט צו אונז און זאָגט אז זיין נאָז איז צו קורץ אָדער צו לאַנג, אָדער זיין מאָרדע צו שפּיציג, און מיר זאָלען עס מאכען ווי ער וויל. ניין, דאָקטאָר, מיר אליין דארפען בעשליסען צווישען זיך אז איין סיזאָן זאָל זיין די מאָדע צו טראָגען לאַנגע נעזער, אַן אנדער סיזאָן וועלען מיר ארויסברענגען קורצע נעזער, נאָך אַן אנדער סיזאָן פלאטציגע נעזער און אזוי כסדר, ווי די שניידערס טהוען, און אויף אזא ארט וועלען מיר זיך אָנשיטען מיט מיליאָנען. ניט אמת?

— טאקע אַן אויסגעצייכענטער פּלאַן! — האָט אויסגעשריען דר. סקינער דע־לינץ — אָבער מיר מוזען צוערשט זיך פערשאפען א געוויסען מאָדעל פון א פנים וואָס זאָל געפעלען אלעמען. און דיזען שעהנעם פנים וועלען מיר „קאָפּיראיטען“ אין וואשינגטאָן. צוערשט לאָמיר אויפזוכען א שעהנעם מאָדעל פון א מענערשע געזיכט, און ווען דאָס וועט זיין אַן ערפאָלג, וועלען מיר זיך אויך נעהמען צו די פרויען, ווייל מיט דאמען מוזען מיר זיין מעהר פאָרזיכטיג. אלזאָ, צוערשט א שעהנעם מאָדעל פון א פנים פיר מענער.

דר. סקימער איז ארויסגעגאַנגען אויף בראָדוויי און 42טע סטריט, און אויף פינפטע עוועניו פון יענער געגענד, אום צו געפינען עפּעס א אידעע, א מאָדעל פון א ריכטיג שעהן פנים וואָס זאָל אונגעפעהר געפעלען ווערען אלעמען, און וואָס זאָל דיענען אלס א מוסטער־מאָדעל פאר׳ן „פנים־רעפאָרם אינסטיטוט“. נאָכדעם ווי דאָקטאָר סקימער האָט אזוי ארומשפּאציערט אייניגע שטונדען האָט ער בעמערקט אין א פאָטאָגראפישע גאלערי א בילד מיט א מערקווירדיג שעהנעם פנים פון א מאַן, א פנים וואָס איז ניט נור שעהן, נור אויך נאָבעל, אנגענעהם, פריינדליך און מאגנעטיש. דאָקטאָר סקימער האָט ניט לאַנג געטראכט, ער האָט געקויפט דאָס בילד אום עס איבערצוגעבען צו א גוטען סקולפּטאָר, און ער איז געווען זיכער אז מיט נאָך קלענערע אויסבעסערונגען פון סקולפּטאָר, וועט דער קאָפּ אין גיפּס זיין דער שעהנסטער מאָדעל וואָס וועט מוזען געפעלען אלעמען! אין אייניגע טעג ארום, ווען דער סקולפּטאָר האָט

# פנים־רעפאַרם־אינסטיטוט

(אַ פאַנטאַסטישע מעשה׳לע)

לאַנגע נעזער, געזיבטען פערדרעהטע,
קורצע שטערענס, ליפען צושפּרייטע,
איהר אַלע געהט צו דר. סקינער דע־לינץ,
ער וועט אייך מאַכען שעהן, ווי אַ פּרינץ.

דאָס איז געווען די מליצה מיט גרויסע ווערטער און אַ שעהן בילד וואָס איז געהאנגען פאַר׳ן טהיר פון דר. סקינער דע־לינץ, דער דירעקטאָר פון „פּנים־רעפאָרם אינסטיטוט" ווי ער האָט אליין בעטיטעלט זיך און זיין מעדיצינישען אנשטאַלט.

נור, לאָמיר לאָזען געהן ווי עס האָט אויסגעזעהן דרויסען פאַר׳ן טהיר פון דיזען מערקווירדיגען אינסטיטוט, און לאָמיר בעסער אריינפיהרען דעם לעזער אינוועניג. דר. סקינער דע־לינץ איז געזעסען מיט אַ ציגאַר אין מויל און האָט גאַנץ ערנסט ערקלערט זיין אַסיסטענט דר. סקימער, אַז זייער „פּנים־רעפאָרם אינסטיטוט" האָט שוין דערגרייכט די העכסטע קונסט צו ענדערן אַבי וועלכען פּנים, פּונקט ווי אַ גוטער שניידער קען מאַכען פון אַ בגד וואָס ער וויל, און בכן איז שוין פאַר זיי צייט עפּעס ארויסצוקומען מיט אַ שפּאָגעל נייע סענסיישען אין זייער פּראָפעסיאָן, און מאַכען נאָך מעהר געלד.

— איך וועל אייך זאָגען, דר. סקינער — האָט דר. סקימער אָנגעפאַנגען — ווי באַלד אַז איהר פערגלייכט אונז שוין יאָ צו שניידערס, איז מיר איינגעפאַלען צו פרעגען: ווער זיינען די בעסטע שניידערס פון דער וועלט? געוויס ניט די יעניגע וואָס מאַכען קליידער לויט די מאָדע, נור די וועלכע ברענגען אַליין ארויס אַ נייע מאָדע ווען זיי ווילען און צווינגען דעם עולם זיך צו קליידען

פערפאַלען, ווען מען איז פריינדע 25 יאהר קען מען ניט ווערען קיינע שונאים אין א מינוט צוליעב א זייגער וואָס שטעהט.

ליוואַי: לאָזען אונזערע זייגערס שטעהען, אבער אונזער פריינדשאפט שטעהט העכער פאר אונזערביידענ׳ס זייגערס, ניט אמת?

קאָהען: א מענש אָהן פריינדשאפט איז בלויז א האלבער מענש.

מרס. קאָהען (צולאכט זיך): איך האָב מורא אז איהר זיינט ביידע עובר בטל. נו, זייערע זייגערס שטעהען — געזונטע גבורים!

(פאָרהאנג.)



מרס. קאָהען: קוק איהם נאָר אָן! ער האָט איהם „גענגעבען". אזא פרא אדם ווי ליוואי'קע דארף זיצען אין קייטען, אום ער זאָל וויסען אז מען דארף האלטען מויל.

(ליוואי קומט אָן מיט א פעקעלע אין האנד).

### דריטע סצענע.

קאָהען: ער איז דאָ דער מטורף.

מרס. קאָהען: זיינע אויגען זיינען רויט. ער האָט געוויס געוויינט.

ליוואי: איך ברענג אייך צוערשט אָב אייער פרעזענט, און איהר גיט מיר אָב צוריק מיין פרעזענט. פון א שונא וויל איך קיינע מתנות. אנשטאט צו זיצען צווישען שונאים, געה איך בעסער פערוויילען א פּאָאר שטונדען אין אידישען טהעאטער, זעהן דעם „אידישען אָדער". עס איז שוין געוויס באלד האלב נאָך 7 אוהר. (ער ציהט ארויס זיין זייגער) אָה, וואָס זעה איך? ! מיין זייגער שטעהט, עס איז נאָך 5.20 ווי פריהער. (ער לעגט צו דעם זייגער צום אויער). יא, ער שטעהט!

קאָהען: און איהר האָט מיר געוואָלט איינרעדען אז מיין זייגער איז א פּאַטייטע. (ער ציהט ארויס זיין זייגער). וואָס זעה איך? ! ביי מיר איז נאָך אלץ 5.25, ניט מעהר. (ער לעגט איהם צו צום אויער) כלעבען, אויך מיין זייגער שטעהט!

ליוואי: אויב אזוי, בין איך דאָך טאקע געוועזן אונגערעכט.

קאָהען: אויב אזוי, בין איך דאָך אויך געוועזן אונגערעכט. ענטשולדיגט מיר, מיסטער ליוואי.

ליוואי: ענטשולדיגט מיר, מיסטער קאָהען.

מרס. קאָהען: קוקט זיי נור אָן די צוויי גענזענע גבורים ווי זיי שטעהען מיט די זייגערס אין האנד און ווילען וויינען! וואָס איז אייך ביידען? קראנק?

קאָהען: עס איז געוועזן א טעות, מיין ווייב. ליוואי געהט שוין ניט אין טהעאטער, מיר געהען אלע דריי מאכען א פינאָקל.

פינאָקעל... עס איז אסור ניטאָ וואָס מקנא צו זיין אייער ווייב. זי האָט פון אייך גענוג.

קאָהען: יא, ווי איהר קוקט איהר אָן האָט זי אויף זיך 260 פונט צרות.

ליוואַי: זי איז נעבעך טאקע ניט קיין פארשוין, אָבער א מענש איז זי דאָך וועניגסטענס.

קאָהען: און איהר זיינט ניט קיין מענש און גאָר ניט, אויס מחותן מיט אייך, איך געה אייך צוריק אָבגעבען דעם קריסטמעס־פרעזענט וואָס איהר האָט מיר געגעבען, אָדער ניכער — וואָס איהר האָט מיין ווייב געגעבען, און איך וויל פון אייך ניט וויסען! (קאָהען געהט ארויס).

## צווייטע סצענע.

מרס. קאָהען: וואָס איז, האָסט זיך געקריגט?

קאָהען: אזא חזיר, אזא באָדיונג ווי דער ליוואַי איז.

מרס. קאָהען: ווי אזוי איז געוואָרען אזוי גיך דיין בעסטער פריינד א באָדיונג? דאָס האָט זיך אויסגעלאָזען פון 25 יאָהר פריינדשאַפט?

קאָהען: ער האָט אונז ביידע געמאַכט ווי די בלאָטע.

מרס. קאָהען: עס קען ניט זיין. אזא געלאַסענער מענש ווי ליוואַי איז זאָל פּלוצלינג...

קאָהען: מילא, וואָס ער האָט פון מיר געמאַכט בין איך איהם מוחל, אָבער ער האָט אָבגעלאַכט פון דיר, אז דו ביזט א שטיק פלייש פון 260 פונט און העסליך ווי די נאַכט.

מרס. קאָהען: רעכט אויף דיר. מען האנדעלט ניט מיט לומפּען, מען וואוינט ניט אין שכנות מיט לומפּען און מען שפּיעלט ניט מיט א לומפּ פינאָקל. מיין אונגליק איז וואָס דו ביזט קיין מענש ניט!

קאָהען: מיינסט אז איך האָב איהם געשוויגען? איך האָב איהם אויסגערעכענט אזא יחוס־צעטעל אז עס איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

קאַהען: וואָס טויג מיר „זון", „עלעווייטעד"? מיין זיינער איז דער ריכטיגער און אייערער איז היינט „צודרומשקעט".

ליוואַי: אייער זייגער איז צודרומשקעט!

קאַהען: אַה, זיינט איהר אַן עקשן!

ליוואַי: אַה, זיינט איהר אַן איינגעשפּאַרטער! מיין זייגער איז גאַראַנטירט פון די „האַף־פּאַסט סיקס קאָמפּאַני", אַז ער וועט געהן ריכטיג צוואַנציג יאהר מיט עלף טעג.

קאַהען: מען לאַכט פון אייך, מען קען קיין זאַך ניט גאַראַנ־טירען פאַר צוואַנציג יאהר, און מען האָט אייך געפיהרט אין באָד. צוואַנציג יאהר מיט עלף טעג! כאַ־כאַ־כאַ!

ליוואַי: מען האָט אייך געפיהרט אין באָד, ווען מען האָט אייך איינגערעדט אויף אַ ציבעלע אַז דאָס איז אַ זייגער, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

קאַהען: עס איז כלעבען נאַריש צו הערען, ווי איהר שטעהט מיט אייער חזיר'שע „פּאַטייטאַ" אין האַנד און רעדט פון מיין „ציבעלע"...

ליוואַי: וואָס האָט איהר געזאָגט? „חזיר'שע פּאַטייטאַ"? זייט מוחל, מיסטער קאַהען, און בעהאַלט אייערע „כבודים" פאַר אַנדערע פון אייער משפחה.

קאַהען: דאָס איז אַ ביסעל אַ חוצפה צו זידלען מיין פאַמיליע. איך האָב עפּעס מיט אייך צוזאַמען חזירים געפּיטערט? איהר זיינט אַן אונפערשעהמטער מענש!

ליוואַי: איהר זיינט אַן אַלטער אידיאָט!

קאַהען: איך בין ניט מעהר אייער פריינד.

ליוואַי: איך בין קיינמאָל ניט געווען אייער פריינד.

קאַהען: איך אויך ניט. מיינע פריינדע זיינען אַלע שעהנע מענשען, פערהייראַטהע מענער ווי איך, ניט קיין אַלטע בחורים וואָס זיינען ניט מאָראַליש און קיין גוטע סיטיזענס, ווי רוזוועלט זאָגט.

ליוואַי: און איהר זיינט מאָראַליש און עהרליך, האַ? איך קען אייער מאָראַל ווען איהר לויפט נאָך די קעכין אין קיך, און איך קען אייער עהרליכקייט ווען איך שפּיעל מיט אייך אַלע אבענד אין

ליוואַי: פריינדשאַפט איז דאָך אַלעס, און אָהן פריינדשאַפט איז דער מענש אַ האַלבער מענש. אייך קומט טאַקע אַ גרויסען דאַנק פאַר אייער קלוגען פּלאַן, אַז איך זאָל וואָהנען מיט אייך צוזאַמען. איהר האָט אייך צוויי צימערען, איך האָב צוויי צימערען, און מיר האָבען איין פאַרלאָר פאַרביידען, טאַקע ווי אמת'ע גוטע פריינד. דער חילוק צווישען אונז איז נור, וואָס איהר האָט אַ ווייב, זאָל זי אייך געזונד און שטאַרק זיין, און איך בין אַן אַלטער בחור. נו, איז וואָס? אבי איך האָב אייער פריינדשאַפט.

קאָהען (שטעלט זיך): בראַוואָ, מיין טהייערער פריינד, איך בין מיט אייך איינפערשטאַנען. יעצט מוז איך אַריבערלויפען צו מיין שניידער אין 125טע סטריט (ער נעהמט אַרויס זיין זייגער), עס איז 5 אוהר 20 מינוטען. איך האָב נאָך צייט 15 מינוטען.

ליוואַי (נעהמט אַרויס זיין זייגער): ניין, עס איז 5 אוהר 25 מינוטען.

קאָהען: 5.20, זאָג איך אייך.

ליוואַי: ענטשולדיגט, עס איז ניט 5.20 נור 5.25! אָט נאַט אייך, קוקט אייך איין.

ליוואַי: אייער זייגער פערשפּעטיגט זיך אין 5 מינוטען.

קאָהען: ניין, אייער זייגער לויפט אין 5 מינוטען.

ליוואַי: ווי קען מיין זייגער לויפען אַז איך האָב איהם אַליין געשטעלט היינט נאָכ'ן זייגער פון סאַבוויי ביי גרענד סענטראַל דיפּאָ?

קאָהען: און ווי קען מיין זייגער קריכען, ווען איך האָב איהם געשטעלט היינט אויפ'ן זייגער פון העראַלד סקווער? אָה, ניין, איך האָב קיין טעות.

ליוואַי: דער זייגער אויפ'ן העראַלד סקווער איז אַן אַלט־מאָדישע מאַשינע אויף וועלכע מען קען זיך מעהר ניט פערלאָזען. וואָס קען מען ערוואַרטען פון אַ זייגער צו וועלכען די זון קומט צומאָל ניט צו ווי געהעריג, ווייל עס איז פערשטעלט פון על־ווייטעד?

# צוויי געגזענע גבורים

א קאָמעדיעלע אין 1 אַקט און 3 סצענעס *)

## פּערזאָנען:

קאָהען, 65 יאהר אַלט, לענדלאָרד. לעבט פון זיינע רענט.
ליוואַי, 60 יאהר אַלט, לענדלאָרד, לעבט פון זיינע רענט.
מיסיס קאָהען, 55 יאָהר אַלט.

(די סצענע קומט פאָר אין אַ פאַמיליען האָטעל, לעגאָקס עוו., ניו יאָרק)

### ערשטע סצענע.

ליוואַי: יא, פריינד קאָהען, ווי איך האָב אייך געזאָגט, איז דאָס לעבען פון א לענדלאָרד צוריקגעצויגענען פון ביזנעס א ביסעל לאַנגווייליג. עס ווערט איינפאַך נמאס און מאוס צו זיצען און עסען פון פאַרטיגען.

קאָהען: יא, פריינד ליוואַי, עס איז געווים קיין מאכל צו עסען לעבעדיגע געלד. איך בין פון אייער מיינונג.

ליוואַי: בראַוואָ, מיסטער קאָהען, עס פרעהט מיך וואָס איהר שטימט איין אין אַלעם וואָס איך זאָג, טאַקע ווי אמת'ע פריינדע.

קאָהען: א שעהן פּנים וואָלט געהאַט אונזער וועלט, ווען זאָלבע צוויי גוטע פריינדע ווי מיר ביידע זאָלען חלילה ניט שטימען. עס איז פינף־און־צוואַנציג יאָהר זייט מיר זיינען פריינדע. געדענקט איהר, ווען מיר האָבען געפעדעלט אויף די זעלבע עוועניו מיט בלעך? אונזער פריינדשאַפט דויערט שוין זייט דאַן, נו, וואָס איז דער וואונדער וואָס מיר שטימען איין אין אַלעם?

---

*) אַלע רעכטע פון דיעזע קאָמעדיע רעזערווירט פון פערפאַסער.

ווען צמח בעל־משלים האָט געענדיגט זיין ביאָגראַפיע פון דער טאָמייטע, האָבען אַלע פּראָמינענטע איהם אַפּלאָדירט, און צמח האָט געמאַכט די פאָלגענדע בעמערקונג:

— איך האָף אז די מעשים טובים פון יענע טאָמייטע וואָס איז געשטאָרבען לטובת הכלל, וועלען ליעפערן א ווידער־קול אויך ביי אנדערע טאָמייטעס, וועלכע וועלען אויך שטארבען פאר'ן כלל יעדעס מאָל, ווען עס וועט ערשיינען א רעדנער צווישען די אקטען אין אידישען טהאעטער צו לאנגווייל ען דאָס פּובליקום...



טעלער און אריינגעלעגט אין טאַשע פון זיין ראָק. דאָס האָט מיך שטארק פערדראָסען, דען איך בין פּלוצלינג געבליבען אין דער פינסטער. צום גליק האָט מיין תפיסה לאַנג ניט געדויערט, דען דער מאַן וואָס האָט מיך גענומען אין פּאַקעט, האָט זיך ענטשולדיגט אז ער קען לענגער ניט בלייבען. ער זאָגט אז ער מוז געהן הערען עפּעס א פאָרלעזונג פון א בעוואוסטען אידישען רעדנער.

איך ליעג נאָך ביי דעם מאַן אין פּאַקעט און איך פיהל אז איך בין דאָ אין א האָל פול מיט מענשען. איך הער ווי איינער האלט א רעדע און שרייט ווערטער וואָס קלעפּען זיך ניט. איך דענק אז דער רעדנער אליין פערשטעהט אויך ניט וואָס ער פּלוידערט. הערט וואָס ער האָט געזאָגט:

„דאַרווין האָט אין זיינע סיגטהעטישע טהעאָריען איבער עוואָ־לוציאָן דורכגעפיהרט מיט פּסיכישע דעדוקציאָנען אלעס וואָס קען דע־מאָנסטרירען די סאָלידארימעט פון עפּעקטען און לכל הפּחות די אָרגאַ־נישע סובסטאַנצען פון באטאנישען אוניווערזום וואָס ווערען אַמאַלגאַ־מירט מיט..."

„מעהר האָב איך ניט געהערט. ווייל דער מאַן ביי וועמען אין פּאַקעט איך בין געלעגען, האָט אריינגעשטעקט זיין האַנד דירעקט צו מיר, האָט מיך שטיל ארויסגענומען — און טררראָך!!! ער האָט מיך געוואָרפען אהין צום רעדנער אין נאָז! ווען איך בין געפלויגען אין דער לופט צום רעדנער, האָב איך געוואוסט אז דאָס איז מיין ענדע. אבער איך האָב אמת פערגניגען געהאט וואָס פון מיין ענדע וועט ארויסקומען א טובה פאַר די הונדערטע מענשען אין האָל, וועלכע האָבען געמוזט הערען די עזעלשע פּלוידעריי פון אזא אידיאָט.

„פון רעדנער'ס נאָז בין איך אראָבגעפאַלען אויף דער ערד, און מיין רויטער מאַנטעל איז שוין געווען צושפּאָלטען. ווען איך האָב זיך בעקענט מיט'ן רעדנער'ס נאָז האָבען אלע זיך צולאַכט, און דער רעדנער האָט זיך ארויסגערוקט גאָר אָהן כבוד. איך האָב שעהן געלעבט און בין נאָך שעהנער געשטאָרבען, ווען איך האָב אראָבגעטריעבען א חצוף פון דער פּלאַטפאָרמע."

פיינט צו וויינען און איך האָב טאַקע פּראָפּיטירט, דען די וויינענ־דיגע טאָמייטעס האָט מען דאַרום אָבגעקליבען פאַר די קען, צו מאַכען פון זיי געקענטע טאָמייטעס. איך בין געדעטעט געוואָרען פון אַזאַ סוף, און פאַר גרויס שמחה פאַנג איך אָן זינגען אַ טאָמייטע־סאַלאַ, וואָס דער צושפּיעל האָט זיך געענדיגט:

„גליקליכע טאָמייטע,
האָסט געמאַכט פּליטה!"

„איך בין געלעגען אין פענסטער פון אַ שעהנע גראָסערי אין האַרלעם, אַלע האָבען מיך בעוואונדערט ווי שעהן איך בין, נו־נו, האָב איך געהאַט כבוד! אַט אַזוי. דאָס איז דאָך וואָס איך האָב אימער געגאַרט.

„אַ פרוי פון האַרלעם האָט מיך אָבגעקויפט. אַזאַ גוטהערציגע פרוי האָב איך צום ערשטען מאָל געזעהן: זי האָט מיר באַלד אויסגעזעהן אַ מוטער אָהן אַ גאַל, אַ דאַמע מיט אַן איידעלער נשמה. ווען זי האָט מיך געבראַכט אהיים, האָט זי ערקלערט איהרער אַ שכנה אַז זי אַליין איז מיך געגאַנגען קויפען צוזאַמען מיט נאָך זאַכען, אַנשטאַט צו שיקען די דיענסט, ווייל זי וויל אַליין האָבען די שמחה איינצוקויפען אַלעס פאַר'ן מאָהלצייט פון איהר ערשטע טאָכטער'ס תנאים. זי האָט אַזש געוויינט פאַר שמחה. און איך האָב שיער מיטגעוויינט. טאַקע אַ גאָלדענע מאַמע.

„איך ליעג שוין אויף אַ רייך־געדעקטען טיש. איך בין גראָדע ניט צושניטען ווי די אַנדערע און אַלע האָבען מיך בעוואונדערט. איך האָב געזעהן די כלה, דעם חתן, די עלטערן, אַ האַלב טוץ שעהנע שוועסטער פון דער כלה. איך האָב געהערט אַ האַלב טוץ שעהנע רעדעס ביים טיש, שעהנע און וויציגע רעדעס פון מענשען מיט שכל. איך האָב זיך דערפרעהט וואָס איך האָב דערלעבט אַזאַ כבוד. איך ווייס אַז מיינע מינוטען זיינען געצעהלט, נור אַבי איך ענדיג מיין קאַריערע ווי אַ לייט צווישען לייט. ניט אין אַ טאָמייטע־קען אָדער אין אַ ביליגע באָרדינג־הויז.

„אוי וועה! וואָס זעה איך? אין דער צייט ווען דער עולם האָט זיך פערקוקט, האָט אַ מאַן גאַנץ ניך מיך אַראָבגעכאַפּט פון

האָב עס אויפגעשריבען, איך זאָל קיין וואָרט ניט פערגעסען, און איך געה עס אייך פאָרלעזען.

ארום די טישלעך פון קאַפע איז געוואָרען שטיל, ועהרענד צמח האָט ארויסגענומען א שטיק פאַפּיער און אָנגעפאַנגען לעזען די אויטאָביאָגראַפיע פון דער טאָמייטע אזוי:

„ווי גוט עס איז צו לעבען אויף דער וועלט. איך בין א שעהנע יונגע טאָמייטע און איך וואוין אין א גערטיל וואָס איז דער שטאָלץ פון מיין גאַס. איך גלויב ניט אז אין גאַנץ בראָנקס געפינט זיך נאָך אזא שעהנע טאָמייטע ווי איך בין.

„איך בין שוין פינף טעג אלט, און פול מיט אמביציאָן. וואָס וועט זיין פון מיר דער תכלית ווען איך וועל אויסוואַקסען? אָט האָב איך געהאט א חבר וואָס האָט פיעל געהאַלטען פון זיך פונקט ווי איך, און פון איהם האָט זיך אויסגעלאָזען א שרעקליכער סוף: מען האָט איהם פערשפּאַרט אין א טאָמייטע־קען! עס קען גאָר ניט זיין קיין גרעסערע טראַגעדיע פאַר א טאָמייטע ווי צו ווערען אריינגעשפּאַרט און צוזאַמענגעקוועטשט מיט אלערליי קראַנקע און העסליכע טאָמייטעס אין א פערשלאָסענע קען וואו די טאָמייטע פערליערט אין גאַנצען איהר אייגענעם „איך". אָה, ניין, איך וויל ניט אזא סוף, איך וויל בלייבען טאָמייטע ביז די לעצטע מינוט, איך וויל פּאָפּולער זיין אויפ'ן טיש. איך וויל נאָך מעהר: איך וויל עפּעס טהון גוטעס פאַר דער וועלט. נור שאַ! איך הער ווי מען קומט צו מיר.

„אוי!!! א האַנד פון א פרוי האָט מיך ערשט אויסגעריסען פון פּלאַץ וואו איך האָב מיין יוגענד פערבראַכט. ניין, עס איז קיין מאכל צו ווערען אזוי אויסגעריסען; עס איז נאָך ערגער ווי א צאָהן אויסרייסען. איך זאָג ניט, אז מען האָט מיר אמאָל אויסגעריסען א צאָהן, אָדער אז איך האָב געזעהן ווי מען רייסט אויס א צאָהן, דאָס וואָלט געוועזען א צו גרויסער ליגען פאַר א טאָמייטע, נור עס רעדט זיך אזוי, דען מיר טאָמייטעס כאַפּען אָפּט ווערטלעך פון די מענשען ארום אונז.

„איך בין שוין אין א גרויסען באַסקעט מיט נאָך טאָמייטעס, און פיעל פון זיי וויינען מיט בלוטיגע טרערען. איך האָב אָבער

# די לעצטע מעשים טובים פון א יונגער טאמייטא

(אַ נייע מעשה׳לע פון צמח בעל משלים)

אין קאפע־הויז האָט געקאָכט ווי אַ קעסעל. ביי אַ גרויסען טיש האָבען „פּראָמינענטע אידען" פון דער איסט סייד דעבאַטירט וועגען די לעצטע ענטדעקונג פון פּראָפעסאָר האראָלד דאַרווין און דר. וויידזשער אז אויך פלאַנצונגען, גרינס, וועדזשעטייבעלס פיהלען זייער „איך", פערשטעהען, געדענקען און זעהען פּונקט ווי חיות און עופות אויב ניט ווי מיר מענשען. יעדער פון די פּראָמינענטע אידען האָט וועגען דעם געמאַכט אַן אַנדער בעמערקונג אָדער געזאָגט אַ וויץ. צמח בעל־משלים, וועלכער איז געזעסען די גאַנצע צייט און האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, האָט ענדליך זיך אריינגעמישט מיט דיעזער בעמערקונג:

— זיי קענען אויך רעדען, די פלאַנצונגען און גרינס, און זיי האָבען אַן אייגענע שפּראַך. איך אליין האָב היינט גערעדט מיט אַ רעטיך!

אַלע אין קאפע־הויז האָבען זיך צולאַכט און זיי האָבען פערשטאַנען אז צמח דער בעל־משלים קומט דאָ מסתמא ארויס באַלד מיט אַ משל אָדער ווי ער רופט עס — אַ מעשה׳לע.

— דערצעהלט אונז, ר׳ צמח, וואָס איהר האָט גערעדט מיט׳ן רעטיך. — האָבען אויסגעשריען איינינגע פּראָמינענטע מיט אַמאָל.

צמח בעל־משלים האָט געגעבען אַ שמייכעל.

—וואָס איך האָב גערעדט מיט׳ן רעטיך איז מיין עסק, ניט אייערער, און איך וועל עס אפשר איבערגעבען אַן אַנדערס מאָל. היינט קען איך אייך דערצעהלען מיין געשפּרעך מיט אַנדערע וועדזשעטייבעלס. היינט וועט איהר פון מיר הערען די לעבענס־געשיכטע פון אַ טאָמייטע, לויט ווי די טאָמייטע אליין האָט עס דערצעהלט, וואָרט פאַר וואָרט און פּינטעלע פאַר פּינטעלע. איך

אקטריסע: בראוואָ, בראוואָ! אַן אויסגעצייכענטע אידעע!

אויטאָר: גוט, גוט, מיין מאָנאָלאָג און די גאַנצע טוידט־סצענע וועט בלייבען אַזוי ווי איך האָב אָנגעשריבען — אַ גוטע אידעע.

מענעדזשער: זעהסט, דאַכט זיך אַ קרומער פּיסק און זאָגט אַמאָל אַ גלייכע זאַך. נאַ, רויכער אַ גוטען צעהן־סענטיגען סיגאַר — און כאַפּט דיך דער רוח!



אַקטריסע: און איך זאָג, אַז אויב איהר וועט אויסשניידען די לעצטע סצענע, וועל איך די ראָלע ניט שפּיעלען.

מענעדזשער: דאַרף מען ניט, וועט מיסיס גראַגער שפּיעלען. זי איז ניט אַזאַ מיוחסת ווי איהר, אַז מען וועט איהר זאָגען לעבען — וועט זי בלייבען לעבען.

אויטאָר: ענטשולדיגט, אבער —

אַקטריסע (שפּרינגט אויף שטאַרק אין כעס): איהר האָט קיין רעכט ניט אַוועקצוגעבען מיינע ראָלען אַן אַנדערער!

מענעדזשער (אויך אין כעס): און איהר האָט קיין רעכט ניט צו ענטזאָגען זיך פון צו שפּיעלען אַזוי ווי איך וויל. אַז איך זאָג לעבען — דאַרפט איהר לעבען!

אויטאָר: אָבער שטאַרבען איז אַרטיסטישער, נאַטירליכער, נעהענטער צו דער וואַרהייט...

אַקטריסע: אין דער לעצטער סצענע איז דאָ אַ געלעגענהייט צו שפּיעלען, מען קען צייגען קונסט.

מענעדזשער: וואָס מיר שפּיעלען, וואָס מיר קונסט! ס'איז אַ יום־טוב־פּיעסע און די פּרינצעסין מוז לעבען.

אַקטריסע (שרייט, שטאַרק אויפגערעגט): ניין, איך דאַרף שטאַרבען, איך מוז שטאַרבען!

מענעדזשער (שרייט נאָך העכער): ניין, איהר מוזט — איהר מוזט לעבען! איך צאָהל געהאַלט, איהר מוזט פאָלגען מיינע בעפעהלע!

ראָלען־שרייבער (אין אַ רוהיגען געלאַסענעם טאָן): איך האָב אַ גוטע אידעע. עס קען זיין אי לעבען, אי שטאַרבען.

אַלע דריי (נייגיעריג): ווי אַזוי?

ראָלען־שרייבער: גאַנץ איינפאַך. די פּרינצעסין זאָגט טאַקע אב איהר מאַנאָלאָג, טרינקט אויס גיפט און פאַלט אַזוי ווי טויט. קומט שנעל אַ דאָקטאָר, ניט איהר געגענגיפט, און זי ווערט לעבעדיג. דאַן זינגט זי אַ ליעדעל, דאָס קאָמישע פּאָאר זינגט און טאַנצט דעם קופּלעט פאַר גרויס פרייד, וואָס זייער פּרינצעסין איז פון טויט לעבעדיג געוואָרען, דער כאָר ענדיגט מיט אַ מאַרש און מיט עלעקטרישע עפעקטען, די „משה'ס" געהען אהיים צופריעדען.

# לעבען אדער שטארבען?

(אַ סצענקע)

פּערזאָנען:

אידישער טהעאַטער־מענעדזשער (דירעקטאָר); אויטאָר; אַקטריסע; ראָלען־שרייבער.

אָרט: ניו יאָרק. מענעדזשער׳ס פּריוואַט־צימער אין טהעאַטער. צייט: צוויי וואָכען פאַר פּורים.

מענעדזשער: יאָ, אַזוי מוז עס זיין — לעבען!

אויטאָר: און דער פּרינצעסינ׳ס לאַנגער מאָנאָלאָג פאַר׳ן טויט? און די גאַנצע טויט־סצענע?

מענעדזשער: וועט מען אויסשניידען. אנשטאַט דעם וועט די פּרינצעסין זינגען אַ ליעד, דאַן וועט די קאָמישע פּאָר זינגען און טאַנצען אַ קופּלעט, דער כאָר וועט זינגען אַ מאַרש מיט עלעקטרישע עפעקטען, און מען וועט ארונטערלאָזען דעם פאָרהאַנג.

אַקטריסע: וואָס הייסט איהר וועט מיר אויסשניידען גאַנצע אכט זייטען? וואָס הייסט איהר וועט ארויסוואַרפען אַזאַ שטאַרקע דראַמאַטישע סצענע?

מענעדזשער: מען קען ניט העלפען. אַ יום־טוב־פּיעסע מוז זיך ענדיגען פרעהליך.

אויטאָר: די האַנדלונג פאָדערט אָבער, אַז די פּרינצעסין זאָל צום סוף שטאַרבען.

מענעדזשער: און די קאַסע פאָדערט, אַז זי זאָל בלייבען לעבען.

אויטאָר: שטאַרבען איז אָבער לאָגישער, רעאַליסטישער...

מענעדזשער: דרעהט מיר ניט אַ קאָפּ מיט אייער רעאַליזמוס.

ער האָט אַ ווײַלע בעטראַכט מיינע פינגער און האָט בעגייס־טערט אויסגערופען:

— מענש! איהר זייט דאָך געבאָרען געוואָרען אין אַ זיידען העמדעל! די נאַטור אַליין האָט אייך בעשטימט צו דער איידעלער פּראָפעסיאָן! ווען איך האָב אייערע פינגער, וועה איך אין עטליכע יאהר צייט אַ צווייטער ראָקעפעלער, אַ צווייטער ראָטשילד.

— ווילט איהר אפשר מיט מיר מאַכען דעם עסק אויף שותפות?

— אויב איך וויל? וואָס פרעגט איהר קשיות? קומט נאָר!

און ווי איהר קוקט מיך איצט אָן, בין איך ברוך השם, לייטען גלייך. מיינע קליידער קויף איך מיר ביי ראָדזשערס ענד פּיט, מיינע שיך לאָז איך מיר ברענגען פון באָסטאָן און מיינע שפּאַציער־שטעקלעך קויף איך מיר ביי וואַנאַמייקער. איך לאָזשיר מיר אין האָפמאַן־האוז און עסס ביי דעלמאָניקאָ. אָפטמאָל כאַפּ איך מיר אַ פאָהר אין אַן אויטאָמאָביל דורך דעם ריווער־סייד־דרייוו און די עלעגאַנטע לײדים קוקען מיר נאָך מיט ליעבעס־פלאַמענדע אויגען. איך בין זיכער, אַז איך וועל נאָך אַ גוטען שידוך אויך טהון. בכלל, ברידער, אַ גוטער מלאך האָט מיך געפיהרט אין אַמעריקאַ! חוץ מיין שאַדען אויף אייך געזאָגט געוואָרען...



## ענדליך געפונען מיין גליק.

אבער הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל! א איד ווערט ניט פערפאלען, בפרט נאָך א ליטוואק, ובפרט נאָך א סמארגאָנער נכתב! איך האָב ענדליך דאָך געפונען מיין גליק, וועלכע די השגחה־פרטית האָט פאַר מיר אָנגעגרייט אין אמעריקא!

איך זיץ מיר אזוי פארנאכט אין העסטער פארק און די דאגות החיונה קריכען מיר ארום אין קאָפּ ווי שווארצע שלאנגען. פון דעם לעצטען טהעאטער־קוואָדער האָב איך נור צוויי סענט אין קעשענע. גענוג אויף היינטיגער וועטשערע! אבער מאָרגען? וואָס וועל איך טהון מאָרגען?... אזוי טראכטענדיג פיהל איך ווי א האנד רוקט זיך אין מיין קעשענע. ווי ניט גוט עס איז מיר געווען אויפ׳ן הארצען, האָב איך מיך געמוזט צולאכען... יענער, וואָס האָט די האנד גערוקט אין מיין קעשענע האָט זיין האנד האסטיג צוריק־געצויגען און האָט מיך כמעט מיט כעס געפרעגט: „וואָס לאכט איהר, פעטער?“...

— איהר האָט אודאי געמיינט, אז איהר וועט אין מיין קעשענע געפינען א פּאָר הונדערט אקציעס פון דער פענסילוויינא אייזענ־באהן, ניט אזוי? — האָב איך איהם צוריק געפרעגט.

— זייט ניט קיין יאָלד! — האָט ער מיר געענטפערט — אויף אייער פנים שטעהט אָנגעשריבען מיט קלאפטער־לאנגע אותיות, אז איהר זיינט דער מלך מלכי המלכים פון אלע דלפנים. איך האָב נאָר מיט מיינע פינגער געמאכט א רעפּעטיציע, ווייל איך דארף היינט מאכען א שווער שטיקעל ארביים.

— א רעפּעטיציע? — האָב איך מיך גע׳חידוש׳ט — דארפען די גנבים אויך איינשטודירען זייער ראָלע איידער זיי געהען אויס־ליידיגען א קעשענע?

— וואָס דען האָט איהר געמיינט? גנב׳ענען איז א וויסענ־שאפט און א מלאכה ווי אלע וויסענשאפטען און אלע מלאכות. איבערהויפּט דארף מען דערצו האָבען פ י י נ ע פ י נ ג ע ר.

— איך וואָלט אויך וועלען לערנען די דאָזיגע מלאכה. פינגער האָב איך זעהר פיינע. נאט זעהט!

מיט שטאָלץ — איך האָב די סיגאַרעז פון דעם „שטערן" פון אידי־שען טהעאַטער!

— פאַר וואָס שענקט ער אייך דאָס אַזעלכע „טהייערע" סיגאַרען?

— ווייל איך בין זיינער אַ „פּאַטריאָט". יעדעס מאָל, ווען ער שפּיעלט אפּלאָדיר איך איהם און רוף איהם אַרויס פאַר'ן פאָר־האַנג. דערפאַר בעקום איך פון איהם יעדען אבענד 25 סענט מיט דריי סיגאַרען.

די „כאָלערא־סיגאַרען" וואָלט איך איהם מוחל געווען; אבער די פּאָר סענט האָבען שטאַרק געקיצעלט מיין אויסגעהונגערטע אינ־געווייד.

—קען איך אפשר אויך ווערען אַ פּאַטריאָט? — האָב איך איהם געפרעגט.

— איהר ווילט? קומט נאָר מיט מיר! עס וועט שוין רעכט ווערען!

ער האָט מיר געגעבען אייניגע לעקציאָנען ווי איך זאָל מיך נוהג זיין. דער עיקר איז נאָר דעם „סטאַר" צו אַפּלאָדירען, ער מעג שפּיעלען גוט אָדער שלעכט.

איך בין געוואָרען אַ פייערדיגער פּאַטריאָט. דער „סטאַר" האָט פון מיר פּשוט אָנגעקוואָלען. איך האָב רעגעלמעסיג בעקומען מיינע פּאָר סענט און דעם „סטאַר'ס" אַ פּאָר אַלטע שיך.

אָבער דער שטראַהל פון גליק האָט מיר נור אַ קורצע צייט געשיינט. עס האָט זיך אַריינגעמישט דער שטן און האָט מיך געלאָזט מאַכען אַ גראָבען פעהלער. איינמאָל, ווען דער „סטאַר" האָט געשפּיעלט „האַמלעט", האָב איך איהם ניט דערקענט; איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַן אַנדערער און האָב איהם פון דער גאַלערי מכבד געווען מיט אַ פויל איי, וואָס האָט געהאַט דעם זעלבען גערוך ווי זיינע סיגאַרען. עס איז געוואָרען אַ מהומה, מען האָט באַלד אויסגעפונען אַז איך האָב דאָס געטהאָן, מען האָט מיך מכבד געווען מיט אַ פּאָר „בלויע אויגען" און אַ רויטען קאַרק און אַ צודראַ־פּעטע פּנים און געשוואָלענע זייטען און אַרויסגעוואָרפען פון טהעאַטער.

און האָבען זיך אין גאַנצע מחנות א לאַז געטהאָן; אבער א קרחת אין הארצען! מיין לאַנדסמאַנ'ס וואַנצען האָבען פאַר זיי אפילו קיין כזית ניט איבערגעלאָזען און עס איז מיר פערשפּאָרט געווען זיך צו קראַצען. פאַר כעס האָבען זיי זיך אַן מיר נוקם געווען. יעדעס מאָל ווען דער דיענער פון האָספּיטאַל פלעגט מיר ברענגען מיין פּאָרציאָן ברויט, זופּ און פליישׁ, פלעגען זיי דאָס אויפעסען. דאָך בין איך אין צוויי וואָכען צייט געזונד געוואָרען און בין ארויס פון האָספּיטאַל. ביז היינטיגען טאָג וויים איך נאָך ניט, וועמען איך האָב דאָס צו פערדאַנקען: די דאָקטוירים פון האָספּיטאַל, אָדער דעם פערצעהן־טעגיגען תענית.

נו, קענט איהר שוין פערשטעהן, ווי איך בין הונגעריג געווען! און ווייל קיין אונגליק קומט ניט אויף דער וועלט אליין, האָט זיך מיר געטראָפען נאָך א צווייטע סיבה: ארויסגעהענדיג פון האָספּי־טאַל, האָב איך אין בראָדוויי פערלאָרען א שוך פון מיין רעכ־טען פוס. איך בין אריינגעגאַנגען אין דער רעדאַקציע אריינשטעלען אין דער צייטונג אַן אויפרוף צום פאָלק מיט דער בקשה: ווער עס האָט געפונען מיין שוך זאָל מקים זיין די מצוה פון „השבת אבדה“, האָט דער מענעדזשער (אדמיניסטראַטאָר) פערלאַנגט צעהן דאָלאַר פאַר דרוקען דעם אויפרוף. נו? איז ער ניט א „חאַמער“? פאַר צעהן דאָלאַר קען איך דאָך קויפען א גאַנצע קראָם מיט אזעלכע שיך ווי מיינע! אָבער ווי קומט א מענעדזשער פון א אידישער צייטונג צו שכל!...

פאַר גרויס שברת הלב האָב איך מיך אוועקגעזעצט אין העסטער פּאַרק, דאָרט, וואו מיך האָט שוין איינינע גליקען געטראָ־פען. עפּעס א רוח נבואה האָט מיר געזאָגט, אז דאָ וועל איך געפי־נען מיין גליק. אויף דער זעלביגער באַנק זיצט א יונגער מאַן און רויכערט א סיגאַר. דער אראָמאַט פון סיגאַר דערמאָנט מיר דעם גערוך פון א גע'פּגר'טער קאַץ.

— איהר רויכערט זעהר גוטע סיגאַרען, מיסטער! — זאָג איך צו איהם.

— אָה, זיי שטאַמען פון א הויכען אָרט! — ענטפערט ער מיר

געהייסען זיך ארויסקלייבען פון דער וואוינונג. עס איז נאָך א גליק וואָס איך האָב דערצו ניט געדארפט קיין וואָגען די זאכען אוועקצו־פיהרען. איך האָב גענומען מיין תפילין־זעקעל און האָב זיך אריינ־געקליבען אין ניו יאָרק. א גאנצען טאָג בין איך ארומגעגאנגען ווי א שררה און קיינער האָט ביי מיר קיין רענט ניט געבעטען. פאר־נאכט, ווען איך בין מיעד געוואָרען, האָב איך מיך אוועקגעזעצט אויף א באנק אין העסטער־פארק. א מתנה פון גאָט דער העסטער־פארק! מען קוויקט זיך מיט די בשמים פון פערשוויצטע פיס און מיט דעם פארפום, וואָס שלאָגט פון די טעגליכע צייטונגען, פון איבער'ן וועג. און בעלי־עגלות זיינען אויך דאָ, אָהן עין הרע, א סך. מען רעדט פון נאָראָוויסטע פערד און פון לייט־ארטיקלען אין די צייטונגען. אָבער פאר דעם נחת האָב איך טהייער בעצאָהלט. אימי־צער, געוויס א פרומאק, האָט ארויסגעשלעפט מיינע תפילין פון מיין קעשענע. וואָס וועל איך דאָס טהאָן אָהן תפילין? דערצו האָב איך אן עצה. ביי דער נעקסטער „אספת הרבנים" וועל איך מיך צו זיי ווענדען און בעטען, זיי זאָלען מיר מתיר זיין דאוונען אָהן תפילין. דערווייל איז שוין שפעט געוואָרען, עס ווילט זיך שלאָפען און איך האָב ניט וואו. שלאָפען אין העסטער־פארק האָב איך מורא. מען קען נאָך אראָב'גנב'ענען מיינע צוריסענע שיך פון מיינע פיס. אָבער גאָט איז א גוטער! עס קומט מיר אנטקעגען מיינער א לאנדסמאן, און ווי ער האָט אויסגעהערט מיינע צרות, לאדעט ער מיך איין צו זיך אויף דער נאכט. איך האָב איהם שיער ניט אויסגעקושט אלע זיינע רמ"ח אברים און שס"ה גידים פאר שמחה. ער האָט מיר געגע־בען א בעט מיט קישענס און מיט א קאָלדרע, און אויף מאָרגען אין דער פריה, אז איך האָב מיך אויפגעכאפט פון שלאָף, האָב איך געזעהן, אז איך ליג א צוביסענער, א צוואוואונדעטער פון ששים רבוא וואנצען אין גאָווערניער האָספיטאָל און צוויי דאָקטוירים לעגען מיר צו זאלבען.

## א שטראהל פון גליק.

די וואנצען פון גאָווערנייער האָספיטאָל זיינען אויך ניט קיין חזירים! זיי האָבען אויך חשק צוצוקומען צו מיין זינדיגען קערפער

## רייז אַ רפואה צו אַ געשוואָלענער באַק.

דער גאָט פון אַלע גרינגע האָט זיך אויף מיר מרחם געווען און האָט מיר געשענקט אַ געשוואָלענע באַק. עפּעס איבער נאַכט איז מיין באַק גרויס און קיילעכדיג געוואָרען ווי וויליאַם טאַפט'ס בויך. די מיסעס, ביי וועלכע איך שטעה, האָט מיר גלייך אָבגעשפּראָכען אַן עין הרע — עס העלפט נישט! זי האָט מיר צו דער באַק צוגעלעגט געריבענעם כריין — עס העלפט אַלץ נים! זאָגט זי צו מיר: „דאָ נים וויים איז אַ אידישער האָספּיטאָל. די גרעסטע דאָקטוירים אין דער וועלט. זיי זיינען פּשוט מחיה מתים. קאָסט נים קיין סענט געלד. געהט גלייך אַהין!"

איך געה. דער דיענער הייסט זיך מיר ווענדען צום דאָקטאָר קאַראַפּוזיק. איך געה צו איהם. עפּעס אַ בריאה מיט אַ לאַנגער נאָז. הפנים די גאַנצע דאָקטאָריע האָט ער אין נאָז. ער הייסט זיך מיר אויסטהאָן מוטער־נאַקעט. איך פאָלג. ער לעגט צו זיין אויער צו מיין ברוסט און הייסט מיר הוסטען. איך דערלאַנג איהם אַ תקיעה־גדולה־הוסט. ער קלאַפּט מיר מיט אַ האַמער אין מיין בויך. ער צעהלט איבער די פינגער פון מיינעביידע פיס. ער נעהמט אראָב אַ מאָס פון מיין קאָפּ. קוקט אריין מיט אַ ספּאַקטיוו אין מיינע ביידע נאָז־לעכער. עלעקטריזירט מיר דעם גראָבען פינגער פון מיין לינקען פוס און זאָגט צו מיר: „איהר מוזט פאָהרען אויף צוויי יאָהר נאָך דענוועער, קאָלאָראַדאָ!" איך ערקלעהר איהם, אַז איך בין שטאַרק בע'קבצנ'ט און האָב נים מיט וואָס צו פאָהרען. ער קנייטשט דעם שטערען, טראַכט אַ לאַנגע צייט און ענטפערט מיר: „קויפט אייך דריי קוואָרט רייז און נעהמט אַלע טאָג אויפ'ן ניכטערען האַרצען צוויי רייז־קערנער. ווען איהר וועט האָבען דאָס גאַנצע רייז אויס־גענומען, וועט די געשווילעכץ פון אייער באַק אַוועקגעהן."

## מען שלעפּט ביי מיר אַוועק מיינע תפילין.

מזל־טוב מיר! די לעצטע צעהן סענט פון די תרפ"ט אַלפים דאָלאַר, וועלכע איך האָב מיטגעבראַכט פון דער היים, זיינען מיר אויסגעגאַנגען, און היינט אין דער פריה האָט מיר מיין „מיסעס"

איך רויכער זיינע סיגאַרעטלעך. ער האָט מיך זעהר ליעב און פאַר ליעבשאַפט האָט ער מיך אויסגעלערענט שפּיעלען אין קאָרטען.

היינט האָט ער מיך מיטגענומען אין טהעאַטער און האָט מיך אריינגע'גנב'עט דורך א הינטערשטע טהיר. א פּלאַץ האָט ער מיר געגעבען דוקא אויבענאָן.

איך זיץ אויף מיין פּלאַץ און קוועל אָן פאַר נחת. גאָר ניט ווי ביי אונז אין איירָאפּא. פרייהייט אומעטום, אפילו אין טהעאַטער. דער עולם זיצט אויף די שטוהלען, עסט ברויט מיט געריויכערטע פיש, טרינקט סאָדא־וואַסער, קנאַקט ניסלעך, דרעהט זיך די וואַנ־צעס און דערצעהלט זיך מעשיות פון די פאַבריקען. איינער א יונגער מאַן, וואָס זיצט נעבען מיר, נעהט זיך איין א קנעפּעל, וואָס האָט זיך אויסגעריסען, מחילה, פון זיינע תחתונים. פרייהייט! ווען איך וואָלט מיך ניט געשעהמט, וואָלט איך אויסגעשריען: „הורריי פאָר דהי אמעריקען קאָנטרי!“

אָבער אָט געהט שוין אויף דער פאָרהאַנג! איך זעה א פעלד מיט א וואַלד. א פאַסטוך פיהרט א טשערעדע לעבעדיגע שעפּסען און זינגט עפּעס. עס קומט א מיידעל, אָדער א ווייבעל און זינגט אויך.ביידע גלאָצען מיט די אויגען, צאַפּלען זיך ווי אין קאָנוואול־סיעס, קושען זיך און זינגען ווידער. נאָך דעם געזאַנג צוואַויינען זיי זיך און גלייך נאָך דעם געוויין טאַנצען זיי די רוסישע „קאַמאַרינ־סקאַיא“. אזוי געהט עס אקט פאַר אקט. מען זינגט, מען שפּרינגט, מען גלאָצט מיט די אויגען, מען צאַפּעלט זיך, מען קושט זיך, מען וויינט און מען טאַנצט ווידער.

איך רוף צו מיין בעקאַנטען און פרעג איהם: „ווען וועט מען שפּיעלען די פּיעסע?“

ער מעסט מיך אָב פון אויבען ביז אראָב מיט א גיפטיגען בליק און ענטפערט:

— א גרינהאָרן בלייבט א גרינהאָרן! דאָס, וואָס דו האָסט געזעהן, איז דיר נאָך ווייניג? אזעלכע שעהנע דעקאָראַציעס, אזעלכע טהייערע קליידער, אזוי פיעל ליעדער און קופּלעטען, אזוי פיעל טענץ — און ער פערלאַנגט נאָך א פּיעסע!

הונגעריגען מאַגען? איך גורט אָן מיינע לענדען און געה אין דער „תלמוד תורה".

אָבער עס איז הפנים אויף מיר נגזר געוואָרען מן השמים, אז איך זאָל נים האָבען נים קיין תורה און נים קיין ברויט, איך בין צו שפעט געקומען. די תורה מיט'ן ברויט מיט הערינג האָבען שוין אנדערע פערכאפט. שוין צוגעהענדיג צו דער תלמוד תורה, האָב איך געזעהן, אז איך וועל דאָ זיין אָן איבעריגער. עס זיינען אָנגעקומען סקעבס פון ארבע פינות העולם. אונטער זיי זיינען געווען עטליכע גאסען־קעהרער אין זייערע ווייסע היטלען, א טוץ מאטראָזען פון אמעריקאנישע און אויסלענדישע שיפען, עטליכע אויסגעדיענטע סאָלדאטען פון דער אמעריקאנישער ארמעע, פינף־זעקס כינעזער, דריי־פיער אקטיאָרען פון א געשלאָסענעם מוזיק־האָל און א פּאָר צעהנדליג איטאַליענער. אלע האָבען געוואָלט אומזיסטע תורה און אומזיסטע ברויט מיט הערינג.

דער ראש הישיבה איז ארויסגעקומען און האָט געהאלטען א קורצע רעדע:

— רבותי! מיין הארץ איז פול מיט שמחה, וואָס די תורה איז ביי איך אזוי חביב; אָבער מיר קענען נישט אריינגעהמען אזוי פיעל תלמידים. וואו וועלען דאָס אלע קריגען שטעלען, ווען מיר וועלען אלעמען מאכען פאַר רבנים? נור דאָס מוז איך אייך זאָגען, רבותי, אז באם עס וועט ביי אונז ווידער אויסברעכען א סטרייק, נעהמען מיר די תורה און מיר פיהרען זי אוועק צוריק צו דעם בארג סיני!

## מיין בעזוך אין אידישען טהעאטער.

מיט מיר אין איין צימער געפינט זיך אָן אשער (דיענער) פון א אידישען טהעאטער. מיר האָבען ביידע איין צימער און מיר שלאָפען ביידע אין איין בעט. אזוי איז ער זיך א גאנץ אנשטענדי־גער מענש, נאָר ער עסט צופיעל קנאָבעל און די גאנצע נאכט האלט ער מיך אין איין פערפומירען... ער דאווענט אין מיינע תפילין און

אהא, אַט איז אַ „גמילות חסדים“! מיין הארץ האָט מיר טאקע שוין פריהער געזאָגט, אז די ניו יאָרקער אידען האָבען נאָר איין עובדה: צו העלפען די אָרימע און די געדריקטע אויף אַלערליי אופנים. מיט זיכערע טריט קום איך אריין אין אָפיס. דאָ וועל איך קריגען וואָס איך דארף, און היינט נאָך ווער איך אַ סוחר פון סעמיטשקעס. איך געה צום סופעראינטענדענט און בעט אַ גמילות חסד פון פינף דאָלאר.

— האָט איהר ווער עס זאָל פאר אייך ערוב זיין? — פרעגט ער מיך.

— ניין, איך האָב דאָ נישט קיינע בעקאנטע! — ענטפער איך.

— האָט איהר אפשר אַ משכון? — פרעגט ער מיך ווייטער.

— יא, איך קען אייך געבען פאר אַ משכון דעם מאנוסקריפּט פון מיינע לירישע געדיכטע — ענטפער איך אַביסעל שטאָלץ ווי אַלע פּאָעטען.

— אזעלע משכנות האָבען ביי אונז קיין שום ווערטה ניט; אבער איך וועל אייך געבען אַ גוטע עצה. איהר קענט מר. יאָזעף פוליטצער, דעם אייגענטהימער פון דער צייטונג „וואָירלד“? בעט איהם ער זאָל פאר אייך ערוב זיין. פאר אַ ליטעראַט וועט ער עס געוויס טהאָן בלי שום ספק.

## סטרייק־ברעכעריי, תורה און ברויט מיט הערינג.

הידד, ניו יאָרק האָט טויזענדער קוואלען פון פרנסה!! מען דארף נור דעם מוטה ניט פערלירען און ניט אויפהערען צו זוכען. און איך האָב דעם מוטה נישט פערלאָרען, האָב ניט אויפגעהערט צו זוכען און האָב טאקע געפונען.

אַ ניו יאָרקער „תלמוד תורה“, אין וועלכער די תלמידים זיינען ארויס אין אַ סטרייק, זוכט סטרייק־ברעכער. די מנהיגים ערקלעהרען, אז זיי וועלען געבען צו יעדען איינעם, וואָס וועט זיך מעלדען, תורה מיט ברויט מיט הערינג בחנם. אמת, עס איז זעהר ניט אָרענטליך צו געהן סקעבען; אָבער איז דאָס אַ תירוץ פאר אַ

דאַרף מען קיין גרינגער ניט זיין... איך וועל מיך בעסער נעהמען צו בילדונג. פאַר דעם געבילדעטען מענשען זיינען אין אמעריקא געוויס אָפען אַלע טהירען. און קיין געלד קאָסט עס אויך ניט. אידישע פאַטריאָטען און בעלי צדקה האָבען דאָ אויפגעעפענט אַן „עדיוקיי־שאָנאַל ליעג". אומר ועושה. איך געה אהין.

— וואָס קען איך ביי אייך לערנען ? — פרעג איך.

— אַלץ וואָס איהר ווילט — ענטפערט מען מיר, — אסטראָ־נאָמיע, פיזיאָלאָגיע, פאָליטישע עקאָנאָמיע, מאטהעמאטיק, כעמיע, געאָגראפיע, טעכניק, סטראטעגיק און דער גלייכען. די סטודענטען וואָס האַלטען ביי אונז אויס עקזאמען און בעקומען אונזערע דיפּלאָ־מען, קריגען פּראָפעסאָר־שטעלען מיט גרויסע געהאַלטען אין אַלע אמעריקאנישע און אויסלענדישע אוניווערזיטעטען.

איך האָב זיך אויסגעוועהלט די פאָליטישע עקאָנאָמיע און בין געקומען הערען די ערשטע לעקטשור.

און פּראָפעסאָר יאָקטאָן האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף דער קאַטהעדער און האָט מיר און אַנדערע „סטודענטען" געלעקטשורט איבער דער מיסטיק און דעם סימבאָליזם וואָס געפינען זיך אין די דראמעס: „מחמר", „אויף די בערג", „גלות נאַליציען" און „האמלעט". איך האָב געפיהלט ווי מיין לעבער ווערט געשוואָלען פון דער לעקטשור און בין אוועק אהיים.

## איך וויל עפּענען אַ געשעפט פון סעמיטשקעס.

שלעכט ! ניטאָ פון וואָס צו לעבען, נישטאָ וואָס צו קייען. קען דאָס מעגליך זיין, אז אין אַ שטאָדט, וואו עס לעבען אַ מיליאָן אידען, האָט מען ניט געזאָרגט פאַר אַן אָרימען גרינעם ? אָט זעה איך ווי אַנדערע גרינע און געלע זיינען מאסף ממון פון פערקויפען סעמיטשקעס. עס איז געוואָרען אַ מאָדע אויף סעמיטשקעס קנאקען. מען קנאַקט אויף וואָס די וועלט שטעהט און מען פלאסטערט אויס די גאסען מיט זייער שאָלעכץ. ווען איך זאָל קריגען צו לייהען אַ פאָר דאָלאר, עפען איך אויף אַ געשעפט פון סעמיטשקעס. אָבער ביי וועמען לייהט מען ?

פון א כאַלעריע־ציגאַר. איך הויב אָן צו ניסען און פון דעם ערשטען נאָס פליהט אוועק מיין סטייק און מאַכט א רייזע נאָך יאַנקערס.

## מיין רייזע נאָך אַלאַסקאַ.

עס איז קיין תכלית ניט ארומצוגעהן פוסט־און־פּאַס. מיינע „היימישע מיליאָנען" געהען אויס. מען דאַרף עפּעס טהאָן, עפּעס פערדיענען. און אין ניו יאָרק איז ניטאָ וואו צו פערדיענען. אָבער דערפאַר האָבען די אידישע „רחמנים בני רחמנים" אויך געזאָרגט. זיי האָבען מיט זייער גרויס געגאַד אויפגעעפענט א „רעמוואוועל אָפּיס" און פערזאָרגען אָרעמע מענשען מיט ארבייט און מיט שטעלען אין אַנדערע שטאַאטען.

צו וואָס דאַרף איך ניו יאָרק? אחוץ וואָס מען קען דאָ ניט געפינען קיין חיונה איז דאָ די לופט פערפּעסטעט פון שרייבער, פון פּאָעטען, פון אקטיאָרען, פון פּאָליטיקער און פון אַנדערע פורעניות'ן. אין דער „קאָנטרי" (אויסער ניו יאָרק) האָט מען געוויס ריינע לופט און מעהר פרנסה. איך געה אין „רעמוואוועל אָפּיס".

— גוט וואָס איהר זייט געקומען! — זאָגט צו מיר דער בעאַמטער. — אויב איהר ווילט קענען מיר אייך גלייך געבען א שטעלע. אין אַלאַסקאַ דאַרף איינער האָבען א פעל־שינדער. דאָס איז ניט קיין שווערע ארבייט. איהר וועט נור האָבען אָבצושינדען די פעלען פון בערען, פון וועלף, פון פיקס און פון ים־הינד. דער מאַן וויל צאָהלען פינף דאָלאַר א וואָך און פריי עסען. מיר וועלען אייך צו איהם געבען א בריעף און מיר וועלען אייך אוועקשיקען אויף אונזערע קאָסטען ביז פילאַדעלפיא. פון דאָרט ביז אַלאַסקאַ קענט איהר געהן צו־פוס; ס'איז ניט זעהר ווייט.

## איך בעשלים צו ווערען א פּראָפעסאָר.

נאָך פיעל ישוב הדעת האָב איך די שטעלע אין אַלאַסקאַ ניט אָנגענומען. שינדען פעלען פון חיות, איז עפּעס א מלאכה בזויה. פון מענשען שינדען די פעל איז שוין א סך שעהנער; אָבער דערצו

און די פּיס, מען האָט מיר געהייסען הויבען צוויי שווערע אייזערנע קוילען, איך האָב געמוזט שפּרינגען איבער א שטריק, זיך ראנגלען מיט א ריעז, און נאָכדעם ווי איך האָב בעקומען תרי"ג בוכצעס, רמ"ח שטורכעס און שס"ה קולאקעס אין די הארטע און ווייכע טהיילען פון מיין קערפּער, א צושפּאָלטענע ליפּ און צוויי „בלויע אויגען", האָט מיר דער סופּעראינטענדענט ערקלעהרט, אז איך וועל מיך גיך „אמעריקאניזירען"

## מיין סטייק פליהט אין יאַנקערס.

עס איז ממילא מובן, אז איך בין אהער נישט געקומען אָבקויפען אלע אמעריקאנישע אייזענבאהנען. דערצו האָט מיר געפעהלט אביסעל געלד, און מיט דעם ביסעל, וואָס איך האָב מיטגעבראכט, האָב איך געמוזט קארגען. צאָהלען 25 אָדער 30 סענט פאר א מאָהלצייט, איז געווען איבער מיינע פינאנציעלע כחות. ואפן כה וכה און האָב דערזעהן א "כשר'ע קיך", וועלכע אידישע פילאנטראָפּען האָבען געגרינדעט פאר זייערע אָרימע אידישע ברידער און וואו מען קריגט „מעדני מלכים" נאָר פאר 7 סענט. „פרעהט זיך, מיינע קישקעס!" — האָב איך אויסגערופען און בין געגאנגען אין דער „כשר'ע קיך".

איך זיץ ביי א טיש און שטודיר דעם טישטוך. דער טישטוך זעהט אויס ווי א לאנדקארטע פון דעם ערד־קוגעל. רויטע, גרינע, געלע, בלויע און שווארצע פלעקען. דאָס מוזען זיין די פערשיעדענע מדינות און ימים. איך זוך יאקאהאמא און קען עס ניט געפינען. א פּאָר רויטע פּאסען צווישען צוויי גרינע פלעקען, ווייזען מיר אויס ווי דער סועץ־קאנאל, אָבער אָט איז שוין דער „וויימער" מיט'ן עסען!

א גרויסער טעלער מיט צוועלף טראָפּענס זופּ. איידער איך נעהם דעם פערראָסטעטען אייזערנעם לעפעל אין האנד, פאלט א הייסער שטראהל פון דער זון אויפ'ן טעלער. נישטאָ וואָס אָנצושעפּען. די זון האָט די צוועלף טראָפּענס אויסגעטריקענט. מילא, זאָל זיין אָהן זופּ! א טיש־גענאָסע בלאָזט מיר אין פּנים דעם רויך

# טאַגעבוך פון א גרינעם

א געגויע בעשרייבונג פון דעם ערשטען טאָג אָן, וואָס ער איז געקומען אין ניו יאָרק. — די פערשיעדענע גלגולים, נסיונות און צרות, ליידען און פריידען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט ביז ער איז געוואָרען „אָלל־רייט" אין אמעריקא.

## איך אמעריקאניזיר זיך.

יולי דעם 25טען, 1908, בין איך בשלום אָנגעקומען אין ק"ק ניו יאָרק. אז פאר דעם איינגעוואַנדערטען אידען איז „זיך אויסגריי־נען" דער עיקר, האָב איך באלד פערשטאַנען. אויף דער פראַגע ביי מיינע לאַנדסלייט: וואו גרינט מען זיך אויס? האָבען זיי מיר אַנגעוויזען דעם „עדיוקיישאָנאל עלייענס". איך מארש אהין און האָב מיך פאָרגעשטעלט פאר'ן סופעראינטענדענט.

נאָך מיין גרינעם שכל איז אויסגעקומען, אז א טשינאָווניק פון אן אנשטאַלט, וואָס האָט צו טהאָן נאָר מיט גרינע, מוז גוט קענען די אידישע שפּראַך, כדי די גרינע זאָלען איהם קענען פערשטעהן; אָבער דער סופעראינטענדענט, אויסהערענדיג מיין בקשה, האָט מיר געענטפערט בזה הלשון:

— דהי פוירסט טהינג, ר' קרוב, איז גוט קענען די עמעריקען קאָנטרי, פערלאָסען די אייראָפּעאישע זיטען ענד אייגענטהימליכ־קייטען ענד אסימילירען אין זיך דעם אמעריקאנישען גייסט. זי מיססען לערנען טו לאָוו עמעריקע, טו בי ען עמעריקען פּאטריאָט!

איך האָב איהם אפילו זעהר ווענינ פערשטאַנען; אָבער ווייל „זיך אויסגרינען" איז ביי מיר געווען די הויפּטזאַך, האָב איך מיך איבערגעגעבען אין זיינע הענד.

און ער האָט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט מיך צו „אמע־ריקאניזירען". מען האָט מיך אריינגעפיהרט אין א גימנאַסטיק־זאַאל, מען האָט מיר אָנגעטהאָן א פּאָר קורצע תחתונים מיט א קורצען העמדעל, א פּאָר געזונדע יונגען האָבען מיר געצויגען די הענד

היינט זאָגט מען: —
ער איז געווען אַ פילאָזאָף, אָבער אַ משוגענער.
דאַן וועט מען זאָגן: —
ער איז געווען אַ משוגענער, אָבער אַ פילאָזאָף.

„אַט אַזוי, מיין קינד, קענען די זעלבינע ווערטער פון זלזולים ווערען שבחים. ווען אַלזאָ, דו הערסט נאָך אַמאָל אימיצען מיך זידלענדיג, הער איהם אויס רוהיג און געלאַסען און פערכליפּע זיך ניט.

„דיין אַלטער זיידע וועט זיך געהן זיין אַלטען וועג און ווי איהם האָבען ביז איצט ניט געצעפּעט זיינע שונאים, אַזוי וועלען איהם ניט צעפּענען זיינע גוטע פריינד.

„ער וועט געהן זיין וועג; ווער עס גלויבט אין איהם ניט, יענער זאָל נאָך איהם ניט נאָכגעהן; ווער עס האָט קיין וויכטיגערע זאַך ניט צו טהון, מעג איהם זידלען און ווער עס איז אַ נארר, מעג דאָס ארויסווייזען: ענגלאַנד איז אַ פרייע מדינה.



ווען בעוויזען, אז ווען ער האָט געזאָגט דאָס, האָט ער געמיינט אנדערס.

„איך ווייס ניט וואָס זיי זאָגען היינט, וואָס זיי קענען זאָגען, אָבער איך שטעל מיר די מעשה פאָר אזוי:

היינט זאָגט מען: —
ער שרייבט מיט הארץ, ווייל ער קען שרייבען.
דאן וועט מען זאָגען: —
ער קען שרייבען, ווייל ער שרייבט מיט הארץ.

היינט זאָגט מען: —
ער רעדט ארום הונגעריגע און דאָך ער אליין הונגערט ניט.
דאן וועט מען זאָגען: —
ער אליין הונגערט ניט און דאָך רעדט ער ארום הונגעריגע.

היינט זאָגט מען: —
ער שרייבט פאר אידישע ארבייטער, ווייל ער קען ניט שרייבען פאר גוי'שע גבירים.
דאן וועט מען זאָגען: —
ער קען ניט שרייבען פאר גוישקע גבירים, ווייל ער שרייבט פאר אידישע ארבייטער.

היינט זאָגט מען: —
ער האָט אויך גוטע מעלות, אָבער א סך פעהלערען.
דאן וועט מען זאָגען: —
ער האָט אויך פעהלערען, אָבער א סך גוטע מעלות.

היינט זאָגט מען: —
ער האָט געוויס עטוואָס אויפגעטהאָן, אָבער ער שטאָלצירט דערמיט.
דאן וועט מען זאָגען: —
ער שטאָלצירט דערמיט, אָבער ער האָט געוויס עטוואָס אויפגעטהאָן.

האַנד אין שמוץ אום מיך צו בעשמירען, דאַן פערדריסט מיך אַם מייסטען דאָס וואָס זיי ווערען צעהן מאָל אַזוי שמוציג ווי איך. דען דו דאַרפסט פערשטעהן, מיין קינד, אַז זיי זיינען שלעכטע וואַרפער, זעהר ניט געשיקטע, און ווען זיי דערלאַנגען אַ וואָרף דעם הויפען שמוץ צו מיר צו, קריעגען זיי ניין חלקים דערפון אין זייער אייגענע צורה. דאָס קרענקט מיך, ווייל אין גרונד הארצען האָב איך זיי ליעב.

„דו שמייכעלסט? דו בעגרייפסט ניט ווי איך קען ליעבען די וואָס בעפאַלען מיך? קינד! ווייסטו דען ניט אַז אַלט ווי מיין בוינגען איז, שוואַך ווי די שטריקעל איז, און טעמפּ ווי מיינע פיילען זיינען, וואָלט איך נאָך געקענט זיך פערטהיידיגען אפילו געגען גרעסערע שיסערס ווי זיי זיינען, און וואָלט געקענט ענטפערן מיט אַ גיפטיגען שטאָך אויף אַ שמוציגען וואָרף. איך טהו דאָס ניט ווייל איך ליעב זיי, און איך ליעב זיי ווייל זיי זיינען מענשען, הגם זיי טהוען אַלץ וואָס זיי קענען אום צו בעווייזען דאָס געגענטהייל.

„און איצט נאָך אַ זאַך. הער מיך אויס, מיין קינד, אין גאַנצען: איך וועל אַזוי גיך אַרום דעם נאָך אַמאָל ניט רעדען.

„מיינע געגנער! ווייסטו ווער זיי זיינען? זיי זיינען מעהר־סטענס פערבלאָנדזשעטע שעפּסעלעך, וועלכע האָבען מיך אין גרונד הארצען ניט ווייניגער ליעב ווי איך זיי. אַט לאָמיך היינט שטאַרבען...“

— אָה! זיידע!

„שרעק זיך ניט, מיין קינד, דאָס רעדט זיך נור אַזוי, לאָמיך היינט, זאָג איך, שטאַרבען...“

— זאָג: אָוועקפאָהרען, זיידע!

„שטער מיך ניט. לאָמיך היינט שטאַרבען, וועסטו זעהן ווי די זידלער וועלען זיין די ערשטע צו דערצעהלען מיינע שבחים, די ערשטע אָבצואוואַשען יעדען פלעקעלע פון זייער טויטען פריינד אויפ׳ן טהרה־ברעט. דו וועסט זעהן, ווי זיי וועלען נעהמען די זעלביגע ווערטער, וועלכע זיי געברויכען היינט, אום מיך צו זידלען און וועלען מיך מיט זיי ריהמען. דער ביטערסטער צווישען זיי

בעקלעך, רויט פון וויינען און געוואשען מיט טרערן. עס האט געדויערט זעהר לאנג ביז ער האט געקענט אויסרעדען וואס ער האט נעבעך געהאט אויפ'ן הערצעל. ענדליך האט ער זיך פאנאנדער־גערעדט:

— זיידע, — זאגט ער — מען זידעלט דיך.

— עס מאכט ניט אויס, מיין קינד. — ענטפער איך איהם.

— עס מאכט ניט אויס? וואס הייסט, עס מאכט ניט אויס?

— פרעגט ער — דו ווייסט מסתמא ניט ווער די זידלער זיינען!

— לאזען זיי זיין ווער זיי זיינען, דאס מאכט גאר ניט אויס. אויב דער בעס קומט פון געקרענקטע ליעבע, איז די זידלעריי פאר מיר א כבוד; אויב די זידלעריי קומט פון קליינליכע קנאה, בין איך פילאזאף גענוג איהר צו פעראכטען; אויב זי, די זידלעריי, קומט פון אונפערשטאנד, בין איך מענש גענוג איהר צו בעדויערען, און אויב זי קומט פון פייגהייט (פייגהייט, פילייכט, אין א רעוואלו־ציאנערע העמדעלע) דאן מאכט זי, די זידלעריי, זיך אליין נור לעכערליך.

„און דאן, מיין קינד, דארפסטו וויסען, אז דער וואס וויל דיענען זיינע מיטמענשען, מוז קענען פיעל פערטראגען. ער מוז ניט נור מורא האבען פאר די בעליידיגונגען פון זיינע געגנער, וואס דאס איז פאר איהם א כבוד, ער מוז אויך קענען אריבערטראגען בעשימפפונגען פון זיינע גוטע פריינד. ער מוז ניט נור זיין צופריעדען צו אפפערן זיינע בעסטע יאהרען, זיין פערגניגען און זיין וואוילטאג, ער מוז אויך זיין ענטשלאסען צו זעהן ווי זיין עהרע ווערט אנגעגריפען, ווי זיין אונשולד ווערט בעשמוצט און ווי זיין נאמען ווערט בעליידיגט.

„יא, מיין קינד, מען ליידט ניט נור פון פרויענליעבע אליין, — מען ליידט פון יעדען מין ליעבע, אפילו פון מענשענליעבע. ווער עס האט ניט קיין כח צו ליידען, יענער האט ניט קיין רעכט צו ליעבען און ווער עס וויל ליעבען און ניט ליידען, יענער איז א נארר.

„און מיין ניט, אז דאס טהוט מיר ניט לייד, אה, יא! אבער גלויב מיר, ווען איך זעה, ווי מיינע געגנער בויגען זיך איין, ווי זיי ערניעדריגען זיך ביז'ן בלאטע, ווי זיי שטעקען דאן אריין א ריינע

רינד־פליישׁ; איצט לאָמיך אייך ווידער אגב אורחא בעמערקען, גלויב איך ניט מעהר אין דעם, ווייל איך זעה פון טאָג צו טאָג אלץ מעהר און מעהר אָקסען, וועלכע רייסען זיך קיין ארץ ישׂראל, וואָס דאָס איז פאַר מיר אַ בעוויז, אַז די ווערים עסען יעדען מין פליישׁ וואהרשיינליך אפילו דבר־אחר, וואָס דערפון קענט איהר פערשטעהן אַז קלוגע פראָצענטניקעס און סוועטערס דאַרפען זעהן צו שטאַרבען ניט ווייט פון מערת־המכפלה, אויב זיי ווילען קומען מיט אַ גאַנצען גוף, מיט די בייכלעך מיט אַלעם מיט אנאנדער פאַר'ן בית־דין של מעלה אויף יענער וועלט. אַי, וועט איהר זאָגען: אין ארץ ישׂראל עסען ניט די ווערים, אָבער די ערד אליין עסט אויף די מענשען, וואָס דערפון איז געדרונגען, אַז מען קומט אפילו דאָרטען ניט אין גאַנצען אויף די בעסערע וועלט, — וועל איך אייך ענטפערן, אַז איך בין נאָר ניט מחויב צו זאָגען דורכאויס גלייכע זאַכען און אַז איך האָב זאָגאַר אַ רעכט צו רעדען נאַרישקייטען, כל זמן די נאַרישקייטען טראָגען ניט אויף זיך דעם טרייד־מאַרק פון אַ בעקאַנטען פראָפעסיאָנעלען נאַר און כל־זמן איך דאַרף ניט מורא האָבען, אַז אַ מגיד זאָל מיך קענען פערקלאָגען דערפאַר פאַר'ן געריכט.

קומענדיג צוריק צו מיין ענין, זאָג איך נאָך אמאָל, אַז מיר וואָלט זיך שטאַרק וועלען זעהן, וואָס פאַר אַ גערודער עס וועט ווערען אין די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט (די ווילדע פעלקער לעזען וואהרשיינליך מיינע שריפטען ווענינ־וואָס) ווען די בשורה פון מיין טויט וועט זיך פערשפרייטען ווייט און ברייט. אום אָבער, אַז איך זאָל דאָס קענען זעהען און הערען — איז נויטיג, אַז איך זאָל שטאַרבען ווי אַן אָרעמאַן לעבט, דאָס הייסט, האַלב־און־האַלב, אַז איך זאָל לעבען געשטאָרבענערהייט, ווי איך האָב פריהער געזאָגט.

---

איהר ווילט געוויס וויסען ווי אַזוי אַזאַ משוגענער רעיון האָט מיר געקענט אַרויפקומען אויפ'ן מוח? הערט:

מיט עטליכע טעג צוריק איז מיין אייניקעל געקומען פון גאַס אַ פערכליפּעטער, מיט רויטע געשוואָלענע אויגען און מיט אַ פּאָאַר

פסיק. נור אזוי ווי איך בין דאָ געבליעבען אין מיטען פון דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען און אזוי ווי איך בין היינט ניט מעהר קיין מלמד, מוז איך אָנהייבען פון דאָס ניי, אזוי צו זאָגען:

איך האָב שוין אין מיין לעבען געהאט אלערליי צייטען, אָבער ניט אַ צייט ווי די היינטיגע. איצט טראָג איך זיך געמליך ארום מיט אזא מין טירוף אין קאָפּ, אז איך וואָלט לייכט געקענט קריעגען הסכמה אויף אַ משוגענעם אין אַ קליין שטעדטעל, אָדער אַ דיפּלאָם (אויב איהר ווייסט וואָס דאָס איז) אויף אַ טהעאָזאָפיע־דאָקטאָראט (אויב איהר ווייסט וואָס דאָס איז) פון מיסים בעזענט אליין (אויב איהר ווייסט ווער זי איז) און פון די הייליגע מאהאטמאס, וועלכע וואוינען ערגעץ־וואו אויף די הימאלאיאישע בערג, וואו זיי האָבען פרישע לופט, צאָהלען ניט קיין רענט און שיקען בריעף אָהן פּאָסט־מארקען ווי די ענגלישע טשינאָווניקעס.

וואָס איז דאָס פאר אזא מין טירוף? הערט וועל איך אייך זאָגען. איך קלער נאָכאנאַנד, ווי אזוי צו לעבען געשטאָרבענערהייט. מיר ווילט זיך געמליך וויסען וואָס די וועלט וועט זאָגען, ווען זי וועט ערפאהרען (ניט אומזיסט איז דאָך דאָ היינט אַ טעלעגראַף צווישען אלע מדינות) אז איך בין טויט, מיר וואָלט זיך וועלען זעהן דעם גערודער וואָס וועט ווערען אין אלע ארבע כנפות הארץ, ווען דער ערשטער קלאַנג וועט ארויסגעהן, אז איך בין אוים פילאָזאָף און אז די ווערים זעצען זיך אקאָרשט האלטען מאָהלצייט איבער די האלב פונט פלייש און די עטליכע פוד ביינער (אַ פּראָ־פּאָרציע פון אַ געוועהנליכען ליטווישען קצב אין די אָרעמע קוואר־טאלען) וואָס זיי, די ווערים געפינען אין מיין שפּאָגעל־נייעם קבר. לאָמיך אייך אגב אורחא זאָגען, אז הגם איך בין די ווערים ניט מקנא זייער מאָהלצייט, פערגין איז זיי ניט אפילו דאָס ביסעלע הנאה וואָס זיי וועלען פון מיין פלייש יא האָבען. אָה, ניין! איך פערגין זיי דאָס אפילו ניט און האָב דערביי אפילו ניט דעם טרייסט, וועלכען איך האָב אמאָל געגעבען אַ אידישען ליבעראל, ווען איך האָב איהם געזאָגט, אז ער דאַרף פאר ווערים ניט מורא האָבען, מחמת עס שטעהט ערגעץ־וואו געשריעבען (און וואָס שטעהט דען ניט ערגעץ־וואו געשריעבען?) אז זיי, די ווערים, עסען ניט קיין

# נאך מיין טויט

איך האָב שוין אין מיין לעבען געהאַט אַלערליי צייטען, דאַרונטער מעהר ווי איין מאָהל־צייט, אַ יאָהר־צייט, אַ האָב־צייט און אַזוי גלאַט צייט, איבערהויפּט ווען איך בין מיט יאָהרען צוריק עטליכע זמנים ארומגעגאַנגען אָהן אַ קנעלונג, וואָס דערפון איז געדרונגען, אַז איך האָב טועם געווען אין מיין לעבען דעם ביטערען טעם פון מלמדות, וואָס דערפאַר האָף איך צו קריעגען מיט אַ קלאַפּ ווייניגער ווען עס וועט קומען צו חיבוט הקבר, וואָס אַרום דעם וועל איך רעדען מיט אייך אַ ווייליִנקע שפּעטער, ווייל אַלץ אויף איינ־מאָל קען מען ניט טהון, ווי דער אַלטער גלעדסטאָן זאָגט, ווען ער ניט דעם פאָלק שטימען צום פּאַרלאַמענט און הייסט זיי וואַרטען אויף ברויט ביז די בעקערס פון אלף החמישי וועלען אויפשטעהן תחית המתים, וואָס דאָס קען ניט לאַנג דויערן: העכסטענס אַ יאָהר... פינף—זעקס הונדערט. וואָס דאָס איז אַ קלייניגקייט, ווען אַ מענש האָט נור אַ ביסעלע געדולד און ליעגט ניט אין תאות עולם־הזה, וואָס דאָס וואָלט איך אייך געקענט נאָך דייטליכער ערקלערען, ווען איך וואָלט ניט געמוזט אָבכאַפּען דעם אָטהעם, וואָס דערפאַר מוז איך אוועקשטעלען אַ פּונקט, וואָס דאָס רופט מען ביי אונז אין דקדוק אַ פּסיק, וועלכעס איהר אַלע ווייסט און אַ היגער בעל־קורא מעג פון איצט ערפאַהרען אָהן עקסטרא־געצאָהלט.

בקיצור, איך האָב שוין געהאַט אַלערליי צייטען, אָבער קיינ־מאָל אין מיין גאַנצען לעבען (66 יאהר, 3 חדשים, 25 טעג און 3 שטונדען מיט אַ האַלבע איז אַ לאַנגע צייט פאַר אַ פילאָזאָף, וואָס ראַנגעלט זיך שוין אַזוי לאַנג מיט׳ן לאַנדאָנער פאָג עטליכע חדשים אין יאָהר און מיט׳ן רעליגיעזען און פּאָליטישען פאָג די איבריגע צייט פון יעדען יאָהר, וואָס דאָס איז דער גרונד דערפון וואָס מיין אָטהעם איז אַזוי קורץ, וואָס דערפאַר מוז איך צוערשט אוועק־שטעלען די האַלבע לבנה, אָט אַזוי :) און דאַן נאָך אַמאָל זאָגען:

— ניין. איך וואָלט אייך עפּעס פרעגען.

— פרעגט, פרעגט.

— ווער האָט דאָס אויף אייך אויסגעטראַכט... ווייל, הייסט עס, — נעהמט ניט פאַר אומגוט — איך האָב געהערט, אַז איהר, הייסט עס, זייט ניט ביין קלאָרען זינען... ווער האָט...?"

—אויסגעטראַכט אַז איך בין מטורף? ווער ווייס! משמעות אַ ליידאַק, אָדער אַ שונא.

איצט זעהט איהר, קינדער, וואָס פאַר אַ קלעפּעדיגע זאַך אַ שם רע איז? אַ בייזער נאָמען איז ערגער ווי אַלצדינג אין דער וועלט — איבערהויפּט אַן אומזיסטער.



קינדער. אַט האָט איהר אויסגעגעבען די טעכטער און אַלעס איז געגאַנגען כשורה. מיט אמאָל האָט מען פערשיקט אייער בן־יחיד, אייער ווייב האָט זיך די מעשה גענומען נעבעך שטארק צום הארצען. איהר זייט געבליעבען אַן אלמן, דער מסחר איז געגאַנגען שלעכט, איהר האָט פערלאָרען דעם מוטה, דאָ האָט זיך דערווייל דער קייזער מורא'דיג פאַנאַנדערגעראַזושעט, איהר האָט זיך מעהר, ווי מען זאָגט, ניט געפונען קיין אָרט אין דער היים. האָט איהר עפּעס געהאט אייער פרייען ווילען אין די אַלע מעשיות? דאכט זיך אז ניט. האָט איהר ווידער מיט א פרייען ווילען זיך א הויב געטהאָן, צוזאמעננעהמענדיג די לעצטע כחות, אום צו פאָהרען קיין לאָנדאָן? דאכט זיך אויך ניט. טויזענדע פערשיעדענע פערהעלטניסע האָבען זיך פעראייניגט איך צו צווינגען אז איהר זאָלט זיך א הויב טהון און ארויסגעהן פון דעם אָרט וואו איהר האָט אזוי פיעל געליטען. דאָס זעלבע, מיין פריינד, וועט קומען ווען די ארבייטער וועלען אויפמאכען די אויגען, זיך א שטעל געבען אויף די פיס, א הויב טהון די הענד און, נאָך אַלע טויזענדע ליידען, דער־לאַנגען א קלאַפּ און בעפרייען זיך, בעפרייען די מענשהייט! ווארום האָבען זיי ביז איצט דאָס ניט געטהאָן? קענט איהר פרעגען. אוים דעמזעלבען גרונד, ר' קרוב, ווארום איהר זייט ניט שוין פאר צוויי־יאָהרען אוועקגעפאָהרען פון דער היים. ווען איהר האָט געמוזט... נו, איהר פערשטעהט וואָס איך מיין.

ביז די לעצטע ווערטער האָב איך געמערקט אז ער האלט אין מיר אריינגעלאָזען די אויגען און אז ער בעטראַכט מיך אזוי ווי ער וואָלט מיך געדארפט קויפען. מיר זיינען איינגעפאַלען די ווערטער, וועלכע ער האָט געבורבעלט פריהער אונטער'ן נאָז.

„זאָגט מיר, מיין פריינד, — האָב איך איהם געפרעגט — וואָס האָט איהר געמיינט מיט די ווערטער: „זאָל דאָס טאקע אמת זיין?"

— שטות! נאָר נישט, נאָר נישט!

— דאָך אזוי...

— ועט איהר, הייסט עס, קיין פאַראיבעל ניט האָבען, וועל איך...

— איהר ווילט מיר וואָס זאָגען?

האַליאַבליעטשקעס. טאַמער מאַכט זיך איך צו זעהן צווישען בריק־ליין און דיוקס־פּליים א אידען, נעבעך אַן איינגעבויגענעם, מיט א בעראַזעווען ווייסליכען שטעקען אין האַנד, וואָס זיין גאַנג איז, ווי דער פּאָרטשריט פון דעם ענגלישען ארבייטער, א לאַנגזאַמער, א שטייגער, מען שטופּט איהם כאָטש ער וויל ניט; א מאַן מיט לאַנגע, קאַלטעוואַטליכע, געל־געוועזענע האָאר, אין א צילינדער־הוט, וואָס טראָגט אויף זיך סמנים פון א לאַנגען קאַמפּף מיט אַלע בייזע וועטערען (ווי דער איד, לערך, אליין), — טאָמער זעהט איהר, זאָג איך, אַזא גרינעם, זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס איז דער בעל־דבר.

נו, מיט איהם האָב איך עהערנעכטען גערעדט טאַקע אַרום דעם פרייען ווילען. ער איז ניט קיין פריץ אין נייע אידעען, ער האָט זאָגאר א ידיעה פון סאָציאַליזמוס און א זוהן אין סיביר, הגם ער גלויבט אין די אַלע מעשיות ניט. ער האַלט, משמעות, קריעת־ים־סוף, דניאל'ס לייבען־גרוב, אברהם אבינו אין קאַלך־אויווען, בלעם'ס אייזעל און רבה בר־בר חנה'ס העלדישע ציגען פאַר נאַטירליכערע זאַכען, ווי סאָציאַליזמוס. ווען איך האָב איהם עהער־נעכטען געזאָגט דאָס, וואָס איהר האָט מיט א פּאָאר מינוטען צוריק געלייענט, האָט ער אָפּט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, אָדער אונטערגעשמייכעלט, אָדער א בורבעל געטהאָן אונטער'ן נאָז: „זאָל דאָס טאַקע אמת זיין?" מיר האָט עס ניט געאַרט.

„נאָך אייערע רייד נאָך" — האָט ער זיך אָבגערופען, ווען איך האָב געקאָנטשעט רעדען — „קומט דאָך טאַקע אויס, אַז איך בין גערעכט. וואָרום, הייסט עס, אַז דער מענש איז טאַקע, הייסט עס, א... א... איך זאָל זאָגען ניט קיין בן־בחירה, אַז ער האָט ניט, ווי איהר רופט דאָס, קיין פרייען ווילען, טאָ ווי שיקט זיך, אַז ער, דער מענש, הייסט עס, זאָל ווען־עס־איז זיך בעפרייען, הייסט עס, פון זיין היינטיגע לאַגע?"

— אייער קשיא, — האָב איך איהם געענטפערט — איז ניט אַזוי הארב ווי איהר מיינט. בערעכענט ווי אַזוי איהר אַליין זייט היינטיגען טאָג דאָ אין לאָנדאָן: איהר זייט געווען א איד א בעל־הבית אין באַברויסק אָדער אין סלוצק — ווייס איך דער גוטער יאהר וואו, איהר האָט געהאַט א געשעפט, א ווייב מיט

דאָס מענליך געווען, אז נעבען די קליידער־קראָמען זאָלן ארומגעהן האַלב־נאַקעטע, נעבען די שיך־קראָמען האַלב־באָרוועסע, נעבען די שפּייז־קראָמען האַלב־פערהונגערטע, נעבען די וויין־טראַקטירען האַלב־פערטריקענטע, נעבען די הויך־שולען האַלב־פערווילדעטע, נעבען די טהעאַטערע האַלב־פערקומערטע, נעבען די קאָנצערט־זאַאלען האַלב־פעריאָמערטע, נעבען די באַנק־הייזער פעראָרעמטע, אויסגע„פּעטער"טע אביונים ? ווי וואָלט דאָס מענליך געווען אזוי צו זעהן זיי אַלעמען, — זיי וואָס האָבען ענטוועדער אַליין, אָדער דורך זייערע טאַטעס, אָדער דורך זייערע קינדער מיט שוויים און מיט מיה אריינגעבראַכט די געלד אין די באַנקען, אין די קאָנצערט־זאַאלען די מוזיק, אין די טהעאַטערע דעם שוישפּיעל, אין די שולען די ביכער, אין די טראַקטירען די משקה, אין די שפּייז־אַנשטאַלטען די עסענוואַרג, אין די שוכהאַנדלונגען די שיך און די קליידער אין די מאַגאַזינען ? ווי וואָלט דאָס מענליך געווען, ווען זיי וואָלטען געהאַט אַ פרייען ווילען ? ווען דער מענש וואָלט געזאָגט : איך וויל ! איך וויל לעבען ! ! אמת, ער זאָגט היינט אויך אַמאָל ער וויל, ער וויל — זאָגט ער — לעבען, אָבער ווען מען לאָזט איהם ניט, לעבט ער ניט ; ווען מען שניידט איהם אָב זיינע יאָהרען, געהט ער אין דר'ערד פאַר דער צייט, און וואָס די ווערים אין מענשענגעשטאַלט האָבען אויף זיין גוף איבערגעלאָזען, דאָס דער־עסען די געוועהנליכע ווערים אין קבר. זיין „איך וויל לעבען" האָט צו בעדייטען : איך קען ניט שטאַרבען, דער גאַנצער „איך וויל" זיינער איז אַ פערשטעלטער, צבוע'קישער, איבערגעניצעוועטער „איך מוז". דאָס איז וואָס ער איז — אַ חורבן אויף איהם !

* * *

אָט דיעזע ווערטער, כמעט וואָרט פאַר וואָרט, האָב איך עהער־נעכטען געזאָגט מיינעם אַ לאַנדסמאַן (ער איז אַ גרינער פון מינסקער גובערניע, אַ באָברויסקער, אָדער אפשר נאָך ערגער, אַ סלוצקער) וועלכער טראָגט אַ סך וואונדען אין הארצען (ער קומט פון רוסלאַנד) און אַ פּאָאר ספּאַקולען ווי מיינע, מעהר ניט מיט זילבערנע

שונאים'ס צופלאצענעס) וואר איך, בין איך און בלייב איך. און ווען איך וואָלט געהאט א פרייען ווילען וואָלט איך, מיין פעדער, די בלייענע אותיות און די אונגעדולדיגע לעזער שוין לאנג פטור געוואָרען פון מיינע אייביגע משלים און איך וואָלט זיך איצט ניט געדארפט פערענטפערן, ווען דער עולם שטעהט און ווארט אויף דאָס, וואָס איך וויל אויספיהרען וועגען דעם בייזען נאָמען.

איצט, אזוי ווי איך האָב מיך שוין סאי ווי סאי דערוויייטערט פון מיין ענין, לאָמיך אייך זאָגען א פּאָאר קלוגע ווערטער מאקע מכח דעם פרייען ווילען, וועלכער איז ניט פריי, צי ער וויל צי ניט.

* * *

דער מענש איז ניט נור ניט קיין בעל־בחירה, ער איז אייגענט־ליך א פערקויפטער ביי זיך אליין. דאָס וואָס מען הערט איהם זאָגענדיג: „איך וויל“, איז ניט מעהר ווי געזאָגט. דאָ אין ענגלאנד, ווען עס ווערט געמאכט א געזעץ און ווען אלץ איז פערטיג, ווערט אויסגערופען אין די האוז־אָוו־לאָרדס אויף אלט־פרענקיש: „די קעניגין וויל עס!“ דערביי ווייס אָבער יעדער איינציגער, אז בעצם האָט די אלטע גאָר קיין שום דעה ניט, און די ווערטער: „די קעניגין וויל עס“, האָבען צו בעדייטען (ווען מען זאָל עס איבערזעצען אויף אמת־לשון) „די קעניגין מוז עס“. דאָס נעמליכע איז מיט דעם ווילען פון אלע מענשען. זיי ווילען אפילו, אָבער זיי מוזען ווילען, וואָס דער פועל יוצא דערפון איז, אז זייער ווילען איז ניט פריי. וואָס? פערקאָרצעט ניט דעם נאָז, איך בעט אייך, און זאָגט מיר ניט מיט אזא אפיקורסישע מיענע — „עה“! ווילט איהר א בעוויז? נאָט אייך!

היינטיגע צייטען, ווען די גאנצע וועלט איז ווי איין שטאדט; היינט, ווען מען קען גיכער קומען פון ניו יאָרק נאָך לאָנדאָן, ווי איך צו מיין געזונד; היינט, ווען אלץ וואָס א מענש בעדאַרף איז דאָ צו פיעל און ניט צו וועניג; היינט, ווען אלע קענען גענוג רעכענען אום צו פערשטעהן, אז פופציג איז מעהר ווי איינס און אז פופציג קענען זיך ספּראַווען מיט איינעם, — ווי, פרעג איך אייך, וואָלט

# א גרינער איד פון מינסקער גובערניע

א שם־רע איז ערגער ווי אַלץ אין דער וועלט, אָבער אַן אומ־זיסטער, אויסגעטראַכטער שם־רע איז ערגער ווי אַלץ אין אַלע פיער וועלטען: די און יענע וועלט, די אַלטע און די נייע וועלט. א בייזער נאָמען קלעבט צו אייך ווי א שמאַלער רינג צו א גראָבען פינגער, ווי א מיניסטער צו זיין שטעלע, ווי דער ליגען צו א מדרש, ווי אַן אָרעם־בחור צו א טאָג, ווי אַלטע אייל צו געפרייטע פיש, ווי בייזע צינגער צו גוטע שכנים, ווי אַלכסנדר פון רייסען צום הייליגען קנוט, ווי די ניעדערטרעכטיגקייט צו א שפּיאָן, ווי די פערצווייפעלטע אָהנמאַכט צום פּאַלעסטיניזמוס, ווי א משולח צו דער מטבע, ווי דער שלים־מזל צו די רוסישע אידען, ווי א שבועה צו א ליגנער, ווי א שמעק טאַבאַק צו א מלמד'ס באָרד, ווי א בייכעל צום סוועטער, ווי א לאַנגע צונג צו א פּוסטען מוח, ווי דער דלות צום עהרליכען אַרביי־טער, ווי... ווי... ווי מיינע אויסגעראָט־ווערען־זאָלענדיגע משלים צו אַלץ וואָס איך זאָג.

ניין, די געלעהרטע, וועלכע ווילען האָבען אז דער מענש — ניט דוקא א רוסישער אונטערטהאַן — האָט קיין פרייען ווילען ניט, זיינען גערעכט. ווי פיעל מאָל האָב איך זיך א נדר געטהאָן צו שרייבען ניט־ווי'ענדיג, און איך קען דאָס פּונקט אזוי אויספיהרען ווי א איד ווען ער נעהמט זיך אונטער צו רעדען ניט מאַכענדיג מיט די הענד; ווי א קרעמער, ווען ער וויל ניט מעהר נאַרען; ווי א קאָרטעזשניק, ווען ער וויל אָנהייבען צו טראַכטען ארום ווייב און קינדער; ווי... האַלט! אָט האָט איהר דאָס ווידער... אָה, ניין! דער מענש איז ניט קיין בעל־בחירה און די היינטיגע זיינען גערעכט מכח דעם פרייען ווילען. דאָס געהט — איך ווייס גאַנץ גוט — אַביסעלע נעגען די אמונה, אָבער... ליעבע, טהייערע אַלטע אמונה־לעבען, איך קען דיר אסור ניט העלפען: דער מענש האָט פּאָרט ניט קיין פרייען ווילען, דען א מענש (אויף אַלע מיינע מינסקער

וואו איז דער דאָקטאָר, וועלכער היילט אייך, ווען איהר זיינט קראנק? וואו איז דער שטאַלקנעכט, וואָס פּוצט אייך? געעהרטע פערד און קליאטשעס — איך זאָג אייך, איהר זייט שקלאַפען! יא, שקלאַפען! צי איהר דיענט אלס יאגד־פערד אָדער אלס וועגען־פערד; צי איהר זייט רייט־פערד אָדער לאַסט־פערד, שקלאַפען זייט איהר אימער, איהר, אייערע קליאטשעס און אייערע זשערעבעצעס! און ווער האלט אייך אין יאָך? ניט דער מענש: איהר זייט שטארקער פאר איהם — אייערע ווירקליכע אונטערדריקער זיינען אייערע אייגענע אריס־טאָקראַטישע ברידער, די זעלביגע בעריהמטע רייט־פערד און שלאַכט־פערד, מיט וועלכע איהר נעהמט זיך איבער. זיי פערבלענ־דען אייך די אויגען מיט זייער רוהם און איהר זעהט ניט אייער שלעכטע לאגע און דאדורך העלפען זיי דעם שוואכען מענשען אייך האלטען אין יאָך. ביי די מענשען איז אויך דאָס נעמליכע, אָבער זייערע לאַסט־טרעגער הויבען אָן זיך צו פעראייניגען, זיי קומען צום שכל. זייט זשע איהר אויך קיין פערד ניט. אמן.“

מען מיט זייערע ברידער'ס זיגע אין דער מלחמה. ווען איך זעה די פערד, וואָס זיינען משא־פיהרער (ליעבער זעצער, מאַכט ניט קיין טעות־הדפוס אין דעם וואָרט; דרוקט משא־פיהרער און ניט מאַסען־פיהרער, ווייל דיעזע זיינען ניט קיין פערד, זיי זיינען געוועהנליך פוקסען; איהר האָט מעהר ווי איין וואָרט מיינעם פערדרעהט און איך האָב געשוויגען, דאָס אָבער מוזט איהר דרוקען ריכטיג)... אלזאָ, נאָך אמאָל, ווען איך זעה פערד, וואָס זיינען משא־פיהרער, וועלכע ווערען — ווי די ענגלענדער דריקען זיך אויס — איבערגעארבייט און אונטערגעפיטערט, וואונדער איך מיך: וואָרום זיי טהוען ניט נאָך די מענשען אין דעם פרט פון סטרייקס, ווי זיי טהוען זיי נאָך אין נאציאָנאַלען שטאָלץ. אָה, ווי אינטערעסאַנט עס וואָלט געווען צו זעהן אזא סטרייק! איך וואָלט זיי גערן געהאַלטען אזא דרשה, ווי די פאָלגענדע, גלייך ביין ערשטען מיטינג. איך וואָלט געזאָגט:

„געעהרטע פערד און קליאַטשעס!

„ענטשולדיגט מיר, וואָס איך אונטערשטעה זיך צו קומען אייך האַלטען א רעדע, זייענדיג א פרעמדער. איך וויים אז ביי מענשען, למשל, איז א פרעמדער לעסטיג, אפילו ווען ער איז פריינד־ליך, און אזוי ווי איך בין ניט פון אייער נאציאָנאַליטעט (ווער הירזשעט דאָרטען?) קען זיין, אז איהר וועט אויף מיר קוקען קרום. איך זאָג אייך, איך מיין אייער טובה. בעטראַכט, וואָס דאָ טהוט זיך. איהר, ענגלישע פערד, האַלט זיך פאַר א גרויסע נאציאָן. איהר האָט אַרויסגעגעבען אזעלכע בעריהמטהייטען, ווי דאָנאָוואַן, דעם צעסאַ־רעוויטש, יושאַנט און הונדערט אַנדערע, וועלכע האָבען זיך ערוואָר־בען אונשטערבליכען רוהם אויף די רייסעס. פון אייער ראַסע ווידער שטאַמען די גרעסטע קריעגסהעלדען און איהר זייט שטאָלץ דערמיט. איך פרעג אייך אָבער: איז דאָס רעכט, אז צוליעב דעם וואָס איין דאָנאָוואַן זאָל זיך מאַכען א נאָמען און שטעהן אין די צייטונגען און לעבען א גוטען טאָג, אָדער צוליעב אַן אַנדערען, וואָס ער ווערט בעריהמט אין דער וועלט־געשיכטע, אלס גרויסער שלאַכט־פערד — אז צוליעם דעם, זאָג איך, זאָלט איהר, איהר, דער גרעסטער טהייל פון דער נאציאָן, לעבען איינגעשפאַנט אין יאָך אונטער א בייטש, אין שמוציגע שטאַלען, אויף קנאַפּע האָבער און פערפוילטע היי?

עלטער זיידע'ס א באק צו בעקעמפפען די פלשתים; אן אנדערער, ווייל זיינע אן אור־אור־אור־אור אור־אור עלטער־באבע האט, טראגענדיג אויף זיך בלעם'ען, גערעדט לשון־קודש; ווידער אן אנדערער, מחמת ער קומט ארוים פון דעם עזעל, וואס דער קריסטלי־כער משיח איז אויף איהם געריטען און וואס אונזער משיח וועט אויף איהם קומען (איך גלויב, געמליך, אז דאס איז דער זעלבער עזעל ביי זיי ביניהם און ביי אונז); אנדערע עזלען קענט איהר געפינען, וואס האבען אן אנדער מין יחוס, איבערהויפט צווישען די צוויי־פיסיגע חמורים... דאס איז אבער אלץ ניט קיין אייגענע גאוה.ביים פערד אבער איז די מעשה אנדערש. ער איז טאקע שטאלץ מיט זיך אליין. איך פרעג נאך אמאל: ווארום איז דער פערד אזא יחסן ביי זיך?

עס קען זיין, אז דער פערדישער שטאלץ איז אזוי ווי דער מענשליכער. מיט וואס, למשל, שטאלצירען די פעלקער? מעהרס־טענס מיט דעם, וואס זיי האלטען זיך פאר גרויסע קריעגער, מיט דעם, וואס זיי האבען בעזיעגט אנדערע פעלקער, פערגיסענדיג טייכען בלוט, האפענדיג אז זיי וועלען דאס זעלבע ווידער טהאן אין דער צוקונפט. אזוי ווי דער פערד וויים אז ער שפיעלט אין א מלחמה זעהר א גרויסע ראלע, האלט ער זיך דערמיט אזוי גרוים, ווי דער מענש. איז דאס א וואונדער? אט געהען פארביי טויזענדע ארעמע ארבייטער, פעק־טרעגער, הונגער־ליידער, מכות־האבער פערביי א מאנומענט פון גענעראל וועלינגטאן. ביטער ווי זיי איז, שטאלצירען זיי דעננאך דערמיט, וואס דער גרויסער בלוט־פערגיסער, דער בעריהמטער מענשען־שוחט איז געווען זייערער א לאנדסמאן. קען איך דען פערדענקען דעם ארעמען פערד, וואס געהט אויף פערביי, שלעפענדיג א וואגען מיט משא, — ווען ער קוקט אויף זיין לאנדסמאן (וועלינגטאן'ס פערד) און פיהלט זיך אויך שטאלץ? א פערד איז א פערד און א מענש איז צייטענווייז אויך נישט מעהר...

און דאך, ווען מען זאל די זאך גענוי איבערלעגען, איז די פערד, וועניגסטענס די ארבייטער־פערד, גאר ניט אזוי גוט, אז זיי זאלען, אנשטאט צו זוכען א פערבעסערונג אין זייער לאגע, זיך איבערנעהמ־

# א דרשה פאר פערד

איך האָב אייך געזאָגט אז יאָזש הייסט אויף דייטש א מויל־וואורף. דאָס איז ליגען. יאָזש הייסט גאָר א איגעל און וואָס די דייטשען רופען מוילוואורף איז א קראָט. איצט פערשטעהט איך, ווי ליכט עס איז צו בעטריגען אידישע לעזער, און איך רעכען, אז מיט אביסעלע חוצפה און מיט א פעדער אין האנד וואָלט איך נאָך אפשר אמאָל קענען ווערען א שרייבער מיט א פולק לעזער ארום זיך, וואָס...

ווער וויים צי דער קראָט האָט זיך ניט געפונען בעליידיגט דורך דעם, וואָס איך האָב איהם גערופען יאָזש. איהר דאַרפט וויסען אז דער קראָט איז דער ערפינדער פון אונטער־דער־ערדיגע סטראָיע־ניעס. ער האָט געמאכט קליינע טונעלען אין דער ערד, ווען מען האָט נאָך ארום אייזענבאהנען גאָר ניט געטראכט און ווען די פערד (אין מאנכע לענדער די אָקסען און עזלען) האָבען נאָך געמיינט אז די וועלט קען זיך אָהן זיי ניט ריהרען פון דאנען אהין... דער קראָט האָט פיינד דאָס ליכט, ער האָט פיינד די זון און ער מיינט אז עס איז פינסטער און וועט אימער בלייבען פינסטער, ווייל ער ליגט אימער בעהאלטען אין זיין נאָרע, א שטייגער ווי סענדער דער „אני־ואפסי־אָין־קייזער" פון מלכות רייסען מיינט אז עס הערשט אין זיין מדינה די גרעסטע פינסטערניס, ווייל ער ליגט אין א נאָרע אין גאטשינא, וואו עס שיינט קיינמאָל ניט אריין די זון פון אויפקלעהרונג... האלט! אפשר האָב איך דעם קראָט נאָך אמאָל בעליידיגט, מיט דעם, וואָס איך האָב איהם פערגליכען מיט...

ווארום איז אייגענטליך דער פערד אזא יחסן ביי זיך? עזלען זעהט מען אָפט אויך, וואָס האלטען זיך גרויס, אָבגלייך זיי געהען מיט אראָבגעלאָזענע קעפּ. ביי זיי אָבער איז דאָס ניט אייגענע גאוה. אזעלכע עזלען האלטען זיך פאר מיוחסים: איינער, ווייל שמשון האָט בענוצט זיינעם אן אור־אור־אור־אור־אור־אור

קאליגולא, היינריך (נומער אכט) פון ענגלאנד, ריכארד דעם דריטען, נאפאלעאָן דעם ערשטען און דריטען (א דאנק דיין הייליגען נאָמען פאר דאָס, וואָס עס איז ניט געווען קיין צווייטער!), און הונדערט אנדערע אזעלכע ליודאָיעדען און לאָזסט זיי ליודאָיעדסטוואָוועןוויפיעל זייער הארץ געלוסט... דו לאָזסט די שוואכע צוטרעטען ווערען פון די שטארקע, די אָרעמע בערויבט ווערען פון די רייכע, די עלענדע בעהערשט ווערען פון די מעכטיגע און דו ווייסט געוויס וואָס דו טהוסט.

„בארמהארציגער פאָטער! איך ווייס — איך בין זינדיג. טאָמער ווילסטו מיך בעשטראָפען, זעה, מאך מיך ניט משוגע. מאך מיך אויף די אלטע יאָהרען פאר א רויבער און ברענג מיך אריין אין טיורמע; (און טאקע דו אליין ברענג מיך אהין, וואָרום די פאָליציי וואָלט מיך וואהרשיינליך ניט ארויסגעפינען...), מאך מיך פאר א צבוע און לאָז דעם וואָרעם, וואָס מען רופט געוויסען, מיך נעגענען ביז'ן טוידט; מאך מיך פאר א סאָציאליסט און ענטפער מיך איבער צו ביסמארק'ן; מאך מיך פאר אן אפיקורוס, וואָס איז „געצוואונגען" צו זיין א בעל־תפילה; מאך פון מיר א בארג זאלץ, ווי פון לוט'ס ווייב; א שטיין, ווי פון משה'ס האלז, ווען פרעה האָט איהם נעכאפט; לאָז מיך אריין אין א לייבען־גרוב, ווי דניאל'ן, אין א קאלך־אויווען, ווי אברהם'ן, און היט מיר ניט, ווי דו האָסט זיי געהיט; עפען אויף די ערד און לאָז זי מיך איינשלינגען, ווי זי האָט איינגעשלונגען קורח'ן מיט זיין געמיינדע; מאך מיך פאר אן אדוואָקאט, א בעטלער, א פאָליצייסקען, א גנב, א צייטונגס־שרייבער, א דיענסטמיידעל, א פראָקוראָר, א ישיבה־בחור, א מארק־אידענע, א לומפ, א הונד, א... א... אלץ, וואָס דו ווילסט, נור פערהיט מיך פון משוגעת!"

אָט דאָס איז מיין תפילה. איצט וועל איך אייך דערצעהלען, וואָס פאר א געלעגענהייט איך האָב משוגע צו ווערען.

מיט עטליכע וואָכען צוריק... לאָמיך דאָס דערצעהלען בסדר... מיט עטליכע... ליעבע לעזער, דער טירוף קומט אָן, איך קען מעהר ניט שרייבען...

ווען איהר וואָלט געקענט הערען מיין תפילה, די תפילה, וואָס איך טהו אין אזעלכע אויגענבליקע, וואָלט איהר אויף מיר רחמנות געהאַט. איהר וואָלט געזאָגט: דעם אָרימען פילאָזאָף מוז זיין זעהר, זעהר, זעהר שלעכט! און איהר וואָלט יעדען פון די דריי „זעהערס" אויסגערעדט מיט אזוי פיעל הארץ, ווי א פרומער איד רעדט אויס דעם „אחד" פון שמע ישראל יום־כפור נאָך נעילה, וואָס דאָס הערענדיג, האָט אמאָל אַן אפיקורוס ביי אונז אין מינסק געזאָגט, אז זיי קוועטשען דעם אחד, אזוי ווי זיי וואָלטען פון איהם געוואָלט ארויסקוועטשען דריי, ווי ידי קריסטען האָבען געטהאָן... אָה, ווען איהר וואָלט געקענט הערען מיין תפילה! איבריגענס... אָט איז זי; איך האָב פאַר אייך קיין סודות ניט.

„בארמהארציגער פאָטער!" זאָג איך, ווען דער טירוף שטעהט מיר פאַר די אויגען (ווען איך בין ביים פולען זינען, דאַווען איך ניט, פון פיעלע טעמים וועגען) — „בארמהארציגער פאָטער! דיינע וועגען זיינען וואונדערבאַר און קיינער פערשטעהט זיי ניט. איך וויים, אז דיין הארץ איז גוט צו אַלע דיינע קינדער, נאָר דו שיקסט אמאָל אויף מענשען ארויף יסורים — פאַרוואָס, ווייסטו אליין. למשל: דו לאָזט פון די ערשטע צוויי ברידער קין'ען צו'הרג'ענען הבל'ען און בעשטראָפסט דערנאָך דעם מערדער; דו לאָזסט די אנשי־סדום זיין שלעכט און שיקסט אויף זיי ארויף פייער, שוועבעל און פעך; דו לאָזסט (מיט עטליכע הונדערט יאָהר פריהער) די מענשען ווערען זינדיג און דו ברענגסט נאָכדעם א מבול, וואָס פערניכטעט ניט נור די זינדיגע מענשען, זאָנדערן אויך די אונשולדיגע קינדער און די נאָך אונשולדיגערע בהמות, חיות, עופות, שרצים און פלאַנ־צען; דו מאַכסט פרעה'ס הארץ שווער, ער זאָל פייניגען דיינע אידען און זיי ניט ארויסלאָזען פון שקלאַפעריי, און נאָכדעם גיסטו צעהן שרעקליכע מכות און א געזאלצענעם וואסער־טוידט אין ים ניט נור דעם הארט־הארציגען פרעה'ן אליין, זאָנדערן אויך אַלע זיינע אונטערטהאַנען,פערגעסענדיג אַן זייערע יתומים און אלמנות; דו לאָזסט אידען זינדיגען און ווילסט זיי נאָכהער פיער מאָל אויס־ראָטען, וואָס דו וואָלסט געווים געטהאָן, ווען דיין קנעכט משה וואָלט זיך ניט אריינגעמישט; דו בעשאפסט מענשען ווי נערא,

# תמוז

בלוט, בלוט, בלוט! עס איז צום משוגע ווערען! איך זאג אייך מען דארף ניט קיין תמוז; מען דארף ניט גלויבען אין די בעשרייבונגען, די שרעקליכע בעשרייבונגען פון גיהנם; מען דארף ניט זיצען פיער־פינף יאהר, אלס פאליטישער ארעסטאנט (פאר'ן משפט), אין א רוסישע טורמע; מען דארף ניט לייענען קבלה ספרים און זיי ווענען פערשטעהן; מען דארף ניט זיין גאנצע חדשים איינגעשפארט אין גאטשינא, זייענדיג א בעל־הבית איבער הונדערט מיליאן נפשות; מען דארף ניט דורכ'ן טוידט פערלירען א געליעבטע אונטער דער חופה; מען דארף ניט שטודירען די עסטרייכישע פאליטיק; מען דארף ניט פערשפיעלען א מיליאנער'ס אייגענס אין איין טאג אויף דער בערזע; מען דארף ניט מיט הארץ בעטראכטען די געמיינהייטען פון דיפלאמאטען; מען דארף ניט זיין א באיערישער קעניג — אום משוגע צו ווערען. מען דארף דאס אלץ ניט, עס איז נור נויטיג צו האבען אזא געלעגענהייט דערצו, ווי איך האב, און דאן אדיע פערנונפט! אדיע שכל!

בלוט, בלוט, בלוט! אה ווי בלייבט מען ביין קלאהרען זינען! בלוט אין מזרח און אין מערב, בלוט אין צפון און אין דרום — אומעטום גיסט זיך בלוט, אבער ניט ארום אזעלכע בלוט רייד איך איצט: די בלוט זעה איך ניט. איך רייד ארום אנדערע שפיכות דמים... איך וועל אייך זאגען ארום וועלכע, אויב איהר וועט נור האבען געדולד צו ווארטען. פריהער מוזט איהר וויסען, אז עס איז דא א זאך, וואס איהר בעטראכטענדיג, ווערט מיר אפט פינסטער אין די אויגען, עס נעהמט מיר שווינדלען די קאפ און איך פיהל אז די מארך אינווייניג ריהרט זיך און בורעט זיך... איך פאל דאן אויף די קניע, לעג צוזאמען די הענד, הויב אויף די אויגען צום הימעל און בעט זיך ביים „הנותן לשכוי בינה" ער זאל מיט מיר אלץ טהאן, וואס ער וויל, נור מיך ניט משוגע מאכען...

— דו ביזט אַ בטוח ? באַנקראָט !...

— גנב !

— איך האָב דיך אין דער ערד !

— איך פייף אויף דיין טאַטען !... ביי די ווערטער איז געוואָרען אַזאַ געשריי, געפּילדער, קלאַפּעריי, צאַנקעריי, דאָס פון דעם גאַנצען יקנהוז איז געוואָרען קאַשע : אויפ'ן פּרעזידענטס אָרט האָט געקנאַקט ברודער קנאָבעלס מיט'ן האַמער, דער ברודער פּרעזידענט האָט געשריען ביים עמוד פון די „אנשי קליוקווע", ברודער צוועקעלקלאָפּ האָט געצופּט דעם ברודער וויים־פּרעזידענט ביי זיין באַקענבאַרד, דער וויים־פּרעזידענט האָט געשטורכעט דעם מענטאַר, אַלע האָבען געליאַרעמט, געמאַכט אַמענדמענטס, געפּאָדערט, גע'טענה'ט... דער געזאַנג־פעראיין האָט פּלוצלינג אויפגעהערט זינגען „מיר זיינען, מיר זיינען" ; מיט אַ געשריי „פייט !" האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטהאָן פון די טרעפּ אַראָב... ביי די טענצער אונטען האָט מען דעם געשריי „פייט" פערטייטשט מיט'ן פּירוש „פייער !", די קאַוואַליערען האָבען זיך אָנגעהויבען וואַרפען פון די פענסטער, די מאַמזעלען האָבען אָנגעהויבען חלש'ען... אייניגע האָבען געשריען : „געוואַלד, ראַטעוועט !..." און... און מיט איין וואָרט, דער ברודער פּרעזידענט איז די נאַכט געקומען אַ היים מיט אַ גרויסען בלויען פּאַנאַר אונטער'ן אויג, און ווען די מיסיס פּרעזידענטשע האָט אַ געשריי געטהאָן : אַ קלאָג איז צו דיינע ביינער ! וואָס איז דאָס ? — האָט דער ברודער פּרעזידענט טרויעריג געענטפערט : דאָס איז דער גרויסער געווינס פון דער גרויסער לאָדזש „חברה בני יקנהוז נומער זיעבען אָף דהי גרייט אָרדען סאָנס אָף אייזיק אָף דהי יונייטעד סטייטס אָף אַמעריקא !..."



טאַגעס־אָרדנונג איז שוין ברודער קנאַבעלס וויעדער געווען אויפ׳ן פלאָר.

— כאַפּט־זשע ניט! וואָס הייסט שוין? נו, און ביי ווען וועט זיך געפינען דאָס צעטעל?

—ביים פּרעזידענט! נאַטירליך ביים ברודער פּרעזידענט!

— וואָס הייסט? מיר קענען דאָך אָפיציעל ניט שרייבען, אז ביי איהם איז א לאָטערי־צעטעל, עס איז עגענסט די לאָא... א לאָדזש דאַרף אָפיציעל ניט מאַכען קיין פּייק־ביזנעס. און מיט וואָס זיינען מיר גאַראַנטירט, אז ער וועט אונז טאַקע אָבגעבען דעם גרויסען געווינס?...

—עס איז טאַקע א שאלה!

— יא! עס איז העכער צעהן־טויזענד דאָלאַר!

— עס איז א קאַפּיטאַל!...

— עס וועט זיך ניט וועלען אָבגעבען!

— גּעה שריי נאָכדעם חי וקים!

— שא! זאָל דער ברודער פּרעזידענט טאַקע האַלטען דעם צעטעל, נור ער זאָל געבען דעם ברודער וויים־פּרעזידענט א סעקיור־ריטי אויף צעהן־טויזענד.

— וואָס הייסט? אין דער סעקיוריטי וועט מען דאָך ניט קענען שרייבען, אז דאָס איז פאַר א צעטעל פון א לאָדזש. וואָס טהוט מען, אז דער וויים־פּרעזידענט נעהמט צו די סעקיוריטי?

— א פּלאַן! זאָל דער וויים־פּרעזידענט פון זיין זייט געבען דעם טראַסטי ברודער צוועקעלקלאַפּ באָנדס אויף צעהן טויזענד.

— אי, א חכם!...

— און אז ער וועט פערכאַפּען די באָנדס, וואָס וועט זיין?

— נו, וואַרט אויס, דאָס קען מען בעוואָרענען. זאָל ברודער צוועקעלקלאַפּ געבען ברודער קנאַבעלס נאָוטס אויף צעהן טויזענד, פערשטעהט איהר? אז דער וועט ניט געבען דעם גרויסען געווינס, וועט דער ניט אָבגעבען די סעקיוריטי, וועט דער ניט ארויסלאָזען די באָנדס, וועט דער ניט אומקעהרען די נאָוטס...

— אזוי? — שרייט ברודער צוועקעלקלאַפּ — נאָוטס וועל איך דיר ·געבען? א מכה ווילסטו ניט? א בטוח!...

ברודער אין לאָדזש, טהוען מיר א מצוה, וואָס מיר שטיצען א ברודער. צווייטענס איז דאָס א פּראָפּיטאבלע ביזנעס. אונזער לאָדזש קען געווינען דעם גרויסען געווינס. פופציג טויזענד מארק פאר א גאָר ניט !... ווען מיר האָבען העכער צעהן טויזענד דאָלאר אין קאסע, מעגען שוין אונזערע ברידער צו יעדער צייט נויט האָבען. אָרימע אלמנות קענען מיר בעהאנדלען מיט א ברייטע האנד און יעדען ברודער בעערדיגען מיט גרויס פערגניגען. ווהאי נאָט ?

— עס איז א פּלאַן ! עס איז א פּלאַן ! — האָבען אויס־געשריען עטליכע ברידער.

— אונטערשטיצט ! סעקאָנדעד !

— קיינער האָט ניט דאגעגען ?

— ניין ! ניין ! נאָטהינג עט אָלל !...

— אלזאָ איז בעשלאָסען צו נעהמען א לאָטערי־צעטעל פאר דער לאָדזש „אנשי בני יקנהוז נומער זיעבען אָף דהי גרייט אָרדען סאָנס אָף אייזיק אָף יונייטעד סטייטס אָף אמעריקא“... ברודער סעקרעטער, מעלדעט, וואָס איז דאָ נאָך אויף דער טאגעס־אָרדנונג...

אָבער אזוי גיך ווי דער ברודער סעקרעטער האָט נור געעפענט זיין ברידערליכען מויל, איז אויפגעשטאנען ברודער קנאָבעלס און האָט אזוי געזאָגט : וואָס הייסט שוין בעשלאָסען ? וואָס פאר א צעטעל ? איהר ווילט א לייפּציגער ? אפשר וויל איך א דרעזדע־נער און דער ברודער וויל א ברוינשווייגער ?

— א לייפּציגער ! ניין ! א דרעזדענער ! א לואיזיאנער !

— האָבען אָנגעהויבען שרייען פיעלע מיט אמאָל. עס האָט זיך אָנגעהויבען א הייסע און שווערע דעבאטע און ביים ברודער פּרעזי־דענט האָט געשלאָגען פיענע פון מויל און שוויים האָט געקאפּעט פון שטערן, ווען ענדליך איז דאָך בעשלאָסען געוואָרען צו נעהמען א לייפּציגער צעטעל.

— יעצט, — זאָגט דער פּרעזידענט — מעלדעט אונז וואָס האָבען מיר וויכטיגעס אויף'ן טאגעס־אָרדנונג, ווארום עס איז שוין שפּעט.

אָבער איידער דער ברודער פּרעזידענט האָט א קוק געטהאָן אין

צו שמונה־עשרה און דער ברודער מענטאַר האלט א תפילה צו גאָט און אַלע ברידער ענטפערן: אָמן, אמען, איימען. „אָמן“ אין העברעאיש, ווייל די העברעער זיינען דאָס ערשטע פאָלק דער וועלט; „אמען“ אויף דייטש, ווייל די דייטשע יהודים זיינען די בעסטע אידען פון דעם יודענטהום און „איימען“ אין ענגליש, ווייל דאָס שמעקט מיט גוטען פאטריאָטיזמוס.

אלזאָ, אָמן, אמען, איימען — און דיא פערזאמלונג איז געעפענט. אין צווייטען צימער אנטקעגען הערט מען א געשריי פון א רוסישע „זאסעדאניע“... א הייזעריגער באַס שרייט: „קאקאָיע ווי אימעיעטע פאָלנאָיע פראוואָ? או וסיעך סאָסאיעטאָוו טאק!“ אויבען לערנט זיך זינגען א זינגער־פעראיין, אַלע מנגנים חזר'ן צעהן מאָל מיט איין ניגון: „מיר זיינען! מיר זיינען...“ און אונטען הערט זיך ווי צוויי פיעדלען ריפּען, א צובראָכענע פאַרטע־פיאַנאָ צימבעלט, ליידים קווימשען, דזשענטעלמענער הירזשען, א פּראָפעסאָר שרייט: לעפט, ראיט!... און די טריט טאָפּען: האָפּ! האָפּ!...

א פענסטער צום גאַס וויל זיך בשום אופן ניט צומאכען: וויפיעל מען קוועטשט איהם ניט ארויף, גליטשט ער זיך אַלץ אראָב און פון דרויסען טראָגען זיך פערשיעדענע שטימען, מתנות מיט קינדער הוקען און טיוקען, קארס קלינגען, עקספּרעסען רוישען איבער די שטיינער און דאָס גיסט זיך צונויף מיט'ן ניגון: „מיר זיינען! מיר זיינען!“ מיט דער טאָפּעריי פון די טענצער, מיט דער גלענצענדער רעדע פון פרעזידענט. „ברידער און פריינדע“, זאָגט דער פרעזידענט. „מיר זיינען! מיר זיי—נען!“ זינגט דער פעראיין. „לעפט! ראיט!“ שרייט דער פראָפעסאָר. „האָפּ! האָפּ!“ טאָפּען די פיס.

2.

— אלזאָ, די זאך דערפון איז אזוי, זאָגט דער פרעזידענט, אויב מיר וועלען נעהמען יעצט א לאָטערי־צעטעל, טהוט אונזער לאָדזש צוויי גוטע זאכען: ערשטענס, ווייל דער קאָלעקטאָר איז אונזער

צוגריזעט דעם מגן דוד און צוקראַצט דעם חלב, וואָס האָט זיך אָנגעגאָסען פון אַ צושמאָלצענע ליכט; צום ארון קודש זיינען געווען צוגערוקט צוויי ביינק, אויף וועלכע עס זיינען געלעגען אַן אַלטער צוריבענער מאטראַץ און אַ קאָלדרע, וועלכע האָט אמאָל אין די גליקליכע צייטען געהאַט אַ רויטע פארב. דאָ איז, געוועהנ־ליך, נאָך די פערזאמלונגען געשלאָפען אליין דער הערר הויז־קיפּער פון דער גאַנצער געביידע פון „דהי גרייט פּלעזשור אָלימפּיק אַסטראָנאָמיע האָלל“. אויף אַלע ביינק איז געווען אַזוי פיעל שטויב, דאָס אַלע ברידער האָבען אָהן שמעק־טאַבאַק די גאַנצע צייט גענימט און געפּערכעט... און אויסער דעם איז דער רויטער קארפּעט אויפ'ן מיטען פּלאָר געווען אויסגעריבען און אויף דעם אויסגעריבענעם מקום איז געלעגען אַ לאַטע פון אַ שטיק ווייסען אילקלאָטה, וועלכער איז געווען אַזוי גראָב, דאָס פּאר איהם פלעגען זיך די ברידער פערטשעפּען מיט די פיס, ווען זיי פלעגען זיך געהן נייגען צום ברודער פּרעזידענט און צום ברודער וויס־פּרעזידענט.

געוועהנליך, יעדער ברידער, איידער מען לאָזט איהם אריין, גיט אכט מאָל אַ שנעל מיט'ן גראָבען פינגער אין טהיר... די אכט שנעלען זיינען גערעכענט אין קבלה'שע ספירה געגען די י"ב שבטים אָדער נגד די עשרת בני המן. נאָכדעם געהט דער ברודער ביז אין מיטען האָל, נייגט זיך צום ברודער פּרעזידענט און גיט זיך אַ ציה ביים נאָז. דאָס בעדייטעט: אַזוי ווי דער נאָז לויפט פריהער און פיהרט דעם מענשען, אַזוי איז דער ברודער פּרעזידענט די סימבאָ־לישע „נאָזע“ פון דער גאַנצער לאָדזש „אנשי בני יקנהוז נומער זיעבען אָף דהי גרייט אָרדען סאָנס אָף אייזיק אָף יונייטעד סטייטס אָף אמעריקא.“... נאָכדעם קעהרט מען זיך אום, מען נייגט זיך צום ברודער וויס־פּרעזידענט און מען גיט זיך אַ דרעה ביים אויער. דאָס בעדייטעט: אַזוי ווי אַ הונד, ווען ער כאַפּט דעם חזיר ביים אויער, זאָגט ער איהם: זיי קיין חזיר ניט, אַזוי דאַרף יעדער ברודער פון דער לאָדזש זיין לאָיאַל, גוט און פרום און לייטזעליג. ווען אַלע ברידער זיינען פערזאמעלט, גיט דער ברודער פּרעזידענט דריי מאָל אַ קנאַק מיט'ן האמער, אַלע שטעלען זיך ווי

# דאס גרויסע געווינס

## פון דער חברה אנשי בני יקנהוז.

### 1.

די גרויסע עקסטרא פערזאמלונג פון אלע ברידער פון דער צהאלרייכער לאדזש „חברה אנשי בני יקנהוז נומער זיעבען אף דהי גרייט ארדען סאנס אף אייזיק אף דהי יונייטעד סטייטס אף אמעריקא“, האט שטאטגעפונען די ערשטע נאכט חול המועד אין איינעם פון די צימערען פון „דהי גרייט פלעזשור אלימפיק אסטרא־נאמיע האלל“.

דאס פראכטפאלע צימער איז געווען רייך אילומינירט פון זעקס נאז־רעהרען, פון וועלכע צוויי האבען ניט געהאט קיין ברענערס און דער נאז האט פון זיי געשאסען מיט א גרויסען פייף־קווימש און האט געהוזשעט ווי א פאנטאן. דערפאר אבער איז אויף די איבעריגע רעהרען געהאנגען אזוי פיעל גראבע שווארצע פאסען פון שפינוועבס, דאס זיי האבען אויסגעזעהן ווי מאסטען פון א שיף, בעפעסטיגטע מיט שטריק, בעשמירט מיט סמאלע. פון איין זייט, געוועהנליך, א הויכער שטוהל און צוויי קלענערע שטוהלען פאר׳ן ברודער פרעזידענט און צוויי טראסטים; פון דער אנדערער זייט דאס זעלבע פאר׳ן ברודער וויים־פרעזידענט און מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע. אין מיטען ביים וואנד א טישעל פאר דעם גרויסען און געלעהרטען מענטאר פון דער לאדזש „חברה אנשי בני יקנהוז נומער זיעבען אף דהי ארדען סאנס אף אייזיק אף יונייטעד סטייטס אף אמעריקא“.

נעגען דעם מענטאר׳ס טישעל איז געשטאנען דער ארון קודש פון דעם „בית המדרש אנשי קליוקווע“. דער פרוכת פון ארון קודש איז געווען פערשמאלצען ווי דער פארטוך ביי אן אשת חיל, וואס האנדעלט מיט פיש אין שעריף סטריט. דערפאר האבען די מייז

מאַרשאַל אַליין מיט די פּיס אַרויף און דעם ברודער פּרעזידענט אַריינגעבלאָזען אַ זשמעניע זאַמד אין נאָז אַריין, דער דונער האָט אָנגעהויבען דונערען, דער בליץ בליצען און דער רעגען רעגענען.

געוועהנליך זיינען מיר געקומען אַהיים שפּעט אין דער נאַכט. נאַס, הונגעריג, בייז, מיעד, צובראָכענע פּיס, צוריסענע שטיוועל, צוקנייטשטע קליידער, געשוואָלענע זייטען, פּערקיהלטע נעזער, פּערדאָרבענע מאָגענס, פּערשטויבטע געזיכטער, קראַנקע אויגען און... נאָ מאָר! קומט יעצט געוועהנליך אַ ברודער פון אַ לאָדזש אָדער אַ גענאָסע פון אַ סאָסייעטי און עפּענט נאָר דעם מויל און זאָגט: פּיק... שריי איך שוין אַלזאָ: ניין! ניין! ניט פּיק און ניט ניק!



און די זון באַקט אַז מיר ווערען אַלע געבראָטענע סטייקס. און וואו איז דער בעריהמטער וואודלאַנד־אַמעריקען־סופּיריאָר־קאַר עקסעלזיאָר־פּארק־גאַרדען? ניטאָ קיין זכר... פּלעזשור איז פּלעזשור. און מיר געהען, אַזוי ווי די אידען זיינען געגאַנגען פון מצרים. פון זאַמד איז באַלד געוואָרען וואָלקענס מיט שמויב, די שטיינער זיינען געוואָרען סטאַנציאָנען פיר קראַנקע און פערוואונ־דעטע. אַ שוך האָט זיך ביי מיר איבערגעריסען אויף צווייען און הייסע זאַמד און שאַרפע שטיינדלעך האָבען געשייערט און גע׳כשר׳ט מיין אָרעמע אידישע פוס... אי! און די קינדער? די קינדער האָבען שוין נעבעך געשוויגען, וואָרום איך בין, געוועהנליך, ניט אויפגעלעגט געווען און האָב זיי אַזאַ פּלעזשור געמאַכט, אַז נאָך אין אַ וואָך אַרום איז ביי זיי געווען דער פּיקניק אָבגעדרוקט אויף דעם געוועהנליכען אָרט פון וואַנגען די פּיס וואַקסען אַרויס.

פּלוצלונג האָבען מיר דערהערט אַ טראָמבאָן בלאָזט, אַ באַס ברומט, אַ פּויק רוישט, אַ פּיעדעלע זיפּצט און מיר האָבען דערזעהען פון דער ווייטען אַ הילצערנע, געוועהנליך, אַ כאַלאַבודקע, נעבען איהר צוויי פּערדאַרטע בוימער און אָן אונטערגעפּוילטע קלאָץ, אויף וועלכע עס איז געהאַנגען אַ סיין: „דהיי וואודלאַנד־אַמעריקאַן־סופּיריאָר־קאַר־עקסעלזיאָר־פּאַרק־גאַרדען“... און מיר האָבען זיך געלאָזט לויפען אויפ׳ן פּיקניק מיט אַלע לעצטע קרעפטען.

אַלזאָ זאָל איך אייך דערצעהלען אַז אויפ׳ן פּיקניק איז ניט געווען ניט קיין פּיק און ניט קיין ניק, אין פּאַרק איז ניט געווען קיין בוימער און אין גאַרדען קיין גרינס? זאָל איך אייך דערצעהלען אַז עס איז ניט געווען וואו צו זיצען, וואו צו שטעהן, וואָס צו עסען, וואָס צו טרינקען? זאָל איך אייך דערצעהלען, אַז די רעדנער פון „אגודת אחים בני לעקיש בער“ זיינען הייזעריג געוואָרען, ווייל זייערע העלזער זיינען געווען פערשטאָפּט, במחילה, מיט זאַמד? אַז די זינגער האָבען, ווי געוועהנליך, ניט געזונגען און די טענצער ניט געטאַנצט?... אַ טערריבעל דעי! קוים האָבען מיר געהאַט די פּלעזשור צוריקען זיך צום בעריהמטען פּאַרק, איז דער הימעל ברוגז געוואָרען אויף די בני לעקיש בער. וואָלקענס האָבען אונז בעדעקט ווי מיט אַ יאַרמעלקע, אַ ווינד האָט איבערגעקעהרט דעם גרענד־

דאַיפּערס, נאָז־טיכלעך און אַנדערע פּראָוויזיאָנען און מאָנטאַג פריה האָב איך מיט מיין ווייב און מיט מיין יענקעלע, בערעלע, איצעלע, מאַקסי, מאַיק, זשעני, געסי, עסטי, פעני, זוזי, ליבי און זאָגאַר אויך די קליינע בייבי אייבי זיך צור רייזע פערטיג געמאַכט, פּלעזשור צו האָבען און זיך אַמוזירען און צוואר מיר זיינען צו דער „קאַר“ געקומען און דער פּיקניק האָט זיך אָנגעפאַנגען.

אַלזאָ מען שטעהט און מען וואַרט, די וואַגאָנעס זיינען געוועהנליך אָנגעשטאָפּט ווי פעסלעך מיט העריננ. די קאָמיטעט־מענס פון דער סאָסייעטי פון „אגודת אחים אנשי לעקיש בער“ לויפען מיט זייערע סיינס, די מעמבערס שטופען זיך, די קינדער שרייען, דער קאָנדוקטאָר פייפט, דער פּאָליסמאַן שטויסט, היים, שטויב א פולער מויל... און קיין פּלאַץ איז זאָגאַר ניטאָ. ענדליך מיר זיינען דאָך אריינגעקוועטשט געוואָרען אין „קאַר“. די קינדער פּישצען, די ווייבער קוויטשען, מען שטעהט אויף די קעפּ, א שכור׳ער איירישמען דריקט מיך פון הינטען; אַן אַלטע ניגערקע פרעסט מיך פון פאָרענט. די קינדער צוזייט און צושפּרייט, מיין פרוי קרעכצט און פון די באַקסעס שיטען זיך אויס די אייער, די זאַלץ, דער פעפער פליהט אין די נעזער און די גאַנצע קאָמפּאַני ניעסט, הוסט, פערכעט, בייזערט זיך און שוויצט. אָבער געוועהנליך פּלעזשור איז פּלעזשור און פּיקניק איז פּיקניק.

אַלזאָ, מען פאָהרט און מען פאָהרט, ענדליך א געשריי: טשענדזש קאַרס! ווידער שטויב, ווידער געשטאַנען זאָגאַר צוויי שטונדען און ווידער דורכגעבויערט זיך א פּלאַץ אויף דער קאַר און ווידער געפאָהרען. נאָך אַמאָל, געוועהנליך, בייטען קאַרס און ווידער געשוויצט. איין באַקס צוריבען אויף אַש. מיין זוזי האָט פערלאָרען א שיכעל. מיין מאַדאַם׳ס ווייסע קלייד בעשפּריצט מיט טשו טאָבעקאָ, מיינע הענד געשוואָלען און געדראָלען און מיינע זייטען צושטאָכען און צובראָכען און מען פאָהרט אויפ׳ן פּיקניק.

ענדליך הערט מען דעם לאַנג־ערוואַרטעטען שופר של משיח — דער קאָנדוקטאָר שרייט: „אָלל א באָארד!“ און מיר בלייבען אין א וויסטען אָרט... בערג מיט זאַמד, צוואָרפענע שטיינער, פער־טריקענטע געלע גרעזלעך.... ווייט ערגעץ רוישט אַן אייזענבאַהן־צוג

# ניט פיק און ניט ניק

(ערצעהלונג פון א מעמבער פון די „בני לעקיש בער“.)

אזוי ווי עס קען ניט זיין קאַלט אָהן קעלט און שבת־צו־נאַכט יום טוב אָהן יקנה"ז; אזוי ווי עס קען ניט זיין ליכטיג אָהן ליכט און שבועות אָהן אקדמות מילין, און אזוי ווי עס קען ניט זיין נאַס אָהן פייכטקייט און יום־כפור אָהן כפרות, אזוי געוועהנליך בין איך א מעמבער פון דער בעריהמטער סאָסייעטי „אגודת אחים בני לעקיש בער“...

אַלזאָ קומט צונעהן א ברודער פון אונזער סאָסייעטי „אגודת אחים בני לעקיש בער“ און שלאָגט מיר פאָר א רעזאָלוציאָן איך זאָל ערווערבען, געוועהנליך, א טיקעט אויף דעם פיקניק פון דעם פעסט טאָג פון דער סאָסייעטי פון „אגודת אחים בני לעקיש בער“. ביקאָז איך בין א מענש, ביקאָז איך בין א איד און ביקאָז אין בין א מעמבער האָב איך באַלד ארויסגענומען פון טאַש, געוועהנליך, דעם לוח און האָב געפרעגט: „ויהי היום? וואָס פאַר א טאָג? — מאָנטאג דעם ניינטען סעפּטעמבער. — מה יקר? — פינף און צוואנציג סענט. — קען מען ניט בילינגער? איך בין דאָך א מעמבער און צאָהל געלד פאַראויס? געוועהנליך, אַלזאָ וואו איז דער פּלאַץ? „וואודלאַנד אמעריקען־סופּיריאָר־קאַר־עקסעלזיאָר פּארק־גארדען“. די קאַר פאָהרט אריין מיט'ן דישעל גראדע אין מיטען פארק אריין. די לופט איז פריש ווי די זון, די בוימער זיינען גרין ווי דער קלאָרער מאָנד מיט די שטערען, די בלומען שמעקען ווי א גוטער ראָסעל־פלייש.

געוועהנליך, מען זיצט גאַנצע יאָהרען אין ענגע רומס, שמוציגע גאַסען, שטויבינע סטאָרס, פינסטערע שאַפּס און מיין ווייב איז דאָך א אידענע, האָבען מיר אַלזאָ גענומען צוויי גרויסע באַקסעס מיט הערינג, ציבעלעס, ברויט, זאַלץ, פעפער, אייער, פּעלעשקעס,

געמאַכט מיט די הענד, דער פּרעזידענט האָט געקנאַקט מיט'ן האַמער און דער גאַנצער האָל האָט ווידער געוויסט פון די קולות און ווילדע געשרייען: אַרונטער מיט די פּיאַטעס! אַרונטער מיט די פּיאַטעס!

### 3.

די אָרימע אַלמנה פּראַדע האָט זיך גוט אויסגעוויינט פאַר'ן שלאָף. זי האָט זיך צוגערעדט מיט אַלטע שמאַטעס און איז אַנשלאָפן געוואָרען מיט אַ שווערען, אונגעזונדען, אונרוהיגען שלאָף... פּלוצלונג הערט זי די טהיר עפענט זיך און איהר געשטאָר־בענער מאַן געהט אַריין אַן אויסגעדאַרטער, אַ בלאַסער, מיט אַ טרויעריג געזיכט...

געה צו דיין רוה, וויל זי זאָגען, אָבער איהרע ליפּען בעוועגען זיך ניט און דער טויטער טרעט צו נאָך נעהענטער און זאָגט שטיל: פּראַדע! איך הער יעדען טאָג ווי מען טרעט מיין קבר מיט די פיס, מען בעליידיגט מיך, מען קריגט זיך איבער דעם וואָס מיינע פיס ליעגען אויף אַ פרעמדע שטיקעל ערד... איך בעט דיך, פּראַדע, געה זאָג זיי: איך בין געוועזן אַ שווירטמייקער און האָב מיין גאַנצען לעבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט אויסצוציהען מיינע אויס־געדאַרטע פיס. ביי טאָג בין איך געזעסען צוזאַמענגעבויגען און צונויפגעקאָרטשעט ביי דער מאַשין און ביינאַכט בין איך געווען צוזאַמענגעשרומפּפט פון קעלט און קראַנקהייט... נאָר נאָך מיין טויט איז מיר ענדליך געלונגען מיך און מיינע צונויפגעקאָרטשעטע פיס אויסצוציהען...

די אָרימע אַלמנה וויינט פון שלאָף מיט אַ שטילען טרויעריגען געוויין... אוי! אוי! קרעכצט זי לאַנגזאַם און דער זייגער קלאַפּט צוועלף...



„דאָס עקזעקוטיוו קאָמיטע פון „אגודת בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין“ האָט זיך געווענדט צום באָארד אָף טראַסטים פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין מיט דער אויפפאָדערונג, דאָס דער בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין זאָל געבען א סאַטיספעקשאַן דעם בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין זאָ ווייל די מעמבערס פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין האָבען ניט דאָס רעכט צו קריכען מיט זייערע פיס צו די בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין. יעצט זיינען מיר די דעלעגאַטען פון די בני דלפון קראַנקען אונטער־שטיצונג פעראיין אויף דער פערזאַמלונג פון בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין. וואָס קענען זאָגען די פאָרשטעהער פון אונזער קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין צו די מעמבערס פון אייער קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין? געוועהנליך, טויזענד דאָלאר פערלאַנגט דער בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין און נאַטירליך זאָגאר איין סענט וועט ניט געבען דער בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין! (שט! שטיל! אָרדער! אָרדער! פאַר וואָס קומט דאָס זיי? א מכה! אָרדער! כריאַקע ניט! דער האַמער קלאַפּט, דער דעלעגאַט זאָגט ווייטער) די אור־זאַכע דערפון איז: די בני דלפון האָבען בעגראָבען זייער ברודער אין אָרדנונג און ווארום דער גאָטזעליגער איז אליין אָהן דער בעשטימונג פון די ברידער, אריינגעקראָכען מיט די פיס צו די בני פזור, דאַרף ער אליין פעראַנטוואָרטליך זיין. צווייטענס, אום צו פערמיידען קריעג ערלויבען מיר אייך אייערען א גאָטזעליגען ברודער צו בעגראָבען אזוי, אז אנשטאָט אונזער גאָטזעליגען'ס פיס זאָל ליעגען ביי אונז אייער גאָטזעליגער קאָפּ. דריטענס, ווען איהר קענט דורך פּאָליציי אָדער מיט א מארשאל צווינגען דעם גאָט־זעליגען ער זאָל זיך מיט זיינע פיס ארויסקלייבען פון הייליג אָרט, האָבען מיר גאָר ניט דאגעגען. דאָס איז דער אנטוואָרט פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין צו די אגודת בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונגס פעראיין.“

דאָ איז געוואָרען פון מיטינג א מיש־מאַש! הא? שא! אָרדנונג! האָבען געדונערט אלע מעמבערס, די דעלעגאַטען האָבען

„אין אנבעטראַכט דאָס קריכען מיט פּרעמדע פיאַטעס אין א פרעמדען „הייליג אָרט“ איז געגען די געזעצע, געגען די לאָא און געגען מאָראַליטעט;

„אין אנבעטראַכט דאָס די גאָטזעליגע מעמבערס פון די בני דלפון האָבען אונז צוגעפּיגט טראָבעל און דעמעדזשעס אויף טויזענד דאָלאַר, איז בעשלאָסען אויפצופאָדערן די ברידער פון בני דלפון צו בעצאָהלען די בני פּזור טויזענד דאָלאַר, און ווען ניט דאַן נעהמען מיר א פּראָמינענטען לאָיער און ארונטער מיט די גאָטזעליגע פיס! ארונטער מיט די בני דלפון פיאַטעס!...“

די גלענצענדע רעדע פון פּרעזידענט האָט בעגייסטערט אַלע בני פּזור און זיי האָבען געשלאָסען דעם מיטינג מיט ווילדע געשרייען: „ארונטער מיט די פיאַטעס! ארונטער!...“

## 2.

דער צווייטער מיטינג איז געווען נאָך וויכטיגער. דער בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין האָט געשיקט דעלעגאַטען צו די בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין. דער האָל, וואו עס איז געווען א בית המדרש, א טאַנץ־קלאַס און א פּינף־סענטיגער לאָדזשינג הויז, איז געווען געפּאַקט. דער פּרעזידענט האָט געהוסט מיט צוויי טענער העכער, דער וויצע־פּרעזידענט האָט זיך פערקאַמט, אַבוואָהל דער מיטינג איז געווען אין מיטען דער וואָך, דער סעקרעטער האָט זיך אויסגעפּוצט די שטיוועל. אַלעס איז געווען יום־טוב׳דיג.

„געליעבטע ברידער פון מיין הארצען, — האָט אָנגעפאַנגען דער פּרעזידענט — די געליעבטע ברידער פון בני דלפון האָבען אונז געשיקט עלף דעלעגאַטען און געוועהנליך איז זייער קרעדענשיעל אַלל ראַיט, אַלזאָ, געהערט דאָס וואָרט צו די דעלעגאַטען. איז אונטערשטיצט? אונטערשטיצט!

דאַן האָט זיך געשטעלט איינער פון די עלף דעלעגאַטען און האָט אָנגעפאַנגען, לאמר, אזוי צו זאָגען:

# אַרונטער מיט די פּיאַטעס

1.

דער מיטינג איז געווען זעהר א וויכטיגער און דארום זיינען אַלע ברידער פון „אגודת בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פערך איין“ געזעסען אויף זייערע ערטער, ווען דער ברודער פּרעזידענט האָט דריי מאָל א קלאַפּ געטהאָן מיט זיין האמער, דריי מאָל א הוסט געטהאָן, דריי מאָל א שנאָרך געטהאָן מיט זיין נאָז און האָט אָנגעפאנגען, לאמר, אזוי צו זאָגען:

„געליעבטע ברידער פון הארצען! אונזער טאגעס־אָרדנונג פון דער געמליכער פערזאמלונג פאנגט זיך אָן מיט דער וויכטיגער פראגע: ארונטער מיט די פּיאַטעס, אַלזאָ געוועהנליך מוזען מיר צום ערשטען דעבאַטירען די פראַגע פון ארונטער מיט די פּיאַטעס.

„עס איז גאַנץ ענאַל פיר יעדערען דאָס ברודערליעבע און הומאַניטעט זיינען די פּרינציפּיעלע שטאַנדפּונקטען פון אונזער „בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין“, אַלזאָ האָבען מיר אין אַלגעמיין פאָרהער פון אַלערדינגס געקויפט פיר אונזער געלד עטליכע לאָטס ערד צו בעגראָבען אונזערע זעליגע און גאָטעס זעליגע ברידער. אונגליקליכערווייזע עקזיסטירט דאָ אָבער איין „בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין“ וועלכער, געוועהנליך, בעגראָבט אויף זיינע ברידער און נאַטירליך נעבען אונז, א לאָט נעבען א לאָט ווי א קישען נעבען א קישען אין א דאָבעל־בעט. אין דעם פערלויף פון א קורצע צייט צוריק איז ביי זיי געשטאָרבען א גאָטזעליגער ברודער און זיי האָבען איהם זאָ בעגראָבען, דאָס ער איז הערייין מיט זיינע בני דלפון אונטערשטיצונגס פיס גראַדע צו די בני פזור אריין, זאָ צו זאָגען, אין האַלז אריין, דארום —

„אין אַנבעטראַכט דאָס מיר זיינען אגודת בני פזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין און זיי זיינען ניט מעהר ווי, עקסקיוז מי, בני דלפון אונטערשטיצונג פעראיין;

טהוט איהר גאָר ניט? — האָט ער א געשריי געטהאָן צו די קלוירקס — איהר קענט זיך ניט געפינען קיין ארבייט?"

לינא האָט א לאַך געטהאָן און האָט אויסגעשריען: „זיי מיינען, דאָס זיי זיינען מיט איך יעצט פארטנערס, יו נאָו. א נייע קאָאָפּערייישען..."

„א קאָאָפּערייישען מאַכען און שותפים זיין איז גוט דאָרט, אויפ'ן בית עולם. דאָ אָבער, וועערי באדי מאינד יור ביזנעס..." מיסטער דזשעסקעס האָט עס געזאָגט מיט גרויס ווירדע און האָט זיך צוגעבויגען א קוק געטהון אין בוך וואָס לינא שרייבט. זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט און ביידען איז געקומען א געדאַנק פון אַן אנדער קאָאָפּערייישען...



איז מען געשטאָרבען, יו קענט העלפּ איט. א גרויסער פילאָזאָף האָט א מאָל געזאָגט: איך גלויב ניט אין גאָט, און דאָך ווען ער איז געשטאָרבען איז ער געווען טויט. נון, וואָס איז פילאָזאָפיע? א מיליאָנער האָט א מאָל געפּראהלט: ער איז רייך, און דאָך, ווען ער איז געווען טויט, האָט ער מעהר ניט געלעבט. נון, וואָס איז רייכטהום? א גרויסער העלד האָט א מאָל זיך בעריהמט: איך בין שטארק, און דאָך ווען ער איז געווען טוידט, איז ער געווען א געשטאָרבענער. נון, וואָס איז שטארקייט? וואָס איז איבערהויפּט א מענש, וואָס איז א וואהרער איזראעליט? זאָל איך דיעזער געמאהל, וועלכער בעווײנט יעצט זײנע פערלאָרענע געמאהלין זײן צום ביישפּיעל: ער איז איין טרייער איזראעליט, א גוטער ביזנעס־מאַן, איהם האָט יעצט גאָט גענאָמען, זאָל דער אלמעכטיגער אזוי העלפען אלע אידען ונאמר אמן."

ווערענד דער ראבינער האָט געהאלטען זײן מערקווירדיגע רעדע, האָבען אלע ביטער געווײנט און מיסטער דזשעסקעס האָט זיך געווענדעט צו זײנע קלוירקס מיט א יאמער־געשריי: „איהר זעהט, וואָס אונזער סוף איז? איך דאַרף ניט מעהר. וואָס דאַרף איך רייכטהום? וואָס דאַרף איך זײן א העלד? וואָס דאַרף איך זײן א פילאָזאָף? נאַ מאָר!... איך קען מעהר ניט און וויל מעהר ניט פיהרען קיינע ביזנעס... נעהמט דעם סטאָר... פיהרט, האַנדעלט — זאָלען מיר זײן א קאָאָפּעריישען! א נייע קאָאָפּעריישען! אָה! מיין ווייב! מיין סעראה!... וואָס דאַרף איך, ווען זי איז ניטאָ?"

3.

אין סאלון האָבען אלע גענומען צוביסלעך וויסקי, פערביסען מיט קעז און שפּעט בייגאכט איז מען געקומען אהיים.

אין דער פריה האָט מען פון סטאָר אראָבגענומען די טרויער־אַנאָנסע. די קלוירקס האָבען זיך געשטעלט אויף זייערע פּלעצער און לינא די בוכהאלטערין האָט זיך געזעצט ביי איהר דעסק און האָט בעצייטענס אָנגעהויבען קנייפּען איהר לאָנטש, קייען און לאכען. מיסטער דזשעסקעס איז געקומען אין סטאָר שפּעט. ער האָט געהאַט זעהר א זויערען און בייזען פנים. אויף זײן צילינדער איז געווען אָנגענעהט א שוואַרצע שטיק טרויער־טוך. „פאר וואָס

געבאָרענע אַמעריקאַנערין, זי האָט געהאַט אַ רוהיגען און אַ געזונדען כאַראַקטער — זי האָט געשוויגען און געגעסען, און איצט...

רעווערענד מאָזעס קלאַטשע, ביי וועלכע דאָס מויל איז געווען פול מיט רויך פון זיין סיגאַר, האָט געפונען אַז פונקט יעצט פּאַסט ניט אַרויסצולאָזען דעם רויך פון מויל. ער האָט געוואָלט דעם גאַנצען רויך אַראָבשלינגען און האָט זיך שטאַרק פערהוסט און פערפּערכעט. ביז׳ן הייליגען אָרט האָט דער רויך דעם ראַבינער געקיצעלט און ער האָט ניט אויפגעהערט צו הוסטען. מיסטער דזשעסקעס האָט געזיפצט און די פערד זיינען געגאַנגען מיט קליינע לאַנגזאַמע טריט.

ענדליך איז געקומען די לעצטע שרעקליכע מינוט. דער אָרון איז געשטאַנען נעבען אָפענעם קבר, נאָהענט דערביי דער אַלמן און זיינע קינדער אין טרויער. ביי די אבלות זיינען ניט נור די שוואַרצע קליידער שוין געווען אַרומגעטרימט מיט ווייסע טאַסמעס, נור אפילו די גאָז־פּאַטשיילקעס זיינען געווען אמת׳ע עכטע טרויער־אוניפאָרם, כדת המאָדע. די קרובים האָבען געוויינט, גוטע פריינד האָבען געהאַלטען לאָפּעטעס, יעדער האָט געוואָלט פערדיענען אַ מצוה ביי מיסים דזשעסקעס. דער שמש האָט געזאָגט אַ געדרונגענעם יתגדל ויתקדש, די איירישע דרייווערס האָבען אַנטקעגען אין אַ סאַלון געטרונקען ביער און געקייט טשו טאָבעקאָ, די פערד, בעדעקט מיט וואַרימע דעקען, האָבען געגענעצט און געסקריפּעט, און דער רעווערענד, ביי וועלכען דער רויך האָט נאָך אַליץ געריסען אין האַלז, האָט זיך אויסגעהוסט, לאַנזאַם אויסגערייניגט זיין סאָלידע דייטשע נאָזע מיט אַ גרויסען ווייסען שנופּטוך און האָט אַנגעפאַנגען:

„ברידער אונד שוועסטער! דער קעניג דאַוויד האָט געזאָגט: היודך עפר (האַיאָדך האַפאַר) נאָט אָף איזראַעל, קען דיך לויבען אַש? ברידער און שוועסטער, בעטראַכטעט דיעזע טויטע פרוי, וואָרום ווען מען זעהט פאַר זיך אַ טויטען, פערשטעהט מען, דאָס ווען מען שטאַרבט, לעבט מען שוין ניט מעהר, אָה! ניין! זי איז געווען אַ שטילע, אַ פיינע, אַ גוטע, אַ ליעבענסווירדיגע, אַ טוגענד־האַפטע פרוי, אַ מוסטער פון אַ מוטער, אַ געבילדעטע נאָבעלע בת ציון, אַ פרוי איזראַעליטין, אַ צדקות אונד דאָך, אַז מען שטאַרבט

דזשעסקעס גלאַנצענדע באַק האָט געוואונען איהר סימפּאַטהיע. די באַק האָט באַלד אָנגעהויבען צוצונעהמען און צוצונעהמען און די דאָקטוירים זאָגען: עס קען אזוי לאַנג צונעהמען, ביז וואַנען עס וועט צונעהמען אין גאַנצען. אי! וואָס איז אַ מענש!....

זיצט מיסטער דייוו דזשעסקעס און טראַכט ערנסט און שטאַרק: אַ פּיונעראַל, ער — אַן אַלמן. שעהנע בוכהאַלטערין לינאַ, אַן אַנדערטייקער, אַ רעווערענד, קרענצע פון די קינדער, פון די קלוירקס, אַלע שכנים קוקען, פיעל קערעדזשעס, אַ שעהנער פּאַראַד...

ער גיט אַ שווערען זיפץ, די נאַזע אַקאָמפּאַנירט צו און גיט אַ פּייף, די קלוירקס האַלטען זיך ווי ערנסטע מענשען, נור די שעהנע בוכהאַלטערין לינאַ שיסט אויס מיט אַ פערדריקטען קוויטש, פאַר־כאַפּט זיך באַלד און וויל איינשרייבען אין בוך נאָך אַ נול. די פעדער אָבער מאַכט אַ בולבע און לינאַ בלייבט ערנסט.

## 2.

מיסיס דזשעסקעס איז געשטאָרבען — ברוך דיין אמת! אַ קעררידזש פול מיט בלומען פיהרט זי איבער'ן טייך קיין ברוקלין. נאָכ'ן בר־מנן ציהט זיך אַ לאַנגער צוג מיט קעררידזשעס, אין וועלכע עס הערען זיך פרעהליכע, קינדערשע שטימען און זעהען זיך פיעלע צופריעדענע פּנים'ער. עס איז קיין חדוש! אין אַמעריקאַ פאָהרט מען אין קעררידזשעס נור צו אַ לויה אָדער צו אַ חופּה. און יעדען פרעהט דאָס פערגניגען צו האָבען אַ „פרי ראַיד"...

אין ערשטען קעררידזש פאָהרט נעביך דער אַלמן, מיסטער דזשעסקעס און מיט איהם דער ראַבינער פון דער קאָנגרעגיישאָן „אנשי בני רצוצים", רעווערענד מאָזעס קלאַטשע. מיסטער דזשעס־קעס זיפצט און רעווערענד קלאַטשע רויכערט אַן אמת'ען עכטען „שנאָר" סיגאַר.

אָה, הערר ראַבינער! זאָגט מיט אַ וויינענדיגע שטימע מיסטער דזשעסקעס, זי איז געווען אַ פרוי, אַ זעלטענהייט. פערציג יאָהר געלעבט. טשיקען סאַלאַד פלעגט זי מאַכען, פונקט זי זאָל זיין אַ

# די נייע קאָפּערישען

1.

אין האָלסייל געשעפט פון מיסטער דייוו דזשעסקעס (דוד יאָסקעס בלע״ז) איז שטיל. די קלערקס שטעהען אָבגעזונדערט און וואַגען ניט צו רעדען הויך; די שעהנע בוכהאַלטערין לינא, וועלכע האָט שטענדיג די פּריווילעגיע צו לאַכען אין סטאָר, — לאַכט ניט היינט; ער, דער באָס אַליין, מיסטער דייוו דזשעסקעס, זיצט מיט אַן אָראָבגעלאָזענע „נאָזע" און מיט אַ פערלאָשענעם סמוקער אין האַנד. מען קען מיינען, מיסטער דזשעסקעס פּלאַנעוועט איצט ווי צו מאַכען אַ פייער, אָדער צו שפּיעלען אַ טריק די קרעדיטאָרען, אָדער ווי צו קורירען זיך פון דיספּעפּסיע. אין דער ווירקליכקייט אָבער זיינען די געדאַנקען זיינע ווייט פון פייער און דיספּעפּסיע. ביי איהם איז אַלעס אָלל ראַיט, אָבער ניט אָלל ראַיט איז מיסיס דייוו דזשעסקעס. זי איז געקומען, ניט פאַר אייך געדאַכט, פון דער קאָנטרי מיט אַ בים און האַלט זעהר שמאָל...

מענשען! נעהמט אייך אַראָב אַ מוסר פון מיסיס דזשעסקעס, פאַר דער קאָנטרי האָט זי געהאַט, קיין עין הרע, צוויי הונדערט און אַכט און פופציג פונט און נאָך דער קאָנטרי איז זי געקומען מיט צוויי אָקעס פלייש און שמאַלץ מעהר. אויף דער פּיאַזע אין האָטעל איז פאַר איהר געשטאַנען אַ ראָקינג־טשער עקסטרא סייז. ניט אַנדערש ווי בעהאַנגען און בעפּוצט מיט אַלערליי דזשועלערי פלעגט זי זיצען אויף דער פּיאַזע און שאָקלען זיך ביז דער גלעקעל האָט גערופען עסען. אָבגעגעסען — ווידער געשאָקלט זיך ביז דער גלעקעל האָט גערופען עסען, ווידער אָבגעגעסען און ווידער געראָקט זיך, און ווידער געזעסען און געראָקט זיך ביז'ן שלאָפען... אויסגעשלאָפען זיך און געראָקט זיך ביז'ן עסען. פּלוצלונג איז געקומען אויף דער פּיאַזע צופליהען אַ קליינע חיה'לע „זים, זים, זים" האָט זי געזומט און געזוכט אַ פּאַסענדע סטאַנציע. מיסיס

קען מען אויך דאָ קיין פּלאַץ ניט געפינען? און דאָ איז שוין נאכט... וואָס טהוט ניט אַ איד צוליעב אַ מצוה?

האָט קיין פאראיבעל ניט, וואָס איך האָב אייך געדרעהט אַ קאָפּ. זאָגט מיר, איך בעט אייך, וועלכע קאר געהט אין טשערי סטריט? דאָס איז זי? אַ שעהנעם דאנק אייך...



סוכה?" „פּלאַץ פאַר א סוכה? דאכט זיך, וואַרט א ווײַלע... אין דער 5טער סטריט. דאָרטען האָב איך געזעהן א שטיקעל פּלאַץ." קום איך אהין, בעטראַכט דעם געגענד, זוך א לעדיגען פּלאַץ, ערשט — וועד? וואו? ווען? די אייגענע שטיקעניש, די זעלבע גרויסע הייזער ווי אין טשערי סטריט...

כאַפּ איך א יונגענמאַן און פרעג איהם: „מיסטער, ווייסט איהר ניט וואו מען קען דאָ קריגען פּלאַץ פאַר א סוכה?" פאַלט ער אָן אויף מיר: „דאָ נעהט איהר זוכען פּלאַץ פאַר סכות!" כאַפּט דיך דער וואַטענמאַכער, וואָס ביזטו אזוי אין כעס? טראַכט איך און געה מיר אוועק ווייטער. בעגעגען איך אזוי אַן אנשטענדיגען אידען מיט א שנעע־ווייסער באָרד און פרעג איהם געלאַסען: „מיסטער, ווייסט איהר ניט, וואו מען קען קריגען פּלאַץ פאַר א סוכה?" „הא, פּלאַץ פאַר א סוכה? איך האָב טאַקע געזעהן א לעדיגען פּלאַץ פאַר צוויי יאָהרען, ס'איז אפילו ארומגעצאַמט מיט ברעטער, אבער ס'איז אָל־ראַיט, ס'כאַפּט אין דער 111טער סטריט." לאָז איך זיך גלייך אהין און געהענדיג טראַכט איך: וואָס פאַר א פערגניגען ס'איז געווען אין גלופּסק! אמת, איך האָב דאָרט ניט געהאַט קיין שטאָדט אין „שטיבעל", אמאָל ניט אריינגעלאָזט צום שלוש סעודות, דערפאַר אז ס'פּלעגט קומען אַן ערב יום טוב, איז דאָך טאַקע געווען א פערגניגען. פּלאַץ? — וויפיעל דו ווילסט. ווילסט בויען א סוכה? — בוי. דיר ווילט זיך למשל לעגען שלאָפען אויף דער פרייער לופט? — לעג זיך. און דאָ? א קלאָג מעג קומען אויף אמעריקא!... קום איך אין דער 111טער סטריט און וואַרף מיין אויג: גרויסע מויערען, נאָך גרעסערע ווי אין טשערי סטריט... פון א לעדיגען פּלאַץ איז אָבגערעדט... לויף איך שוין אריין אין א קלייט דאָרט און פרעג: „מיסטער, ווייסט איהר ניט וואו מען קען דאָ קריגען פּלאַץ פאַר א סוכה?" שיקט ער מיך אָב אין דער 180טער סטריט. איך קום אהין — דאָס אייגענע וואָס אין טשערי סטריט. מילא, איך וועל קיין פּולע ניט מאריך זיין. ס'איז ערב יום טוב. פון דער 180טער סטריט האָט מען מיך אָבגעשיקט אזש אהער, ווי רופט איהר דאָס? יאָנקערס? זאָל זיין יאָנקערס. צו

# פלאַץ פיר א סוכה

קענט איהר מיר ניט זאָגען, ר׳ איד, וועלכע קאר (טראַמוואַי) געהט אין טשערי סטריט? וואָס דאַרף איך אין טשערי סטריט און ווי קום איך אהער? איך וואוין אין טשערי סטריט, וואוין איך. און ווען ניט סכות, וואָלט איך דאָ ניט פערבלאָנדזשעט און ניט וויסען ווי ארויסצוקריכען...

ס׳האַנדעלט זיך וועגען א סוכה, האנדעלט זיך. איך האָב געוואָלט מאַכען א סוכה פאר יום טוב, איז וואוין איך דאָך אין טשערי סטריט. די גאַנצע גאַס איז פול געפּאַקט מיט גרויסע, הויכע הייזער, געבויט אָהן א טאָלק און א לאַד, ממש ניט א שפּילקע דורכ־צוואוואַרפען. כ׳האָב גענומען זוכען א שטיקעל פּלאַץ פאר א סוכה, איז — ניט פון אָרט. איהר זאָגט אויפ׳ן „רוף" איז דאָ פּלאַץ? כ׳בין אויך געווען אזא חכם, געוואָלט בויען די סוכה אויפ׳ן דאַך, איז דאָרט פול מיט שטריק, וואָס די שכנים הענגען אויף זיי זייער וועש... צווייטענס, וויל דער לענדלאָרד ניט ערלויבען. „ס׳איז ניט שניפישאָק" זאָגט ער. דריטענס, וואו קריגט מען סכך אין טשערי סטריט? איהר׳ט שוין אמאָל געזעהן סכך אין טשערי סטריט? פערלאָז איך מיין פּושקאַרט און געה זיך נאָכפרעגען ביי דעם, ביי יענעם וועגען פּלאַץ פאר א סוכה. בעגעגען איך א אידען מיט א קאַפּעליוש, מיט א פּאָר ווענצלעך אין סאַמע ריווינגטאָן סטריט, שטעהענדיג ביי א פּושקאַרט מיט באַנאַנעס. געה איך צו צו איהם און פרעג איהם: „מיסטער, ווייסט איהר ניט, וואו מען קען דאָ קריגען פּלאַץ פאר א סוכה?" אז ער לאַכט זיך דאָס פּאַנאַנדער — „מי נאָ ספּיק", מאַכט ער. אַלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ!... א איטאַליענער גאָר!...

טרעף איך א צווייטען אידען, וועלכער איז געשטאַנען מיט א פּושקאַרט אתרוגים, לולבים און פּינאַטס. פרעג איך איהם: „מיסטער, ווייסט איהר ניט, וואו מען קען דאָ קריגען פּלאַץ פאר א

— ברוך שם כבוד מלכותו ! — האָט אויסגעשריען דער לייב מיט א מענשליכען געלעכטער.

וואָס מיינט איהר, דער שרעקליכער לייב איז געווען ר׳ שמעיה בטלן. איהר קענט דאָך די סחורה, און פאַר איהם האָב איך זיך דאָס געשראָקען.

און פון דאן אָן איז אָלל־ראיט. איך האָב, א דאנק זיין נאָמען, געכאַפּט דעם שניט פון בלאָפען. יעצט קען איך די אמעריקאנישע חכמה.

חכמת הבלאָפען בעשטעהט אין דער קונסט צו קענען אָנטהון יעדעס מאָל א נייע הוט, א נייע פעל. דערהויפּט איז ניט צו שרעקען זיך פאַר די לייבען... איהר פערשטעהט מיך, קיין לייבען זיינען דאָ ניטאָ...



איך לאָז איבער א ווייב מיט א סך קינדער, און דאָס וועט זיין אויף אייער קאָפּ. ווען איהר ווילט דאָס, בין איך מוכן ומזומן...

—אָט הויבט זיך אָן מיט א אידען... געהט געזונדערהייט. נים דאָ איז פאר אייך דער אָרט...

מיינער אָבער געהט נים. וואָס האָב איך צו פערליערען?...

— אדוני מענעדזשער, — טהו איך א זאָג מיט א פערצווייפעלטער שטימע — איהר מוזט מיר געבען וואָס צו פערדיענען... איך קען אלעס און טויג צו אלעס. ווי עס שיינט, האָבען מיינע תחנונים גענומען דעם מאכער. ער האָט א ווײַלע געשוויגען. נאכהער גיט ער זאָג: יא, ר' איד, איהר קענט ביי מיר פערדיענען א פאָר דאָלאר. איך האָב פאר אייך א בעשעפטיגונג אין מיין צירק... איך וויים, אז איהר טויגט דערצו...

— אדרבה, — רוף איך אוים מיט שמחה — וואָס איז דאָס? איך בין צו אלעס בערייט... איך טויג צו אלעס...

— איהר וועט זיך דארפען אלע אבענד — מאכט ער — אָנטהון אין א פעל פון א טיגער און אומלויפען אין קרייז, דער עולם זאָל טאקי מיינען דאָס עס איז אָן אמת'ער טיגער, אז עס זאָל אָנכאפּען אָן אימה... ווילט איהר דאָס? קענט איהר דאָס?

— א קשיא אויב איך קען דאָס! וואָס איז דאָ צו קענען?... גיט מיר גלייך א פעל פון א טיגער, וועט איהר זעהען ווי קונציג איך בין, אָן אמת'ע חיה רעה... א מזיק...

און מיין מאכער האָט מיך אָנגעטהאָן אין א פעל פון א טיגער, און האָט מיך צו פראָבע ארויסגעלאָזען אויף אלע פיער אין קרייז, און א געשריי געגעבען צו מיר: „ווארף אָן אימה!"

און איך בין ארויסגעלאָפען אין דער טיגער־פעל, מיט גרוים קוראזש. איך האָב נור איין שפרונג געמאכט — און אנטקעגען מיר איז ארויסגעלאָפען אָן אימה'דיגער לייב... א שרעק איז אויף מיר אָנגעפאלען... דאָ איז מיין עק און סוף... דאָ וועט איך צוריסען אויף פיצלעך. דאָס בלוט איז מיר פערגליווערט געוואָרען, און פון גרוים פחד האָב איך מיט די לעצטע כחות אויסגעשריען: שמע ישראל...!

מיר ניט געהאָלפען, האָב איך זיך מיט מיין חאַליאַסטרע (אַ היבשע געזינדעל אָהן עין הרע) אַ לאָז געטהאָן קיין אַמעריקאַ. אין אַמעריקאַ האָבען זיך אָנגעהויבען נייע צרות, נייע יסורים. איך האָב דורכגעמאַכט אַלע מיני גלגולים. און דער שלים־מזל האָט זיך מיר נאָכגעשלעפט. איהר ווילט דאָך וויסען וואָס בין איך דאָ געוועזען. צו־הויז האָב איך אַלעס געקענט; טאַקע געוועזען אַ גאַנצער מאַכער, אַ מושלם. דאָ אָבער אין אַמעריקאַ איז קענען ניט דער עיקר. דאָ איז דער עיקר טאַקע יענע חכמה, וואָס הייסט בלאָפען, און אין דערינען האָב איך, ניט היינט געדאַכט, קיין שטאַרקע ידיעה ניט געהאַט. אין פלוג דאַכט זיך וועלכער איד קען דאָס ניט בלאָפען? אָבער בלאָפען צו בלאָפען איז ניט גלייך. פעטער, איהר האָט שוין ווידער קיין געדולד ניט? לאָזט זיך דיענען, איך וועל דאָס אייך מאַכען בקיצור.

יאָהרען לאַנג האָב איך זיך געוואַלגערט אין אַמעריקאַ, און זיך ניט דערשלאָגען צו אַ ברעג. איך האָב שוין פערלאָרען אַלע האָפ־נונגען. וואָס איך האָב ניט אָנגעהויבען — האָט זיך ניט אויס־געלאָזען. עס איז געקומען מים עד נפש. דרעה איך מיך אַרום אין די גאַסען, איך קוק, איך זוך, איך שמעק, וואו כאַפּט מען אַ דאָלאַר צו פערדיענען. נו, הערט־זשע נאָמ׳ס וואונדער! פּלוצלונג זעה איך, ווי עס שטעהט אַ גרויסער עולם נעבען אַ פּאָוסטער (מודעה רבה), מיט אָנגעמאַלטע חיות, אַ נייער צירק איז אין שטאָדט אָנגעקומען. איך גיב מיך אַ לאָז צום מענעדזשער פון צירק. ער איז טאַקע געוועזען איינער פון אונזערע.

— טהייערער ברודער — טהו איך צו איהם אַ זאָג — גיב עפּעס צו פערדיענען, איך טויג אויף אַלעס.

— אדרבה, — ענטפערט דער מאַכער — קענסטו אויף אַ שטריק געהן?

— דעם שכל דערפון פערשטעה איך, אבער עס איז דאָך אַ סכנה...

— קענסטו אין די לופט שפּרינגען?

— אַ קשיא, אויך מיר אַ קונץ! וועלכער איד קען דאָס ניט? איך זאָג אייך אָבער פריהער, דאָס איך וועל נע׳הרג׳עט ווערען און

# חכמת הבלאָף

(אַן אונטערגעהערטער שמועס)

איהר פרעגט מיך, פעטער, וואָס איז דאָס בלאָפען? איך זעה שוין, דאָס איהר זייט אַ גרינער. בלאָפען — דאָס איז אַן עכט אַמעריקאַנישע חכמה, אָדער המצאה, ווי איהר ווילט. מען מוז גענוג פערשווארצט און אויסגעריסען ווערען ביז וואַנען מען לערנט דאָס אויס מיט אַלע ברעקעלעך. איך בין דאָ אויך גענוג פער־שווארצט געוואָרען, ליעבער פריינד. האָט אַ ביסעל געדולד, נור ניט געכאַפּט, וועט איהר שוין הערען און וויסען, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין די חכמה פון בלאָפען.

אָט ווי איהר קוקט מיך אָן, דאַכט זיך ניטאָ אויף וואָס צו קוקען; און דאָך בין איך מיר געווען אַ איד אַן עושר; געהאַט טאַקע די ממתקים במזומנים, הלואי אויף אייך געזאָגט געוואָרען אין גוטע אידישקייט. שאַ — איהר ווילט ניט, טאַ ווי איהר ווילט זיך, געה ווינש אַ אידען גוטעס.

דוכט זיך, האָב איך דאָך יאָ געלד, אבער לאָ מיט אַ ספּאָדיק. איך האָב געהאַט גרויסע געשעפטען, אָבער סוף כל סוף לאָזט זיך אויס אַ בוידים מיט אַ פּאָליצע. עי, אידישע רייכקייט — אַ נעכ־טיגער טאָג! איהר ווילט וויסען די חכמה פון בלאָפען? ווארט אַ ווייל'ע, איהר וועט שוין הערען. יאַ, וואו האַלט איך? איך בין געוואָרען, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ יורד, געלעגען טאַקע צעהן קלאַפטער אין דער ערד. אַ קבצן צו זיין איז אַ מיאוס'ע זאַך, אַ יורד — איז נאָך ערגער. פע, פאַסקודנע. איך האָב אַלע פּרנסות איבערפּרובירט, און עס איז ניט געגאַנגען, כאָטש צוריים זיך. אַז דער מזל קעהרט זיך אָב, קען מען איהם פאַר'ן עק ניט כאַפּען. און די קינדער, זאָלען לעבען, וואַקסען זיך, און מיין אידענע הערט ניט אויף צו האָבען צו מיר טענות ומענות. איז זי אפשר ניט גערעכט געווען? וואָס זאָל איך אייך דרעהען אַ קאָפּ? ווען קיין זאַך האָט

דערין איז געווען אַ קליינע מטבע און אַן אָרימאַן האָט זי אויפ־געהויבען און ער האָט געזעהן און איהם זי געלאָזט צונעהמען...״
מילא, מיכאל נעהמט מאריך זיין ביי דער מצוה, כאָטש איין שעה אין גן־עדן... דער גרויסער זייגער האָט אויסגעשלאָגען צוועלף. אַלץ האָט גענומען ציטערען, בית־דין של מעלה האָט זיך אויפ־געהויבען אין מיטען דין. דעם רשע גמור מיט די עבירות, די יפה־פיות ר״ל האָט מען אריינגעפיהרט אין אַ בעזונדער חדר אריין איבער שבת...

און מעהר האָט מיכאל ניט געוואָלט...



אין רשות הרבים, און דער ווינד האָט פערטראָגען די מי רגלים אין רשות הרבים אריין...“

מילא, ער האָט אזוי לאנג מאריך געווען, ביז דער זייגער האָט ווייטער אויסגעשלאָגען צוועלף, און ווייטער האָט מען דעם בית־דין של מעלה פערמאכט און דעם צדיק מיט זיין עבירה האָט מען אָב־געפיהרט אין א בעזונדער חדר איבער שבת...

און מעהר האָט סמאל ניט געוואָלט...

*   *   *

און דאָס איז אויך געווען אום פרייטאג, זייגער צעהן. שטאַרבט אוועק א רשע גמור און ס'ווערט א שמחה ביי סמאל און לילית'ן: זיי האָבען געכאפּט א לעשטש, סחורה פאר'ן כף הקל... און שדים הוליען און טאנצען און מחבלים גרייטען שוין צו די חופּות פון ברענענדיגען פעך פאר איהם. דערהערט מיכאל זייער געלעכטער און זייער באלעווען און קריגט רחמנות אויף דעם רשע גמור, פאָרט א צלם אלהים, און טראכט ווי אזוי מיט איהם כאָטש עפּעס גוטס צו קענען טהון... און לויפט אוועק צום בית־דין של מעלה און זעהט שוין דאָרט א פּאק מיט עבירות, ביז דעם סאפירענעם געוועלב פון זיבעטען הימעל... און א גאנצע באנדע נקבות, יפה־פיות ר"ל, מיט וועלכע ער פלעגט תמיד עבירות טהון, שטעהען און שלעפּען איהם צו זיך אין גיהנום אריין... און בית־דין של מעלה וויל איהם שוין פער'משפט'ען אין כף הקל. נעהמט מיכאל און קוקט זיך אום א מצוה צו דערזעהן און — גוואלד, ס'איז נישטאָ!... נעהמט ער און שטעלט זיך אוועק טענה'ן: „ניין, דאָס איז ניט מעגליך, יעדער מענש איז א „חלק אלה ממעל“, אין יעדען איז פאראן א צד טוב; ס'איז ניט מעגליך, ער מוז ארויסגעהן מיט א גרינגערען דין און אפשר גאָר גן־עדן... הייסט מען איהם זוכען. ווערט שווארץ מיכאל'ן אין זיינע ליכטיגע אויגען. מ'זאָל אָבגעהיט ווערען, קיין זכות נישטאָ... נעהמט ער רופען אלע מליצים און מ'האָט קוים אויסגעפונען אז אן אָרימאן האָט אמאָל נהנה געווען פון איהם — „ער האָט געהאט ארויסגעוואָרפען מיסט, אין

גענעבען אין קאָפּ און האָט אָנגענומען א פולע האַנד וואַסער... „סחיטה"... כאַפּט שוין סמאל דאָס אויף און מאַכט אזוי לאַנג א פירוש איבער דעם, און שרייט: סחיטה, אָן אָב מלאכה, און וויל אז מען זאָל איהם כאָטש פערשיקען אין כף הקל דערפאַר...

ווייסען אלע, אז ס'וועט גאָר נישט זיין. נאָר פון סמאל איז ניט פּטור צו ווערען. און בינו לבינו רוקט זיך אָן צוועלף: דער גרויסער זייגער נעהמט קלינגען, די וואָגשאָל נעהמט זיך וואַקלען, בית־דין של מעלה מוז זיך אויפהויבען און דעם צדיק מיט זיין עבירה מוז מען אָבפיהרען אין א בעזונדער חדר איבער שבת...

* * *

ויהי היום, אויף פרייטאג, ווערט נפטר ווידער א צדיק גמור, איינער פון די גדולי הדור. ווערט ווידער א רעש דאָרט אין הימעל: פנו מקום! און אין גן־עדן ווערט א שמחה, מ'נעהמט צוגרייטען די חופות פאַר איהם, עפּעס א קלייניגקייט אזא צדיק! און מיכאל געהט ארום מיט א פלאַמענדיג פּנים פאַר שמחה. טראַכט זיך סמאל: איך מוז איהם דאָס פערשטערען. ווייסט ער דאָך אבער אליין, אז ס'איז ניט מעגליך. זאָגט ער: „גוט כאָטש אויף איין שבת!" און כאַפּט און לויפט אוועק אין בית־דין של מעלה און נעהמט זוכען די עבירות. בשום אופן וועט ער ניט לאָזען איהם גלייך אין גן־עדן אריין. און אז ער זעהט אז ער איז פּאָרט ריין, מה עושה — וואָס טהוט ער? נעהמט ער און איז מלביש די טומאה אין די יראה און שטעלט זיך אוועק טענה'ן: „געוואַלד, ווי מאַכט מען חלילה פון דער תורה א „פלסתר"! וואָס הייסט, א בשר ודם מוז דאָך זינדיגען!... און נעהמט ווייטער בלעטערן אין די ביכער און געפינט ווידער אויס אָן עבירה'לע. און ער ווייסט דאָך אפילו אז ער וועט גאָר ניט מאַכען, דאָך איז ביי איהם א קרן אויף שבת איהם צו לאָזען זיצען. און נעהמט לייענען: „היות, ווי דער צדיק איז אמאָל שבת ארוים אויף א ווינד און האָט, במחילה, משתין געוועזן ביי א וואַנד, וואָס דאָרט איז געוועזן א לאָך וואָס איז ארויס

משפט פאר, איז שוין אנדערע ווערטער! דעמאלט שטעהען שוין ניט קיין פראסטע מליצים און מקטרגים, דעמאלט שטעהען שוין ביים רשע מיכאל און זוכט אויס וואו נאר א זכות, און סמאל שטעהט ביים צדיק און זוכט אויס וואו נאר א חוב אויפ'ן מענשען. און דעמאלט מאכט מען שוין דעם גאנצען טאראראם מיט'ן וועגען ניט מעהר לפנים וועגען. מ'זעהט'ך: ביים צדיק איז דאס פעקעלע עבירות אזוי קליין און אונבעדייטענד געגען דעם גרויסען פאק מצוות, און פערקעהרט ביים רשע... און אזא דין ציהט זיך לאנג, ווארום מיכאל זוכט ווי ווייט ער קען עפעס א מצוה ארויסקריגען און סמאל ווידער זוכט ווי ווייט ער קען אן עבירה אויסגעפינען...

און הערט דריי מעשה'לעך, ווי ס'איז געוועזן מיט דריי אזעלכע משפטים: צוויי צדיקים גמורים און איין רשע גמור.



פרייטאג זייגער צעהן איז נפטר געווארען נאר א גרויסער צדיק. ווערט א טאראראם אין הימעל: פנו מקום! און מ'פיהרט אריין די נשמה צום בית־דין של מעלה, מ'וויל איהר אב'פטר'ן געשווינד און אויף שבת איהר נאך א קבלת פנים מאכען אין גן־עדן. קומט ארויף סמאל אין א שוואצע קרוין מלא חמה און זעצט זיך אוועק. פרעגט בית־דין של מעלה דעם צדיק נאר לפנים די שאלות, קומט דער מלאך און ווייזט אויפ'ן פאק מצוות. פרעגט סמאל זיינע חברה מכח עבירות, בלייבען זיי שטעהען — נישטא!... ווערט ער אויפגעפלאמט און שרייט: ווי איז מעגליך? „אין צדיק בארץ אשר לא יחטא!" הייסט איהם בית־דין של מעלה זוכען אין די ביכער, און ער זעצט זיך אוועק און זיצט אב א צייט, זוכט אין די ביכער ביז לסוף ער האט געפונען דארט זיין לעדיגען בלאט... ווערט ער נאך מעהר אין כעס און הייסט אויסזוכען וואו נאר א מחבל, זאל זיין א נפל אפילו. און כך הוה — מ'האט איהם געבראכט א נפל, א מחבל, און אין בוך האט זיך געוויזען אב־געמעקטע אותיות פון א קליין עבירה'לע: „היות ווי דער צדיק איז אמאל געגאנגען שבת אין מקוה אריין, האט ער זיך א קראץ

פייערדיגע אותיות קומען אַרויס „ש ב ת". און די אַלע זינדיגע מיט אַלע זייערע עבירות ווערען אַריינגעפיהרט יעדער אין אַ בעזונדער חדר ביז איבער שבת, און דאָס איז דאָך ידוע, אַז קודם הדין, איידער מ'משפט אָב, איז מיט'ן צדיק בעסער ווי מיט'ן רשע: פאַר'ן צדיק שרייט מען: „פּנו מקום!" און מיט'ן רשע מאַכט מען ניט קיין גרויסען יום טוב. ווען ס'קומט אָבער ביים דין איז אַלץ איינס אַ רשע און אַ צדיק, קיין משוה פּנים, ס'איז דאָך עפּעס אויפ'ן עולם האמת... קומען צום ערשטען די מקטרגים, קרומע און שוואַרצע מחבלים, וואָס זיינען בעשאַפען געוואָרען פון'ם מענשענ'ס עבירות, און העלפען מאַכען אַ שוואַרצען פּאַק פון די עבירות און ברענגען זיי צום בית דין של מעלה. דאַן קומען אַלע גוטע און ווייסע מלאכים'לעך, וואָס זיינען בעשאַפען געוואָרען פון די מצוות, און מאַכען פון זיי אַ שנעע־ווייסען און ריינעם פּאַק און טראָגען עס אַריין צום בית־דין של מעלה. און בית־דין של מעלה ניט אַ וואונק, ברענגען צוויי שמשים אַריין די נשמה און זי שטעלט זיך אַוועק אין אַ זייט מיט שרעק און וואַרט אויף איהר פּסק־דין. און דער קטגור שטעלט זיך אויף און האַלט זיין קטגור־רעדע, זוכט אויס אַלע עבירות, און בעט „כף הקל" פאַר דער נשמה. און די נשמה ציטערט און פריהרט פאַר קעלט. שטעלט זיך אויף דער סניגור, דער מליץ יושר, און איז ממליץ אויף איהר, זוכט אויף וואו נור אַ זכות און וואו נור אַ מצוה פאַר דער נשמה, ווערט דער נשמה וואַרם און ליכטיג, גרינגער אויפ'ן האַרצען. און בית־דין של מעלה, ווי איהר ווייסט דאָך, גיט אַ קאָמאַנדעווע מ'זאָל נעהמען צופּאַקען, און מ'נעהמט שיטען אַ מצוה און אַן עבירה, אַ מצוה און אַן עבירה ביז ס'בלייבען די זעק לעדיג. שאָקעלט מען אויס די זעק און מ'נעהמט קוקען אויפ'ן שטאַנג. און אַז די מצוות וועגען איבער, ווערט אַ ששון ושמחה צווישען די ווייסע מלאכים'לעך, און אַז די עבירות, רחמנא לצלן, וועגען איבער, ווערט אַ ששון ושמחה ביי די שוואַרצע מחבלים, און דעמאָלט פיהרט מען אָב די נשמות וואוהין זיי ווערען פער'משפּט. דאָס ווייסט איהר דאָך אַלע.

דאָס איז אַלץ ביי אַ געוועהנליכען מענשען, ניט קיין גאָר גרויסער רשע און ניט קיין גאָר גרויסער צדיק. ס'קומט אָבער אַזאַ

משפט פאַר, איז שוין אַנדערע ווערטער ! דעמאָלט שטעהען שוין ניט קיין פראַסטע מליצים און מקטרגים, דעמאָלט שטעהען שוין ביים רשע מיכאל און זוכט אויס וואו נאָר אַ זכות, און סמאל שטעהט ביים צדיק און זוכט אויס וואו נאָר אַ חוב אויפ׳ן מענשען. און דעמאָלט מאַכט מען שוין דעם גאַנצען טאַראַראַם מיט׳ן וועגען ניט מעהר לפנים וועגען. מ׳זעהט׳ך : ביים צדיק איז דאָס פּעקעלע עבירות אַזוי קליין און אונבעדייטענד געגען דעם גרויסען פּאַק מצוות, אַזן פערקעהרט ביים רשע... און אַזאַ דין ציהט זיך לאַנג, וואָרום מיכאל זוכט ווי ווייט ער קען עפּעס אַ מצוה אַרויסקריגען און סמאָל ווידער זוכט ווי ווייט ער קען אַן עבירה אויסגעפינען...

און הערט דריי מעשה׳לעך, ווי ס׳איז געווען מיט דריי אַזעלכע משפּטים : צוויי צדיקים גמורים און איין רשע גמור.



פרייטאג זייגער צעהן איז נפטר געוואָרען נאָר אַ גרויסער צדיק. ווערט אַ טאַראַראַם אין הימעל : פּנו מקום ! און מ׳פיהרט אַריין די נשמה צום בית־דין של מעלה, מ׳וויל איהר אַב׳פּטר׳ן געשווינד און אויף שבת איהר נאָך אַ קבלת פּנים מאַכען אין גן־עדן. קומט אַרויף סמאל אין אַ שוואַרצע קרוין מלא חמה און זעצט זיך אַוועק. פרעגט בית־דין של מעלה דעם צדיק נאָר לפנים די שאלות, קומט דער מלאך און ווייזט אויפ׳ן פּאַק מצוות. פרעגט סמאל זיינע חברה מכח עבירות, בלייבען זיי שטעהען — נישטאָ !... ווערט ער אויפגעפלאַמט און שרייט : ווי איז מעגליך ? „אין צדיק בארץ אשר לא יחטא !“ הייסט איהם בית־דין של מעלה זוכען אין די ביכער, און ער זעצט זיך אַוועק און זיצט אַב אַ צייט, זוכט אין די ביכער ביז לסוף ער האָט געפונען דאָרט זיין לעדיגען בלאַט... ווערט ער נאָך מעהר אין כעס און הייסט אויסזוכען וואו נאָר אַ מחבל, זאָל זיין אַ נפל אפילו. און כך הוה — מ׳האָט איהם געבראַכט אַ נפל, אַ מחבל, און אין בוך האָט זיך געוויזען אַב־געמעקטע אותיות פון אַ קליין עבירה׳לע : „היות ווי דער צדיק איז אַמאָל געגאַנגען שבת אין מקוה אַריין, האָט ער זיך אַ קראַץ

פייערדיגע אותיות קומען אַרויס „ש ב ת“. און די אַלע זינדיגע מיט אַלע זייערע עבירות ווערען אַריינגעפיהרט יעדער אין אַ בעזונדער חדר ביז איבער שבת, און דאָס איז דאָך ידוע, אַז קודם הדין, איידער מ׳משפּט אָב, איז מיט׳ן צדיק בעסער ווי מיט׳ן רשע: פאַר׳ן צדיק שרייט מען: „פּנו מקום!“ און מיט׳ן רשע מאַכט מען ניט קיין גרויסען יום טוב. ווען ס׳קומט אָבער ביים דין איז אַלץ איינס אַ רשע און אַ צדיק, קיין משוה פּנים, ס׳איז דאָך עפּעס אויפ׳ן עולם האמת... קומען צום ערשטען די מקטרגים, קרומע און שווארצע מחבלים, וואָס זיינען בעשאַפען געוואָרען פון׳ם מענשענ׳ס עבירות, און העלפען מאַכען אַ שווארצען פּאַק פון די עבירות און ברענגען זיי צום בית דין של מעלה. דאַן קומען אַלע גוטע און ווייסע מלאכים׳לעך, וואָס זיינען בעשאַפען געוואָרען פון די מצוות, און מאַכען פון זיי אַ שנעע־ווייסען און ריינעם פּאַק און טראָגען עס אריין צום בית־דין של מעלה. און בית־דין של מעלה גיט אַ וואונק, ברענגען צוויי שמשים אריין די נשמה און זי שטעלט זיך אוועק אין אַ זייט מיט שרעק און וואַרט אויף איהר פּסק־דין. און דער קטגור שטעלט זיך אויף און האַלט זיין קטגור־רעדע, זוכט אויס אַלע עבירות, און בעט „כף הקל“ פאַר דער נשמה. און די נשמה ציטערט און פריהרט פאַר קעלט. שטעלט זיך אויף דער סניגור, דער מליץ יושר, און איז ממליץ אויף איהר, זוכט אויף וואו נור אַ זכות און וואו נור אַ מצוה פאַר דער נשמה, ווערט דער נשמה וואַרם און ליכטיג, גרינגער אויפ׳ן האַרצען. און בית־דין של מעלה, ווי איהר ווייסט דאָך, גיט אַ קאָמאַנדעווע מ׳זאָל נעהמען צופּאַקען, און מ׳נעהמט שיטען אַ מצוה און אַן עבירה, אַ מצוה און אַן עבירה ביז ס׳בלייבען די זעק לעדיג. שאָקעלט מען אויס די זעק און מ׳נעהמט קוקען אויפ׳ן שטאַנג. און אַז די מצוות וועגען איבער, ווערט אַ ששון ושמחה צווישען די ווייסע מלאכים׳לעך, און אַז די עבירות, רחמנא לצלן, וועגען איבער, ווערט אַ ששון ושמחה ביי די שווארצע מחבלים, און דעמאָלט פיהרט מען אָב די נשמות וואוהין זיי ווערען פער׳משפּט. דאָס ווייסט איהר דאָך אַלע.

דאָס איז אַלץ ביי אַ געוועהנליכען מענשען, ניט קיין גאָר גרויסער רשע און ניט קיין גאָר גרויסער צדיק. ס׳קומט אָבער אַזאַ

אָרימאַן, פּונקט יענעם ערב שבת... איז ער זיך זעהר מצער איבער דעם, און טהוט זיך אַ נדר מעהר קיין אָרימאַן ניט ארויסצוטרייבען...

קומט וויעדער אַן אָרימאַן בעטען זיך אויף שבת. לויפט איהם שוין דער גביר ארוים מקבל פּנים זיין, נעהמט איהם אויף בסבר פּנים יפות... טהיילט איהם צו גרוים כבוד... גיט מען איהם עסען פון דאָס בעסטע... ווארט מען שוין און מען האָפּט. קומט עס מוצאי שבת קודש, מאַכט דער גביר הבדלה... הייסט דער פּלונית'טע צוגרייטען די מלוה מלכה און נעהמט זיך מיט'ן גאַנצען בני בית זינגען זמירות. און ווי עס קומט צו „אליהו הנביא", שטעהט אויף דער אורח און זאָגט: „וואָס איהר וועט אָנפאַנגען צום ערשטען צו טהאָן, זאָל אייך מצליח זיין."

ווייס דאָך דער גביר וואָס ער האָט צו טהאָן. דענקט ער זיך, דער גביר, נעהמען צום געלד צעהלען... האָט ער דאָך מורא, אז עס וועט נאָכדעם קיין צייט ניט סטייען משתין צו זיין... מען וועט דאָך ניט טאָרען מפסיק זיין... געהט דער גביר מיט'ן גאַנצען געזינ־דעל פריהער משתין צו זיין...

שטעהען זיי נאָך עד היום...

---

ב.

## דריי עבירות.

...און דאָרט אין הימעל שטעהט די גרויסע וואָגשאָל, אויף וועלכע מ'וועגט די מצוות און די עבירות, און אַלע גלייך, רשעים ווי צדיקים, ווערען געבראַכט דאָרט צום משפּט, און כידוע וויל דאָך יעדער דאָס „גן עדן", סאַי דער רשע סאַי דער צדיק, און בית דין של מעלה זיצט דאָרט אין אַ גרויסען זאאַל און משפּט. און אַ גרויסער זייגער הענגט אויפ'ן וואַנד, אַז ער נעהמט קלינגען, הערט מען איבער'ן גאַנצען הימעל; אַלץ נעהמט ציטערען. די וואָג־שאַלען נעהמען ציטערען און לאָזען ניט וועגען אויף זיך, און דריי

נעהמט מען איהם אריין אין הויז, גיט מען איהם וואסער צום וואשען זיך. דערזעהט מען אז — ויהי אור!... עס ווערט גאָר אַן אנדער ליכט אין שטוב, און אַלעס בעקומט אַן אנדער חן... פער־שטעהט מען דאָך, אז ס'מוז זיין אַן אורח הגון... פאַלט דאָס הארץ ארויס... שטעלט מען זיך מקבל שבת זיין — קלינגט עס מלאכים־געזאַנג... נאָך די „שלום עליכם'ס" געהט מען זיך וואשען... עסט מען... האָט דאָס עסען טעם גן־עדן... פערשטעהט מען דאָך אז ס'מוז זיין דער „גוטער אורח"... האָפט מען און מען וואַרט... וואַרט מען און מען האָפט...

געקומען מוצאי שבת קודש, מאַכט מען הבדלה. דאָס געזעגעניש איז פרעהליך... דאָס הארץ זאָגט אויף גוטס, זעצט מען זיך צו דער מלוה מלכה... און דאָס גאַנצע בני בית הויבט אָן זינגען זמירות. און ווי עס קומט צו „אליהו הנביא", הויבט זיך אויף דער אורח, זיין פנים שיינט, לייכט, כמלאך אלקים און זאָגט: „די ערשטע ארבייט וואָס איהר וועט היינט אָנפאַנגען צו טהאָן, זאָלט איהר מצליח זיין, איהר זאָלט טהאָן און טהאָן"... און כהרף עין ווערט ער נעלם...

פערשטעהט דאָך שוין דער בעל הבית, ווער דאָס איז... קומט ער ביסלעכווייז צו זיך פון שרעק, געהט ער און נעהמט זיך צונויפ־לעגען דעם טלית, לעגט ער און לעגט, לעגט און לעגט אין די מאות אלפים, העלפען שוין ווייב און קינדער אויך... ווערט עס אַ פולער אַלקיר, טראָגט מען ארויס פערקויפען... און מען לעגט ווייטער. ביז מען ווערט רייך...

קלינגט עס איבער דער גאַנצער שטאָדט, ווערט געוואָהר דער ברודער דער רייכער, קומט ער צו לויפען. זעהט ער אַ פאַבריק פון טליתים, אַ הויז ווי אַ שררה... געהט ער אריין אין הויז, דערזעהט ער דעם ברודער, דערקענט ער איהם ניט — אָנגעטהאָן אין בגדי מלכות... דאָס ווייב אַ מלכה... די קינדער בני מלכים. ווערט ער דאָך נבהל ונשתומם. פרעגט ער דעם ברודער: „זאָג מיר אחי היקר, היתכן? פון וואנען איז דאָס אַלץ?"... דערצעהלט ער איהם כך וכך היה... דערמאָנט זיך דער רייכער ברודער אָן דער מעשה מיט'ן

# פאָלקסטימליכע מעשה׳לעך

(אַלאַ פּרץ)

## א.

### מלוה מלכה.

רבותי! איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה נורא מיט א מוסר השכל, ווי איהר וועט בעזרת השם זעהן זעהן פונ׳ם עיקר המעשה.

פערצייטענס זיינען אין א שטעדטעל געווען צוויי ברידער: איינער אַן אָרימאַן, אַן עני ואביון, ליים געקנאָטען, וואסער גע־טראָגען — אבי מפרנס צו זיין ווייב און קינדער... דער צווייטער רייך, א גביר אדיר, געפיהרט געשעפטען מיט׳ן מלכות... אָבער געווען א קארגער, אַן אָרעמאַן א שטיקעל ברויט ניט געגעבען... אויף קהל א פרוטה ניט געשאָנקען און דעם אָרימען ברודער אויפ׳ן שוועל ניט ארויפגעלאָזען...

ויהי היום, קומט אמאָל אַן אָרימאַן, ערב שבת איז דאָס געווען, און בעט ביים רייכען, ער זאָל איהם צונעהמען אויף שבת. טרייבט ער דאָך איהם מן הסתם ארויס דורך אלע טהירען, ווי זיין שטייגער איז געווען... געהט נעבעך דער עני אזוי לאַנג, ביז ער קומט צום אָרימאַן׳ם שטיבעלע און פרעגט: „וועל איך אפשר קענען ביי אייך זיין שבת?“

גיט איהם דער בעל הבית פון שטיבעלע א ברייטען שלום עליכם און ענטפערט: „מיין ליעבער אורח! איך וואָלט געוויס געוואָלט אייך האלטען אויף שבת, אָבער פון קאָרן־מעהל זיינען מיינע שבת־קוילעטשען... וואסער מיט קארטאָפליעם מיינע אכילות אויף שבת... קיין קישעלע צוקאָפּענס — מעהר נישט אביסעלע שטרוי אויף דער הוילער ערד... ווי וועט איהר דאָ זיין?...“

זאָגט דער אָרימער אורח: „וואָס איהר וועט עסען, וועל איך אויך עסען, און ווי איהר וועט שלאָפען, וועל איך אויך שלאָפען.“

— סטייטש, אלע מענשען שטארבען דאך אוים, נור ווייל זיי עסען פלייש ?

— דאך לעבען מענשען ביז 70, 80 יאהר און בהמות און פערד, וואס עסען היי און האבער לעבען קוים אריבער 20 יאהר. — דוד'ל, זיי ניט קיין נאר — מען זאגט נור אז מען איז א וועגעטא־ריאנער, און מען עסט און טרינקט וואס דאס הארץ גלוסט.

— אי, יואל, לאנג לעבען זאלסטו, ווען דו זאלסט ניט זיין קיין „אבר מן החי“, קיין לעבעדיגע זאך, וואלט איך דיך יעצט איינגעשלונגען פאר דער גרויסער עצה.



טרינקען האָב איך אין פילאַדעלפיא ניט געקענט אפילו קיין וואסער, ווייל עס איז אויך פול מיט לעבעדיגע ווערעמ. איך בין געוואָרען אוים מענש און אפילו אוים איד אויך; איך בין הויט און ביינער און א וועגעטאַריאַנער.

שפעטער מיט א יאָהר, ווען איך בין שוין געווען א האלבער סקעלעט, געל און גרין און דאר ווי א גרוגרת דר׳ צדוק, האָט מיך בעזוכט מיין יואל.

— דאָדעק, וואָס איז מיט דיר, ביזטו קראנק?

— ניין, איך בין א וועגעטאַריאַנער.

— וואָס־זשע זעהסטו אזוי שלעכט אוים?

— הערסט, דו פרעגסט עס נאָך; קיין זאך ניט עסען און ניט טרינקען, קען מען נאָך בעסער אויסזעהן?

— פאר וואָס עסטו דען ניט?

— דו אליין האָסט מיך דאָך געמאכט פאר א וועגעטאַריאַנער!

— אוי ביזטו א בהמה! — האָט ער זיך צולאכט — איך האָב דיר דאָך אָבער געזאָגט, אז דאָס איז א אידעע, און ווי קענסטו דען דאָס אויספיהרען אין פראקטישען לעבען? ביז ווי לאַנג דו לעבסט, מוזטו מיט׳ן לעבען און לעבעדיגעס אין בעריהרונג קומען, און אויב דו ווילסט זיך אויסהיטען פון אלעם וואָס לעבט, דאן לאָז דיך פערברענען און צושפרייטען דיין אש אויף שבע ימים. גנעה, זאָגט ער, פאסט אָב, זאָג דיין יענטע זאל דיר אָבקאָכען א ספרינג טשיקען מיט אביסעל זופ און דערקוויק דיין נשמה!

— יואל, סטייטש א טשיקען! ס׳איז דאָך א פגר, א לייכע, א בר־מנן, אפילו ווען מען זאל מעגען עסען איז עס דאָך שעדליך, א בר־מנן ווערט דאָך באלד פערשטונקען.

— שוטה, און פערפוילטע ציבעלעס שטינקען דען ניט און זיינען דען ניט שעדליך?

— אָבער פלייש פערדערבט דאָך דעם מאָגען?

— ביזט א נאר. איין פונט פלייש האָט מעהר נאהרונג פיר דיין בלוט און גאנצען קערפער, אלס צעהן שיסעל קארטאָפעל.

היינט ווי מעג מען געהן אויף א לויה, אָדער תשעה באב אויפ'ן פעלד, טאָמער טרעט מען ארויף אויף א ווערימעל?

און ווי קען מען זיך לאָזען שלאָגען מלקות, טאָמער טרעפט דער שמש מיט'ן רימען אויף א לעבעדיגער פלעה?

און ווי קען מען טרינקען אפילו א גלעזעל ציקאָריע, טאָמער פאלט אריין א פליעג?

ווי קען מען בלאָזען שופר מיט דעם האָרן פון א לעבעדיגען באראן?

ווי קען מען מבער זיין דעם חמץ מיט דער פען פון א לעבעדיגען האָהן און כפרות שלאָגען טאקע מיט'ן האָהן אליין?

און ווי קען מען ווארטען אויף משיח'ן, וואָס ער וועט מוזען רייטען אויף א לעבעדיגען עזעל?

און אז משיח וועט קומען און מען וועט ווייטער מקריב זיין די קרבנות אויפ'ן מזבח, וואָס וועט טהון דער כהן גדול מיט'ן זאָדעק, דער לוי מיט'ן פריידיק און דער ישראל מיט דער קוטניצע?

היינט וואָס טהוט מען מיט די תפילין, מיט די מזוזות און טאקע מיט דער גאנצער תורה, אלעס איז דאָך געשריעצען אויף קעלבערנע פעלכלעך?

און וואָס טהוט מען מיט'ן האָניג צו דער המוציא, וואָס קומט פון לעבעדיגע ביהנען?

און וואָס טהוט מען מיט'ן תשליך? ווי ווארפט מען אזעלכע גרויסע עבירות אין טייך די לעבעדיגע פיש זאָלען זיך דערווארגען?

געוואלד, דער קאָפּ דרעהט זיך מיר, איך ווער אזש פעררוקט, ניט עסען, ניט לעקען, ניט שמעקען, ניט קושען, ניט געהן און ניט שטעהן. ניט רעדען, ניט ניסען, — כאָטש נעהם לעג דיך אנידער און שטארב אין דער גאס, און דאָס ביסעל אידישקייט כאָטש נעהם און פערברען, אז וואו מען גיט זיך א קעהר איז אלעס פערבונדען מיט'ן לעבען און מיט לעבעדיגע וועזען.

אָבער געשוואָרען, איז פערפאלען; איך בין א וועגעטאריאנער און מוז זיין טריי מיין אידעע.

פון הונגער בין איך געוואָרען דאר ווי א שפּאָן, די האָזענע ניסלעך האָבען מיך דאָך ניט געזעטיגט ווי א מילכיגער טייגעכץ,

מען אַ וועגעטאַריאַנער, טאָר מען קיין זאַך ניט עסען וואָס קומט פון לעבען, און מען קיים גראָז. — האָט יואל געזאָגט און איז פֿער־שוואונדען.

איך האָב אַלזאָ געשוואָרען און מוז זיין אַ וועגעטאַריאַנער. עס זאָגט זיך זיין, אָבער דאָ, מיינע פריינדע, האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבען אַ לעבען פון פּלאָגען און הונגערן, פון געוויסענסביסע און פערצווייפלונג, פון פילאָזאָפירען און אַ לעדיגען מאָגען.

אַלזאָ, אַלעס וואָס לעבט און קומט פון לעבען טאָר מען ניט געניסען. נון, און גראָז לעבט דען ניט? שטעהט דען ניט אין דער תורה לא תכרתו כל עץ כי האדם עץ השדה, און אַלע באָטאַני־קער בעהויפּטען דען ניט, אַז יעדעס גרעזעלע לעבט, — ווי־זשע מעג מען עסען רעטיך מיט ציבעלעס?

אַי, וואָס, זיי פּיהלען ניט? און אַן איי פּיהלט דען? אַ שטיקעל שווייצער־קעז פּיהלט דען? און ווען טאַקע ניט נור פּיהלען, נור ווייל עס קומט פון לעבען, ווי טאָר מען טראָגען די וואָלענע זאָקען, וואָס קומען פון אַ לעבעדיגער שעפּס? ווי טאָר מען טראָגען די פּאַנטאָפעל, וואָס איז די הויט פון אַ לעבעדיגער קאַלב, ווי טאָר מען טראָגען דעם טלית־זאַק, וואָס איז פון אַ לעבע־דיגער בן פקועה?

היינט וואָס טהוט מען דאָ אין אַמעריקאַ מיט די בעטען, וואו עס געפינען זיך אַזוי פיעל לעבעדיגע רויטינקע בעשעפּעניסען? זיי לעבען דאָך? אַי, לאָזען זיי לעבען? בייסען זיי דאָך!

און וואָס טהוט מען מיט די קינדערשע קעפּלעך, ווי קען מען זיי צוואָגען און קעמען, מען זאָל חלילה ניט געשטרויכעלט ווערען אין וועה טהון אַ לעבעדיג בעשעפּעניש?

און ווי מעג מען איבערהויפּט דאָס מויל נאָר עפענען צום רעדען? סטייטש, אין דער לופט שוועבען אום פיעל מיליאָנען קליינטשינקע חיה׳לעך וואָס מיט יעדער וואָרט קען מען מיט די צייהן צוקנאַקען אַ פּאָאַר מיליאָן פון זיי?

היינט ווי מעג מען שמעקען טאַבאַק, אַז מיט איין ניס קען מען דערשיסען טויזענדער פון זיי?

— עה, וואָס גלייכסטו ? ! אבר מן החי שניידט מען און עס געהט בלוט, און די בהמה האָט אַ וואונד מיט שמערצען, אָבער אַן אויסטער : אָט איז ער געשלאָפען אין מולטערעל און אָט שלאָפט ער ביי מיר אונטער׳ן לייבצודעקעל (ארבע כנפות).

— הער נאָר, דאָדעק ! — האָט מיין יואל געזאָגט ערנסט — דאָ איז ניט די רעדע פון שניידען, בלוט רינען, שמערצען, עס איז פשוט : אַ ציוויליזירטער מענש דאַרף ניט הנאה האָבען פון קיין זאַך וואָס האָט געלעבט, וואָס לעבט אָדער וועט לעבען, און דאָס איז איינע פון די ערהאבענסטע אידעען, דאָס הייסט וועגעטאַ־ריאַניזמוס.

— אהאַ, אַ ציוויליזירטער מענש בין איך דאָך, אַ בעוויז איך טראָג אַ סטאָוו־פייפ, אַ אידעע זוך איך שוין פון לאַנג, און אָט האָב איך זי דערטאַפּט. — און באלד האָב איך אָבגעלעגט אַ שבועה פאַר מיין יואל׳ן צו ווערען אַ וועגעטאַריאַנער.

אדיע סטייק ! אדיע ספּרינג טשיקען ! אדיע הערינג מיט ראָסעל ! אדיע מארינירטע שלאַיען ! איצט וועל איך מוזען אָבפאַסטען מיט פּראָסטע אייער מיט אַ ביסעל מילך.

— וואָס ? — האָט יואל אַ געשריי געטהאָן — אייער ? ווייסטו דען ניט, אַז אין אַן איי ליעגט אַ גאַנץ היהנדעלע, עס פעהלט נאָר עטליכע טעג ווארימקייט פון דער מוטער. און מילך, ווייסטו דען ניט אַז עס קומט פון אַ לעבעדיגער קוה און דו רויבסט די נאַהרונג פון אַ לעבעדיג קעלבעל.

— יאָ, אָבער די מילך פון אַ קוה, וואָס איז אַן אלמנה, איך מיין אַ בעזודעטעניצע מעג איך שוין ?

— ניין, — זאָגט יואל שטרענג — אַלעס וואָס קומט פון אַ לעבעדיגעס וועזען איז טרפה, שעדליך, נבלה און מען טאָר ניט.

— אָבער וואָס דען עסט מען ? — האָב איך איהם געפרעגט, איהם כאַפּענדיג ביים ארבעל.

— האָסט געגנוג וואָס צו עסען : עפּעל, נים, גרויפּען, לאָקשען...

— אָבער וואָס פאַר אַ טעם האָט גרויפּען אָהן מילך ? לאָקשען אָהן אייער ? — האָב איך איהם געפרעגט מיט שמערץ.

— אַן אידעאַליסט דאַרף אַזעלכע קשיות ניט פרעגען, און איז

# דער ווע־נע־טאַר־יאַ־נאַר

שלימזל בלייבט שלימזל!

ווי דעם עולם איז בעקאַנט האָב איך אין מיין לעבען דורכ־געמאַכט זעהר פיעל גלגולים; איך האָב שוין איבערגעטהאָן אַלע מלאכות, איבערגעהאַנדעלט אַלע מסחרים און תמיד האָט זיך אויס־געלאָזען, אַז איך האָב וועניג הצלחה.

איך האָב מיך גענומען צו אידעען; אַלס מתנגד, האָט מען מיר געזאָגט איך קען צו וועניג לערנען; אַלס חסיד, האָט מען מיר געזאָגט, איך האָב צו וועניג אמונה; אַלס סאָציאַליסט — איך בין צו וועניג פרינציפיעל, און איך בין ענדליך געוואָרען אַ גענאַסע.

יאָ, מילא דאָס איז ערשט אַ פרנסה, אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט אַ מענש אָהן אַ אידעע?

פשוט אַ בהמה!

נו, אָבער צו וועלכע אידעע נעהמט מען זיך? שוין דאַכט זיך אַלעם דורכגעמאַכט, אָבער קליינע אורזאַכען, גרויסע פאָלגען.

איינמאָל אין אַ שעהנעם יום־כפור־טאָג האָב איך דערזעהן ווי אַ רעפאָרמירטער רב זאָגט די תפילה פון אויסטערם.

איך האָב איהם באַלד געוואָלט נאָכזאָגען. כאַפּט מיך מיין יואל באַלד אָן פאַר דער האַנד און גלאָצט אויס אויף מיר אַ פּאָר אויגען.

— דוד׳ל, גאָט איז מיט דיר, סטייטש אויסטערם!

— נו, וואָס איז דען?

— אויסטערם לעבען.

— נו, אַז זיי לעבען, אבי זיי לאָזען זיך עסען.

— סטייטש, אבר מן החי!

דאָ האָט מיר שוין טאַקע געגעבען אַ טיאַך. אבר מן החי, דאָס האָב איך מיר נאָך פאַרגעשטעלט שרעקליך אַלס אינגעל אין חדר. עפּעס אויסשניידען אַ שטיק פלייש פון אַ לעבעדיגע זאַך און עסען, — דאָס איז עפּעס מעשה רוצח. אָבער באַלד האָב איך מיך פער־כאַפּט און געזאָגט צו מיין יואל:

— מיר זאָלען שוין זיין איבער־א־יאָהר אין דזשערוזאַלים.
— וואַט נאט ראיט־עווי ?
— וואָרום עפּעס באלד, אזוי בענקסטו נאָך... ירושלים ?
— טו ליעוו אָם עלאָן.
— ווען איך ?
— מי וויטה דהי קאָזין.
חיים יאנקעל האָט געטהאָן א פאל אויפ'ן הסיבה־בעט אין חלשות, ציפּע האָט איהם געמינטערט, דער קאָזין האָט שוין אוועק־געלעגט זיין רוסישען בוך מיט די הגדה וואָס איז געלעגען פון אויבען, ערשט דאן האָט זיך קיידי אויך אויפגעהויבען פון איהר טשער און האָט זיך געוואונדערט וואָס איהר פּא האָט פּלוצלינג גע'חלש'ט און זי וויים ביז היינט ניט, אז דאָס איז געווען פון איהר הגדה.

— וואַט פאָר?
— צו שפּאַלטען דעם ים.
— וואַי?
— זיי זאָלען קענען אריבערגעהן.
— הו?
— די אידען.
— וואַער?
— איבער'ן ים.
— וואַי דידנט דהיי טייק דהי פעררי?
— עס איז דאָך געווען מיט דריי־טויזענד יאהר צוריק.
— איז דהאַט סאָ?
— און די אידען זיינען אריבער דעם ים און געזונגען שירה און געגעסען דעם מן און געמאַכט דעם עגל, און געבויט דעם משכן, דערנאָך דעם בית־המקדש אין ארץ ישראל... נו, טאָכטער, איז דאָס ניט א שעהנע סטאָרי?
— וואַט סטאָרי?
— מיט די אידען.
— וואַט וואָז דהי מעטער וואַיט דעם?
— האָסט דאָך געהערט, ווי זיי זיינען ארויס פון מצרים.
— ווערי נייס אינדיד.
— וואָס ווערי נייס? האָסט דען געהערט איין וואָרט?
— סוירטענלי, וויטה דהי דזשוס.
— נון, וואָס איז געווען מיט זיי?
— דהעי ווענט אָוער דהי וואָטער.
— וואַוהין?
— טו דזשוירזי סיטי.
— אָה, געהן זאָלסטו שוין, מיין טאָכטער...
— אָה, אַי נאָו, טו בראָנזוויל.
מיט א שרעקליכען כעס האָט ער א וואָרף געטהאָן איהר געזיכט פון זיינע הענד און פערצווייפעלט האָט ער א געשריי געטאָן „לשנה הבאה בירושלים".
— וואַט עגיין, פאַ?

מיט א פעסטען דרוק האט דער פאטער ווידער א קעהר געטהאן איהר פנים צו זיך און האט אנגעהויבען שנעל פארטצוזעצען די מכות מיט'ן גאנצען ספור, אבי וואס שנעלער איבערצוקומען.

— דם, צפרדע, כנים... מכת בכורות, האט גאט שוין ווייך געמאכט די הארץ פון פרעה, האט ער ארויסגעלאזט די אידען. און זיי האבען אפילו קיין צייט ניט געהאט איינצווייערען זייער ברויט, האבען זיי געבאקען מצות אויף דער זון...

— האו מעני, פאפ?

— וואס האו מעני?

— דאנט יו קאונט די מכות?

— מכות די שונאי ישראל, מיין טאכטער, — האט ער געזאגט מיט א זיפץ און האט פארטגעזעצט די הגדה, און זי האט איהם אנגעקוקט מיט א שטארען בליק — דו הערסט דאך, זיינען די אידען געקומען צום ים, האט משה געשפאלטען דעם ים.

— ווהאט פאר?

— די אידען זאלען אריבערגעהן טרוקען און דער ים איז צוריק פערגאסען געווארען ווען די מצריים זיינען נאכגעלאפען די אידען און זיינען אלע דערטרונקען געווארען...

— ווהאי?

— זיי זאלען ניט שלאגען די אידען.

— הו?

— די מצריים.

— הו אר דיעז דזשענטעלמען?

— די אידישע שונאים.

— ווהער וואז איט?

— דארטען פאר'ן מדבר.

— איז דהאט פענסילווייניא סטייט?

— ניין! רבונו של עולם! הערסטו ניט, אז איך דערצעהל דיר ווי די אידען זיינען אריבער טרוקען איבער'ן וואסער.

— אה! אי סי, יו מין טו בראנזוויל.

— וואס בראנזוויל! אין ים־סוף, האט משה גענומען דעם שטעקען...

פּנים צו זיך — הער אויס: אַמאָל זיינען די אידען געווען אין מצרים, און זיי האָבען געאַרבייט עבודת פּרך, געקנעטען ליים, געמאַכט ציעגעל, און געבויט פּתום און רעמסס...

— האַו מאַטש? — האָט זי אַ פרעג געטהאָן, קוקענדיג מיט שטאַרע אויגען אויפ'ן פאַטער, און ניט הערענדיג איין וואָרט וואָס ער האָט איהר דאָרט דערצעהלט.

— וואָס, האַו מאַטש, דו הערסט דאָך, פיער־הונדערט יאהר האָבען די אידען געאַרבייט אין גלות, האָבען געשריען צו גאָט און גאָט האָט דערהערט זייער קול און געשיקט זיין שליח משה...

— מאָזעס! איז דהאַט דהי ניים אָף דהי קאָזין?

— קיידעלע, ווער מיר קאָזין, הער מיך אויס, איך דערצעהל דאָך דיר פון די אידען, די אידען זיינען געווען אין גלות, האָט גאָט געשיקט משה'ן, האָט ער געשלאָגען די מצריים מיט צעהן מכות...

— הו? — האָט זי אריינגעוואָרפען דעם פאָטער אַ פראגע, אבי יוצא צו זיין.

— אי, צוהוקט זאָלסטו ווערען, מיין טאָכטער, ווי דו הערסט איין וואָרט ניט, וואָס איך זאָג דיר. — און ער האָט אָנגעהויבען שרייען מיט פערדרוס, ווי איינער וויל אָבמינטערען אַ טויטען — האָט גאָט געשלאָגען די מצריים מיט צעהן מכות, מיט צוויי־הונדערט און פופציג מכות, מיט טויזענד מכות.

— וואַט איז דהי טראָבעל, פּאַ? — האָט קיידי אַ פרעג געטהאָן אביסעל איבעררַאשט, קומענדיג צו זיך.

— דו הערסט דאָך די טראָבעל, גאָט האָט געגעבען די מצריים צעהן מכות: דם, צפרדע, כנים...

— הו אַר דהי דזשענטעלמען? —

— וועלכע דזשענטעלמען, דאָס צעהל איך דאָך די צעהן מכות.

— וואַט איז מכות?

— מכות איז צרות אויף אַלע שלעכטע מענשען, וואָס קעהרען ניט פאַר גאָט'ס געבאָט. הער־זשע: צעהן מכות...

— יו קען קאַונט אוט, אַי וויל בעליוו יו, פּאַ! — האָט זי איהם געזאָגט מיט אַ פערוויירטען בליק און געווענדעט איהרע אויגען צום קאָזין.

— וואָס הייסט, זיינען מיר ניט קיין אידען? — פלעגסטו ניט פרעגען די פיער קשיות אלע פסח?

— באַט דהיס טאים אי העוו אָנלי וואָן קוועסטשאַן: וּוהאַי דהי קאַזין קיפּס היז אייז אין דהי בוק?

— אָה, גאַטעניו! וואָס איז מיט דיר געוואָרען, איך מיין די פיער קשיות וועגען די אידען.

— אָה, סאָ! דאַט איז אָלל־ראַיט. — און האָט ווייטער געהאַלטען די אויגען אויפ'ן קאַזין.

— וואָס „אָללראַיטעסטו" מיר דאָרט, פרעג די קשיות. — האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

קיידי האָט זיך האַלב דערשראָקען געווענדעט צו איהם:

— דו יו וואַנט סאַמטהינג, פּאַ?

— איך וויל דו זאָלסט הערען די סטאָרי מיט די אידען אין מצרים.

— אי נאָו, דהאַט איז איי נייס סטאָרי. — האָט זי געענט־פערט, און קוקט ווייטער אויפ'ן קאַזין.

— וואָס איז אַ נייס סטאָרי?

— יו מין דהי סטאָרי דהאַט די קאַזין ריעדס...

נעערגערט ביז אין טויט, האָט חיים יאַנקעל איינפּאַך אָנגענו־מען מיט זיין רעכטער האַנד קיידי'ן ביים מאָרדעלע, צוגעדרעהט איהר פּנים צו זיך און האָט אָנגעהויבען נערוועז, אָבער מיט אַ פריינדליכען טאָן, איהר צו דערצעהלען די געשיכטע פון דער הגדה, אום זי צו פּעראינטערעסירען.

— הער אויס, קיידי, דו האָסט דאָך ליעב אַ ראָמאַן, היינט איז דער יום־טוב, ווען אידען דאַרפען דערצעהלען די געשיכטע זייערע פון מצרים, און ווי זיי זיינען מיט דריי־טויזענד יאהר צוריק פון דאָרט בעפרייט געוואָרען.

— טהרי טאַוזענד יאירס, דהאַט איז טו לאָנג עגאָ, ווהאַט דו אי קער. — און האָט ווייטער אַ וואָרף געטהאָן איהרע אויגען אויפ'ן קאַזין.

— אבער, קיידעלע, ליסען! — האָט ער שוין געזאָגט כמעט מיט טרערען אין די אויגען, און מיט ביידע הענד צוגעדרעהט איהר

מאַמעס רעליגיעזע אַנזיכטען וועניג געקימערט און געלעבט אין איהר אייגען וועלטעל, און יעצט געפינענדיג אין איהר אייגענער היים אַזאַ קאָזין מיט אַ בוך אין האַנד, האָט ער זי אַזוי געפּאַנגען, אַז זי איז פערטיעפט געוואָרען מיט איהר גאַנצען וועזען אין דעם קאָזין, און האָט גאָר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט ווי די מאַמע האָט געמאַכט די הסיבה־בעט, און ווי דער טאַטע ריכט צו דעם סדר, און גראַדע נאָך דעם נוסח פון דעם האריʼ ז״ל אַז אַלע דראָביאַזגעס זאָלען אויסקומען געגען די עשר ספירות, ווייל ער איז געוועזן אַ ליבאָוויצער חסיד פון צו הויז. זי האָט ניט אַראָבגענומען די אויגען פון קאָזין.

חיים יאַנקלען האָט עס געקרענקט, ווייל ער האָט געהאַט אַ בעגריף פון ליעבע, ווי פון אַלע אַנדערע עבירות, איבערהויפּט זיין בת־יחידה איז בלויז 16 יאָהר אַלט, דערצו נאָך אַ סטודענט און אויך ניט קיין פרומער... דיזע געדאַנקען האָבען איהם געמאַכט נערוועז און האָבען איהם אַביסעל צושטערט זיין יום־טובʼדיגען הומאָר.

מען האָט זיך געזעצט אַרום טיש: אויבענאָן חיים יאַנקעל, לאָזענדיג אַ פּלאַץ צו זיין רעכטע האַנד פאַר ציפּעʼן; רעכטס, ביי דער זייט, דער קאָזין און לינקס — קיידי, אַזוי אַז ניט נור האָט קיידי געקענט דעם קאָזין קוקען שטענדיג אין די אויגען, נור אפילו די פיס אונטערʼן טיש האָבען זיך אָפּט אונגערן פערטשעפּעט.

דער מלך האָט געמאַכט דעם ברייטען קידוש, אָבער אַנשטאַט צו קוקען אין דעם זילבערנעם בעכער מיט רויטען וויין האָט ער ניט אַראָבגעלאָזט די אויגען פון קאָזין, וועלכער האָט ניט אַרויסגענומען די אויגען פון רוסישען בוך.

— בשמחה ובששון הנחלתנו. — האָט ער געשריען אויף אַ הויכען טאָן, צוצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון קיידיʼן, אָבער קיידי עקזיסטירט יעצט נור פאַרʼן קאָזין.

— אַ ביטערער עסק. — טראַכט זיך חיים יאַנקעל — מען מוז זי דאָך פעראינטערעסירען מיט ספּור פון יציאת מצרים, לויט דעם דין פון שלחן ערוך.

— נון, קיידי, פרעג די פיער קשיות.

— פאָר קוועסטשיאָנס, וואָס?

# קיידי׳ס הגדה

חיים יאנקעל דער חזן איז געקומען פון שוהל די ערשטע נאכט פסח זעהר אויפגעלעגט, און געפונען אלעס ציכטיג, פייערליך, און זיין ווייב ציפע און זיין בת־יחידה קיידי אויסגעפוצט יום־טוב׳דיג.

— וואָס מאכסטו ניט די הסיבה־בעט? — פרעגט ער ציפע׳ן.

— וואָס מיינט פא? — פרעגט קיידי נאאיוו.

— היינט עסט מען ניט אין קיטשען. — ענטפערט איהר די מוטער — און מיר וועלען צוריכטען אין פארלאָר די העסעבעט.

— אָה, אי נאָו וואי. — האָט קיידי געזאָגט האלב כיטרע און האלב שעמעדיג — ביקאָז... דהי קאָזין. — און האָט אראָב־געלאָזט די אויגען.

דער פאטער האָט געגעבען אויף איהר א בייזען בליק און איז אריין אין פארלאָר.

קיידי איז געווען ערצויגען ביי איהר גרויסמוטער אין א קאָנטרי אין אינדיאנא סטייט, און קומענדיג אהיים אויף „איסטער האָלידיים“ איז זי איבערראשט געוואָרען מיט דעם גרינעם קאָזין, וואָס זי האָט געפונען צו הויז.

דער קאָזין איז שוין דאָ פון אייניגע מאָנאטען. ער איז צו הויז געווען א סטודענט און דאָ איז ער געוואָרען א קעפמייקער, נור די געקרייזעלטע האָאר אויפ׳ן קאָפּ מיט די קורצזיכטיגע ברילען אויף דער נאָז, מיט א רוסישען בוך שטענדיג אין דער•האנד, דאָס האָט איהם געמאכט אין קיידי׳ס אויגען פאר עטוואָס וואונדער־בארעס, פאר עטוואָס העכערעס אלס איהרע העלדען, וואָס זי האָט זיך געמאָלען אין דער פאנטאזיע.

און פאנטאזיע האָט זי געהאט א „האָל לאט“. א געבאָרענע אמעריקאנער מיידעל, ערצויגען אלס געצערטעלטע בת יחידה און דורכלעזענדיג א פופצעהן־הונדערט ראָמאנען, זייט זי האָט געענ־דיגט פּאָבליק סקול, האָט זי געלעבט מעהר אין דער פאנטאזיע ווי אין דער ווירקליכקייט, און זי האָט זיך וועגען איהר טאטענס און

## יב.

## די לבנה.

... און אַמאָל איז ער גאָר אַרויס זייגער צוועלף בייטאָג אויפ׳ן בריק, און שטעלט זיך דאָרט אַוועק. מילא, שטעהט דאָך שוין די גאַנצע שטאָדט אויפ׳ן בריק און קוקט... זעהט מען, ווי ער הויבט אויף די אויגען צום הימעל און זאָגט: „לבנה, איך בין גוזר אויף דיר, אַז דו זאָלסט זיך בעווייזען!“ בעווייזט זי זיך דאָך ניט. ווערט ער גאָר ניט נתפעל און זאָגט נאָך אַמאָל: „לבנה, איך ריהר מיך ניט פונ׳ם אָרט, ביז דו בעווייזט זיך!“ און וואָס מיינט איהר? געשטאַנען איז ער ביז צוועלף ביינאַכט, נישט געריהרט זיך פונ׳ם אָרט — און די לבנה האָט זיך פאָרט בעוויזען...



אז איהם האָט זיך קיינמאָל ניט געטראָפען, אז ער זאָל חלילה די לבנה ניט מקדש זיין....

מ'האָט די נאַכט מאריך געווען ביי מעריב: ער איז דעמאָלט זעהר שפּעט אריינגעקומען. און דער מעריב איז אויך ניכר געווען, אז ס'איז ניט קיין פּראָסטער „והוא רחום". מען איז ארויס — רעגען וועטער... נעהמט ער זאָגען הללויה'ס, דער גאנצער עולם נאָך. אָבגעזאָגט, — און קיין לבנה איז נאָך אלץ ניטאָ. פארגלעזעלט ער די אויגען, קלאפּט איין האנד אין די אנדערע, מיחד יחודים און זאָגט זעהר שטיל (אפשר האָט געהערט איינער, וואָס איז געשטאנען נעבען איהם, און אפשר ניט) — „לבנה, בעוויז דיך!" מילא, נעהמט גאָר רעגענען... אויף אלעמען פאלט א מרה שחורה, רחמנא יצילנו. פערגעהט ער אין גרעסערע העויות און כונות ווי ער האָט געקענט אין א צייט אזא. קיינער ריהרט זיך ניט פונ'ם אָרט... מיט אמאָל הערט מען נאָך אמאָל זיין קול, און שוין טאקע אז אלע האָבען געהערט: „לבנה, בעוויז דיך!" און ס'נעהמט שטארקער רעגענען. זעהט מען שוין, אז ער ווערט שוין שטארק פערזאָרגט, און פערגעהט אין שטייגער, העויות, כונות און יחודים. מען האָט פראָסט געזעהן אז ער געהט גאָר, גאָר הויך, ווייט... און פשוט כמעט נפשו יצאה. מ'האָט בחוש געזעהן ווי ער האָט צו טהאָן מיט זיי דאָרט, אין דער הויך!... און אָט, גורט ער שוין אָן די גאנצע כחות געגען דער טומאה ר"ל און וויל שוין זאָגען א דריטען מאָל, נאָך ווייטער געהן — געהט צו דער גבאי און זאָגט: הייליגער רבי, דאָס האָט מען דאָך א קימא לן — אז איהר וועט זאָגען א דריטען מאָל מוז זיך דאָך די לבנה בעווייזען, נו, וועט מען דאָך אייך נאָך מאכען פאר אן אלוקה!... נו, האָט ער געזאָגט, גערעכט! אריכות ימים זאָלסטו דערפאַר האָבען. „עת לעשות לה'," און טאקע א געשריי געטהאָן אויפ'ן דריטען מאָל אין דער הויך, ווי ער האָט געקענט, ושאגה לו כלביא: „לבנה, בעווייז דיך ניט!"

און ווי מיינט איהר, האָט זי זיך בעוויעזען?...

א געוואלד... קריגט ער אַלע מראות אין פּנים און ווערט אויפגע־קאָכט, שרייט: „געווען אינוועניג! געזאָגט וואָס אונטער׳ן ספּאָ־דעק!...“ ווייסט מען דאָך שוין מיט וואָס דאָס שמעקט... וויל מען איהם אָבהאַלטען. נאָר האַלט איהם, ס׳איז דאָך פייער! לויפט ער ארויס, און נתן בו עיניו, נאָר איין קוק געגעבען אויף איהם, און מאכט פון איהם א גל של עצמות... פון דעמאָלט אָן האָבען אַלע מורא געהאט פאר דעם חדר. און קיינעם האָט ער ניט מגלה געווען, וואָס דאָרט איז.

און באותו היום הייסט ע ר, ז״ל, דעם משמש נעהמען זיין שטעקען, אריינגעהן אינ׳ם חדר און קלאַפּען אין ספּאָדעק. מילא, אז ער הייסט, געהט מען. מ׳האָט אמונה, אז מ׳קען אריינגעהן. און אַלע שטעהען, מויל און אויערען, האָר און נעגעל, ווילען טאקע וויסען וואָס ס׳וועט זיין, וואָס דאָרט איז דאָ... מילא, ער איז אריין, א שטיבעל, א טישעל, א בענקעל, א ספּאָדעק... ער האָט געגעבען איין קלאַפּ, דעם צווייטען, א דריטען — און ס׳האָט זיך גענומען ציהען א ווײַדעל, האָט זיך געצויגען און געצויגען, און מ׳האָט אַלץ געשניטען און געשניטען, אריינגערופען אנדערע און אַלע האָבען כסדר געשניטען, ביז ס׳איז געווען פיש פאר׳ן גאַנצען שטעדטעל.

און דעמאָלט האָט מען געוואוסט, וואָס אונטער׳ן ספּאָדעק איז געווען...

---

## יא.

## קידוש לבנה.

... און ס׳איז שוין געווען דער פיערצעהנטער מעת־לעת, סוף זמן קידוש לבנה, און די רעגענס האָבען אַלץ ניט אויפגעהערט, און קיין לבנה איז אַלץ ניט געווען. מילא, קומט זיך די גאַנצע שטאָדט צוזאמען צו א י ה ם אין בית המדרש׳ל. מ׳וועט מיט א י ה ם צוזאמען מקדש לבנה זיין. דאָס איז דאָך ידוע געווען,

יעדער קען צוקומען דערצו. דאָס גאַנצע שטעטעל איז גרויס ווי „טל ומטר“ אין א קליין סדור׳ל. קצבים, שוחטים — עניים ואביונים. אויף א ראש השנה האָט מען שוין פערזעצט וואָס מ׳האָט געקריגען, און געשאָכטען א בהמה דאָרט, און א שעפּסעל דאָ. היינט ווער זאָל נעהמען דאָס קעפּעל אז ניִשט דער „אַלטער“? — און דאָ קומען חסידים פון אַלע זייטען, מילא, כאָטש א „ראש דג“ — און ס׳איז ניטאָ. געהט מען אריבער דאָרט אין הויף צו א י ה ם, און מ׳ווערט געוואָהר, אז ס׳איז דאָרט אויך ניטאָ. נו, ווערט רוהיגער אויפ׳ן הארצען, וואָרום די גאַנצע וועלט ווערט דאָך געשפּייזט אין ח נ י נ א ׳ ס זכות, און פאַר ח נ י נ א ׳ ן וועט קיינמאָל ניט פעהלען... געהט זיך יעדער אוועק מכין זיין זיך לכבוד יום־טוב. א קליינינקייט ראש השנה, א פיש אין וואסער ציטערט דאָך....

ס׳איז שוין צוועלף א זייגער און קיין פיש איז נאָך ניטאָ. און ס׳איז איינס און האלב צוויי און ס׳איז שוין גאָר צוויי — און קיין פיש איז נאָך אַלץ ניטאָ. נעהמען שוין דאָס ביסעל מתנגדים מהרהר אחרי מדותיו זיין — איהר קענט זיי: אייביג דארפען זיי דאָך נאָר נסים... הכלל, ס׳איז געוועזן דריי — און א נס איז געשעהן, און הערט א מעשה:

ביי א י ה ם ז״ל איז געוועזן א קליינער חדר ד׳ על ד׳. דאָרט האָט קיינער ניט געטאָרט אריינקומען. אַלטע חסידים האָבען געזאָגט, אז דאָס האָט געהאט עפּעס א שייכות מיט׳ן קדשי הקדשים של מעלה. און פון דאָס איז דאָך ידוע געוועזן, אז ע ר איז געוועזן בבחינת כהן גדול. חסידים דערצעהלען, אמאָל איז א משמש ביי איהם געוועזן. מענדעל משמש, איהר האָט דאָך פון איהם געוויס געהערט? איז איהם בעשערט געוועזן קיצור ימים, געהט ער, שפּאַרט זיך איין: ער מוז דוקא דאָרט אריינגעהן, און קומט ארויס, זאָגט, אז דאָרט האָט ער געזעהן א שטוהל, א טישעל, און איבער׳ן טישעל א ספּאָדעק. ולא הספיק לומר, דאַנזשעט נישט צו זאָגען, וואָס אונטער׳ן ספּאָדעק איז דאָ, ביז, רחמנא יצילנו, דאָס לשון איז איהם אָבגענומען געוואָרען... לויפט מען דאָך אריין צום א ל ט ע ן מיט

מ'קען גדולים זיין אָהן תורה... רוב גדולים זיינען אזוי... מיר'ן זיין אזוי ווי די מלאכים..."

און באַלד האָט זיך אַ כמאַרע פערשפרייט אויף זיין פּנים... אוועק די שמחה, דאָס ליכט אויסגעלאָשען... און אַ מרה־שחורה... אַ שרעקליכער צער... דער קאָפּ לאָזט זיך אראָב, די אויגען קוקען שטאַר, און ס'איז שטיל אַ מינוט... און זיך שוין קוים אויפגעהויבען און מיט אַ קול פון שרעקליכע יסורים און צער אויסגעשריען:

„ס'געהט נישט! מ'לאָזט נישט צו. ער איז שטאַרקער, מ'העלפט איהם אליין צו!..."

און אוועקגעפאַלען אָהן אַ רוח חיים...

און פינסטער איז אין די אויגען געוואָרען... די הערצער זיינען פערשטאָפּט געוואָרען... די ליכט פערלאָשען געוואָרען... פינסטער אויפ'ן הימעל... און דער ס"ם שטעהט און פייפט זיך צו מיט שפּאָט — ער האָט מנצח געווען... די וועלט איז פער'יתום'ט געוואָרען... און מיר האָבען פערשטאַנען, אז מיר אליין זיינען שולדיג. און אַ געוויין, אַ יללה...

און פון דעמאָלט אָן געהען מיר ארום יתומים...

---

## י.

## די פיש.

דאָס גאַנצע שטעדטעל איז שרוי בצער: אַ קלייניגקייט, ערב ראש השנה וואָס געפאַלט אום שבת — און קיין פיש איז נישטאָ! פּשוט מ'האָט געמיינט, משיח'ס צייטען. איהר ווייסט, משיח קומט דאָך נישט, סיידען מען וועט זוכען אַ שטיקעל פיש אויף אַ רפואה און מ'וועט נישט קריגען... מי יודע, ס'אַרט יאָהר אויף „שונאי ישראל" ס'וועט שוין חלילה זיין, האָבען שוין אַ סך געזאָגט. און ריכטיג, אַ „ראש כבש" איז דאָך „לא כל אדם זוכה לכך", נישט

איהם טהוט זיך, און מ'ווייסט, אז קיין בן אדם חוץ איהם איז נישטא... שטעלען זיך אויף האר און נעגעל.

און ביי נאכט ביים תקון האט ער די טהירען געעפענט און מיט גרויס שמחה און התלהבות אויסגעשריען: „גוט יום-טוב!" און האט גענומען געהן א רקידה'לע. די ליכטיגע אויגען האבען געשטראהלט און מ'האט געזעהן, אז בשורות טובות האט ער פאר דער וועלט... מילא, האבען אלע חיות ארייננגעקריגען אין זיך. אלע ליכטלעך האבען זיך ביים נר תמיד אנגעצונדען און ס'איז געווארען איין פלאם און באלד האט געטאנצט א גאנצער ראד, ורגליהם רגל ישרה, טאקע געטאנצט ווי מ'טאנצט דארט... און א שמחה וואס די וועלט האט נאך די צווייטע נישט געזעהן...

און בייטאג דער אקדמות — פלאי פלאים. קולות וברקים ממש...

און ביינאכט דוד המלך'ס יאהרצייט, ליכט אנגעצונדען אין יעדען ווינקעלע... און ער נעהמט זאגען תורה, גאר נישט אין דער צייט. מילא, ווייסט איהר דאך ווי מ'האט געשלונגען זיינע ווערטער. און זאגט ווענען דעם ענין פון בועז'ן „ויחרד האיש וילפת" און זאגט בזה הלשון: „ער איז געוועזן א שלימזל'ניק, ער האט נישט געדארפט ציטערען... און אז לילית, טא וואס איז? גוטע אידען גיבען זיך אן עצה... און מיר — האט ער אויסגעשריען — וואלטען פאר איהר נישט ציטערען; מיר האבען שוין היינט קיין מורא נישט פאר קיינעם..."

ווערען אלע אויסער זיך...

און ער זאגט ווייטער: „מיר זיינען היינט אין א גרעסערער מדרגה ווי דוד מלך ישראל כי כלב חי טוב מן הארי המת: ער מוז היינט פאלגען אלץ וואס מיר הייסען..."

ווייסט מען שוין אז דא געהט די גאולה... נאר דער פראסטער עולם קען שוין נישט עומד בנסיון זיין, זיי ציטערען שוין...

און זיין פנים שטראהלט. און ער קוקט זיך אום און הויבט אויף די אויגען צום הימעל און שרייט אויס: „און כולו זכאי מוז זיין! זאל דער שר התורה אליין אראבקומען און מאכען פון אלע עבירות מצוות און אן עק... מ'קען מעהר שוין ניש' ווארטען... ניין!

מלחמה, די עליונים מיט די תחתונים, וואָרים אַלע האָבען איהם ביי זיך געוואָלט האָבען. מילא, די וועלט איז נישט ווערטה געווען צו האָבען אַזאַ ליכט, האָבען די עונות גורם געווען און די עליונים האָבען די תחתונים מנצח געווען...

און פּלוצלונג איז׳ס געשעהן... מ׳האָט געמיינט, אַז אָט, אָט קומט די גאולה — (דאָס איז דאָך קיין סוד ניט געווען, אַלע האָבען געוואוסט, אַז ער האָט געהאַט נשמת משיח) און... די וועלט איז גאָר פער׳יתום׳ט געוואָרען... מילא, דער ענין פון זיין פּלוצלונג׳דיגע פּטירה איז נאָך נישט קלאָהר. עד היום איז חלוקי דעות צווישען גרויסע חסידים: טהייל זאָגען אַז ער האָט זיך איינגעשפּארט מיט׳ן שר של יון, אַ מסירת נפש פאַר׳ן כלל ישראל... אַ קאַטאַוועס, וויפיעל גזרות רעות דעמאָלט זיינען געווען!... און מ׳האָט אַנדערש נישט געקענט צורייסען זיי... והראיה: אַז באַלד טאַקע נאָך זיין פּטירה האָט מען אויפגעהערט שערען בערד און פער׳חתמ׳ענען מקואות... און טהייל זאָגען גאָר, אַז ער האָט זיך איינגעשפּארט: ער מוז אראָבברענגען דעם שר התורה און אַז מ׳האָט נישט צוגע־לאָזען איז... און אַ סברא, אַז ס׳איז ביידע אמת. שפּיעלט זיך מיט איהם!....

נאָר דער שבועות אין גאַנצען איז געווען חוץ לדרך הטבע. זיינע תורות זיינען דעמאָלט געווען אַזוי טיעף אַז פּשוט קיין בן אדם האָט קיין וואָרט ניט געקענט פערשטעהען... אַ גוואַלד... און די וואָס האָבען די ריכטיגע אמונה נישט געהאַט, האָבען געקענט נכשל ווערען און מיינען חלילה מי יודע וואָס... און די התנהגות...

ס׳איז דאָך ידוע אַז נאָך דער מעשה פון ל״ג בעומר האָט ער צוטריבען דעם גאַנצען עולם. איז דאָך די גאַנצע וועלט אַרומגע־גאַנגען ווי יתומים. נו, קען מען זיין יתומים, ווען מ׳ווייסט, אַז דער טאַטע לעבט? איז מען טאַקע נאָך מעהר געפאָהרען און אויף שבועות איז געווען אַ רבוא אידען... און אַז ער עפענט נישט די טהירען, שטעהט מען הינטער די טהירען און מ׳הערט זיך צו צו יעדען שטילען גערויש און דאָס האַרץ קלאַפּט, די נשמה געהט אויס נאָך זיינס אַ בליק... און ציטערענדיג הערט מען, ווי דאָרט ביי

זיך אומגעקוקט אויפ'ן עולם און מיט התלהבות געזאָגט צום שמש: „יעקעל, געה ברענג נאָר אריין די כלים, מ'טאָר ניט פערשפּעטי־גען..." ווערען אַלע נבהל ונשתומם... מ'ווייסט, אַז ער געהט אויף אַ מלחמה מיט'ן ס"ם הרשע און די קליפּות ר"ל און אַט, אַט איז די גאולה. און מ'טאָר נישט ריידען...

און ער הויבט אויף זיינע ליכטיגע אויגען און פרעגט: „געהען מיר?"

שרייען אַלע אויס מיט שמחה: „מיר'ן געהן, מיר'ן געהן!..." אַ צורה ביי זיי האָט געהאַט מסירת נפש פאַר כלל ישראל!... און באַלד האָט זיך יעקעל געוויזען אין טהיר מיט ווייסע זשופּיצעס און שופרות פאַר'ן גאַנצען עולם, און אַלע האָבען אָנגעטהאָן מיט שמחה און מסירת נפש גענומען געהן, ער פריהער און אַלע נאָך....

און אַזוי געהט אַ שורה שטריימלעך מיט ווייסע זשופּיצעס, און אַלע געהען שטיל, מ'האָט מורא דער ס"ם זאָל חלילה ניט דער־שנאַפּען... און מ'פיהלט אַז מען וועט זעהן גדולות... און מ'געהט, און מ'געהט...

נאָר ידער דור האָט נישט זוכה געווען... ס'האָט נישט אויס־געהאַלטען... דער ס"ם האָט דערשנאַפּט און ווייטער מקלקל געווען, און אַלץ איבער אַ ליטוואַק, וואָס האָט די מחשבה נישט געקענט אין זיך האַלטען און פאַר זיך נאָר איבערגערעדט, פון די ליפּען אַרויסגעזאָגט...

און די קליפּות אין דמות פון פּאָליציע זיינען זיך אָנגעלאָפען, מבלבל געווען, בערד און פּאות געשוירען, תפוס געזעצט...

און ער איז מרה־שחורה'דיג געוואָרען, דעם עולם צוטריבען און טאַקע דאָס יאָהר נסתלק געוואָרען...

---

ט.

## שבועות פון זיין פּטירה.

... און דאָס איז דאָך ידוע, שבועות איז ער נפטר געוואָרען, נאָר פאַר דער פּטירה האָבען זיך געטהאָן מעשים. אַ שרעקליכע

דאָס איז מכח נסתר, ער איז דאָך אָבער געווען אַ גדול אין נגלה אויך (ער האָט אפילו ניט געהאַלטען פון דעם, ער איז מיט אַן אַנדער דרך געגאַנגען: מאַכען פון נגלה נסתר)... נו, איז דאָך ווי־ערער רבי עקיבא מיט די פיער־און־צוואַנציג טויזענד תלמידים... און פלעגט טאַקע זאָגען ווענען זיי פלאי פלאים, אַז ס'איז געווען האָר און נענעל, מויל און אויערען...

און איג'ם לעצטען ל"ג בעומר האָט ער כדרכו גענומען זאָגען תורה און מגלה געווען אַז רבי עקיבא'ס פיער־און־צוואַנציג טויזענד תלמידים זיינען געווען גלגול ארבעה ועשרים אלף איש, וואָס זיינען אויסגעשטאָרבען בעצת בלעם הרשע און זיי זיינען נאָר געווען צדיקים גמורים, זיי זיינען נאָר געגאַנגען מיט אַן אַנדער דרך, זיי האָבען געמיינט לשם שמים. די נצוצי קדושה, די הייליגע פונקען וואָס זיינען לבין הקליפות אריינגעפאַלען ארויסצוגעהמען פון די „בנות מואב" מקרב הגאולה זיין, די וועלט זאָל אויפהערען בלאָנדזשען אין דער מדבר... אין בן דוד בא, משיח קומט'ך נישט ביז ס'וועלען זיך אויסנוצען אַלע נשמות פוג'ם אוצר „גוף"... און דער ס"ם הרשע האָט ניט צוגעלאָזען, האָט מבטל געווען די מחשבות, און דאָס איז שוין נענוג געווען: נכשל און נענש געוואָרען...

און דאָס איז דער ענין פון די תלמידי רבי עקיבא, זיי זיינען אויך מיט'ן זעלבען דרך געגאַנגען בימי בר כוכבא, ווייטער געוואָלט על פי נגלה מקרב הגאולה זיין, און ווייטער האָט דער ס"ם נישט צוגעלאָזען און ווייטער זיינען זיי אויסגע'הרג'עט געוואָרען, און אַלץ ווייל זיי זיינען געגאַנגען מיט נגלה, קענען איהם דאַרף מען געהן מיט נסתר, וואָרים דערווייסט ער זיך ער נאָר, איז אַן עק... און דאָס האָט רבי שמעון בן יוחאי מיט'ן זוהר הקדוש אויפגעטהאָן... און דאָס איז דער סוד וואָס דער זוהר הקדוש איז געשריעבען אין „תרגום לשון".

זיינען טאַקע געווען אַלע אויסער זיך פון די ווערטער... און אַ מינוט האָט געהערשט אַ הייליגע שטילקייט און ער האָט ווייטער גערעדט:

„היינט געה איך מיט אַן אַנדער דרך, קומט וועלען מיר געהן אין וואַלד אריין, אַ מנהג ישראל —". נאָר דאָ האָט ער אָבגעהאַקט,

און גנב'עט זיך אריין צו איהם, פערשטעלט זיך פאַר איינעם פון די אמת'ע חסידים און זיצט ביים סדר קאַלט ווי אייז. ס'נעהמט איהם נישט !... וואָרים וואָס האָט ער געקענט זעהן אַז ער קומט פּרובען ? מילא, זיצט ער און מאַכט חוזק אין האַרצען, און קלעהרט: ער וועט שוין נאָך פּסח אַ תל מאַכען רחמנא לצלן פון איהם און אנשי שלומנו. אפילו אַ גרויסער למדן געווען און אַ ירא שמים, נאָר אַ מתנגד, אַ חולק אַ געפעהרליכער פונ'ם ווילנער כת... און ער זיצט און טראַכט מחשבות רעות אויף אנשי שלומנו. איז ער דאָך אָבער געווען אַ יודע מחשבות: נעהמט ער זאָגען מיט מעהר התלהבות, העויות, שטייגער... איז דאָך דאָס אָבער מעשה שטן און ער לאַכט ביי דער דריטער מכה אַרוים מיט אַ שטאַרק געלעכטער רחמנא לצלן, און דער געלעכטער איז געווען פון סטרא אחרא... מעשי שטן... נו איז נתן בו עיניו, אַ קוק געגעבען אויף איהם און זאָגט, אַז ער חלש'ט... און הייסט איהם אויפמינטערען און איהם אליין אוועקגעלעגט אויף זיין בעט אָברוהען...

נו, ווי מיינט איהר ? ער האָט שוין מעהר נישט געדאַרפט: ער האָט שוין געהאַט זיין פּסק, אַזוי ווי ער איז נאָר אַראָב פון זיין בעט האָט זיך די דריטע מכה אין איהם מתדבק געווען אַז כל ימי חייו האָט ער פון איהר נישט געקענט פּטור ווערען — און קיין רופא אין דער וועלט האָט איהם נישט געקענט העלפען...

---

## ח.

## זיין לעצטער ל"ג בעומר.

און דאָס איז ידוע, אַז ביי איהם ל"ג בעומר איז געווען וואָס צו הערען. אַ קליינינקייט הלולא דרבי שמעון בן יוחאי, ס'איז דאָך עפּעס אַ יאָהרצייט !... דאָס ווייסט איהר דאָך, אַז דער זוהר הקדוש איז זיין גאַנצער חיות געווען, נו, נו....

ז.

## דער סדר.

אשרי עין ראתה, וואויל און גוט איז דעם אוינ וואָס האָט זוכה געווען צו זעהן ז י י ן סדר, ס'איז טאקע געווען מעין עולם הבא: זיין פסח'דיגע מדרגה, ס'איז דאָך טאקע אין לשער ואין לכפּר. ער זיצט אין קיטעל און שיינט מיט'ן אור שבעת הימים, און זאָגט די הגדה מיט אזא התלהבות, אז מלאכים ממש ווערען בעשאַפען פון זיינע ווערטער. דאָס איז דאָך בעוואוסט, אז ביי ז י י ן סדר צו זיצען איז געווען דער גרעסטער תענוג וואָס די וועלט קען האָבען... מילא איז נישט יעדער טאקע זוכה ביי א י ה ם צו זיין, ער יאָגט אהיים... נאָר אז ס'טרעפט שוין יא איינעם פון אנשי שלומנו צו זיין ביי א י ה ם — דערצעהלט ער שוין פאר אלע און מ'איז זיך ממש מחיה...

וואָרים פסח ביי ז י י ן סדר האָט מען טאקע בחוש געזעהן די נסים פון יציאת מצרים, אזוי ווי אין דער הייליגער הגדה שטעהט... און טאקע אלע מכות אויך, די נסים ונפלאות. ער איז אריין אין אזא התלהבות, אז מ'האָט געזעהן ווי נשמות כל ישראל זיינען נכלל אין איהם און ער אליין איז באותו נס, און זיין הגדה פלעגט טאקע האָבען אמונה, וואָרים אָהן אמונה האָט מען גאָרנישט געזעהן, ממש גאָרנישט... אלץ איז אויסגעקומען משונה ווילד... משוגענע העויות רחמנא לצלן... וואָרום וואָס זעהט מען דען אָהן אמונה?... האָט'ס נערייצט צום לאַכען, מילא, פלעגט מען באלד נענש ווערען... א קאטאָוועס עקיצתן עקיצת עקרב... און נענש ווערען טאקע מיט איינע פון די עשר מכות, און קיין רופא האָט שוין דערצו נישט געקענט העלפען. און וואָס די עיקר העויות זיינען ביי די עשר מכות געווען, איז, ווער ס'האָט געהערט און קיין אמונה נישט געהאט ר"ל און ס'פלעגט שלעכטע מחשבות איינפאלען, פלעגט מען טאקע באלד נענש ווערען. קומט אמאָל א ליטוואק און וויל איהם פּרובען (וואָס א ליטוואק קען!) און דאָס איז נאָך אין די ערשטע יאָהרען געווען, ווען ע ר האָט נאָך זעהר פיעל חולקים געהאט, און ער קומט

אויף און זאָגט מיט אַ טרויעריג קול: „עולם, איך האָב מגלה געווען יעצט אַ סוד וואָס כ'האָב געהערט אין היכל קן צפור, משיח האָט'ס געדאַרפט מגלה זיין. די וועלט איז'ס נישט ווערטה און ס'איז נגזר געוואָרען, אַז די וועלט זאָל חוזר זיין לתהו ובהו, האָב איך זיך מוסר נפש געווען, מחני נא, האָב איך געזאָגט — איך וועל בעסער שטאַרבען פאַר דער וועלט...“

שפּרינגען אַלע אויף: „ניין, הייליגער רבי, איהר וועט נישט אוועק פון אונז — זאָל די גאַנצע וועלט — — —“

נאָר דאָ איז ווידער שטיל געוואָרען און ווידער די פריהער־דיגע שרעק: ער זיצט ווידער אַזוי ווי פריהער, ווייסט מען שוין יעצט וועגען וואָס דאָ געהט. נאָר ריידען — חלילה...

נאָר דאָ איז געשעהן אַזוינס, וואָס איז נאָך נישט געהערט גע־וואָרען. „צוליעב אייך — האָט ער ווידער אָנגעהויבען און זיין זיסקייט און ליכטיגקייט האָבען זיך צוריקגעקעהרט — צוליעב אייך זיינען געשעהן נסים חוץ לדרך הטבע, די הייליגע תורה אליין — —“

נאָר דאָ האָט ער אָבגעהאַקט און געהייסען רבי הירש טאָמאַ־שאָווער אַ קוק געבען אין אַ ספר תורה. און פלאי פלאים: אין וויפיעל ספרי תורות און חומשים וואָס איז נור געווען שטעהט „גבה“ אויפ'ן אָרט פון „קרח“.

און ווידער איז געווען שמחת פורים, נאָך גרעסער ווי אַלע יאָהר...

און אהיים איז מען געפאָהרען און דערצעהלט און נבהל ונשתומם זיינען אַלע געוואָרען פון דער תורה מיט'ן נס, און אַלע אפיקורסים האָבען חוזר בתשובה געווען, און די בעלי דקדוק האָבען געזאָגט: „חוץ לדרך הטבע“ און דעם דקדוק אוועקגעוואָרפען, און לייענען טאַקע „גבה“ עד היום הזה.

נאָר די עונות האָבען גורם געווען און ער איז פאַרט דאָס יאָהר נסתלק געוואָרען...

מורא אויף זיין פערכמאַרעט הייליג פּנים אַ קוק צו טהון... און די הערצער זאָגען שוין מי יודע וואָס... שלעכטס, צרות אויף כלל ישראל... גזרות רעות ר"ל...

און אין מיטען ווערט ליכטיג אין גאַנצען „בית המדרש". זיין ווייסע זשופּיצע, דערזעהט מען, הויבט זיך, און אָט שטעהט ער שוין און דערלאַנגט אַ געשריי גאָר נישט ווי געוועהנליך: „רשע מרושע, ארוים מיט דיין גאַנץ ביסעל רשעים!" מילא, פאַלען אַלע אראָב פון די ביינק, און ס'איז ממש פרחה נשמתם...

נאָר דאָ איז זיין קול מילד געוואָרען ווי געוועהנליך, כדרכו בקודש. און שוין האָט זיך געפיהלט שמחת פּורים און ער האָט זיך אָנגערופען: וואָס זייט איהר בני אל חי געפאַלען? הויבט זיך אויף, קינדער, נישט איך מיינט מען...

זיינען טאַקע זיינע זיסע דבורים און זיין זיידענע שטימע געוועזען ווי „טל של תחיה", אַלע זיינען טאַקע צו „תחית המתים" אויפגעשטאַנען. און מ'גיט אַ קוק אויף זיין הייליג פּנים, שוין נישטאָ קיין וואָלקען, ס'שיינט שוין ווידער מיט'ן אור שבעת הימים און דער חסד האָט זיך שוין צו זיינע ליכטיגע אויגען צוריק־געקעהרט...

און דאָ הויבט ער אָן זאָגען תורה, און זיין הייליגער קול איז אַזוי זיס ווי דוד המלך'ס האַרפּע און גיסט אריין שמחת פּורים אין יעדענס הארצען אריין. און ער זאָגט:

„ואם מפּאת פּניו ימרט ראשו קרח הוא טהור", ואם מפּאת פּניו ימרט ראשו איז אותיות פּ ו ר י ם, קרח איז אותיות ק ר ח מרמז אַז פּורים איז מכפּר אויף עון קורח, טהור הוא, ער איז טהור...

אַלע ווערען אויסער זיך פון דער תורה, עפּעס אַזעלכע ווערטער האָט מען נאָך גאָר ניט געהערט... און מ'פערגעסט גאָר וואָס פריהער איז געוועזען.

נאָר דאָ ווערט ווידער שטיל... צוריק איז אראָב דער אור פון זיין פּנים און דער חסד פון די ליכטיגע אויגען, און אויפ'ן פּנים ליגט אַ שרעק און אין די אויגען אַן אימה. און אימת מות פאַלט אויף אַלע... און אַזוי זיצט מען אַ צייט און מ'ווייסט נישט וואָס ס'טהוט זיך... צוטומעלט... נאָר דאָ הויבט ער זיך ווידער

את שר של עשיו, פּשוט אויף לא יחרץ... און טהייל זאָגען פּשוט, ווייל אין די כלים, וואָס זיי האָבען געטרונקען, טאָרען קיין היינטיגע מענשען ניט טרינקען, די כלים זיינען צוגענומען געוואָרען פאַר די צדיקים אין גן־עדן אריין...

ס'לאָזט זיך רעדען, א שטיק סברא...

---

ו.

## די סעודת פּורים.

און דאָס איז געווען ביי סעודת פּורים אין דעם לעצטען יאהר פאַר זיין הסתלקות. זיצט ער ביים טיש מיט אַלע מקורבים, די „רואי פּני המלך", די טיש־זיצער און אויף די אָנלעהנען פון די בענק שטעהט אָהן עין הרע א גרויסער עולם, און אַלע געהען אוים, ווילען הערען א וואָרט לכבוד פּורים, עפּעס א קליינינקייט פּורים־דיגע תורה! וויפיעל פון די גרויסע חסידים פּלעגען קומען פון מרחקים טאַקע ניט מעהר ווי צוליעב זיין פּורים'דיגע תורה, און גאָר גרויסע חסידים פּלעגען זיך מתלחש זיין, אז אין איהם איז נשמת מרדכי. געהען אַלע אוים נאָך א וואָרט תורה, אַלע שווייגען און ער שווייגט אויך...

און דאַן זעהט מען בחוש, אז ס'איז ניט ווי אַלע יאָהר, עפּעס די שמחת פּורים איז עפּעס ניט אזוי, וואַרט מען טאַקע ממש בכליון ענים אויף זיין תורה.

און פּלוצלינג דערזעהט מען, ווי איבער זיין ליכטיג פּנים פערשפּרייט זיך ווי א וואָלקען, און זיינע ליכטיגע אויגען נעהמען עפּעס קוקען און זוכען אין אַלע ארבע פּינות... פאַלט א שרעק אויפ'ן גאַנצען עולם. שטעהט מען שוין מיט נאָך מעהר אונגעדולד און די נשמה געהט אוים נאָך זיינס א וואָרט...

און אַלע נשמות ציהען זיך צו איהם, און אַלע הערצער בענקען נאָך זיינס א וואָרט, און די אויגען ציהען זיך צו איהם, נאָר מ'האָט

„אפשר איז עס קראַנטער, זאָלען זיי אַליין זעהען." און זאָגט זיי: „זאָרגט ניט, מ'וועט זיי אַרויסלאָזען, און מיר וועלען צוזאַמען עסען ביים טיש נאָך היינט..." פערשטעהט מען, אז ער האָט דאָס געוואוסט, און מ'נעהמט מרגיש זיין, אז דאָ איז ניט פּראָסט...

מילא, ס'געהט נישט אוים קיין פינף מינוט, מ'קומט שוין קלאַפּען ביי איהם — וואָס איז? דער שר העיר איז פּלוצלינג אוועקגעפאַלען... זאָגט ער: „זאָל ער זיך מיט מיר ניט אָנהויבען נאָך אַמאָל." קומט מען באַלד צולויפען און מ'זאָגט, אז ער גיט זיך אונטער — סכנות נפשות... זאָגט ער: „זאָל ער נאָר תיכף אַרויסלאָזען די זיעבען חסידים, וואָס ער האָט תפוס אוועקגעזעצט, און זאָל זעהן מבטל זיין די גזרה." נו, ווי מיינט איהר, ער האָט זיך לאַנג געשפּאַרט מכח דעם? מ'האָט זיי אָבגעפיהרט בכבוד גדול צו איהם אין בית־המדרש'ל.

און דאַן האָט ער געזאָגט: „צייט געהן אין סוכה אריין." און מ'איז געגאַנגען, אָבגעזאָגט אושפּיזין, קידוש, און ער האָט אויס־געזעצט די זיעבען חסידים נעבען זיך, און אַלע זיינען געזעסען אין ווייסע זשופּיצעס און זיך משמח געווען בשמחת החג און תורה געזאָגט ביז טאָג. און דאַן האָט מען געהערט אַזאַ תורה, דברים שלא שמעתן אוזן, טאַקע גאָר הפלא ופלא... און קיינער האָט גאָר ניט געהאַט קיין מינוט און קיין לעדיג אָרט אינ'ם מח צו געהן קלערען עפּעס וועגען די זיעבען...

אין דער פריה, ביי קריאת התורה, האָבען זיי געקראָגען אַלע עליות, און מ'האָט זיי אויפגערופען טאַקע מיט די נעמען פון די שבעת הרועים. האָבען דאָך שוין אַלע געזעהען, ווער דאָס איז, און זיי זיינען פּלוצלינג נעלם געוואָרען און מיט זיי אַלע כלי כסף וזהב, וואָס ס'איז געווען ביי איהם...

דאָס ווייסט מען, אז ער איז נישט נתפעל געוואָרען דערפון. אנשי שלומנו האָבען איהם אָבגעקויפט שעהנערע... אַמאָל האָט ער גאָר מגלה געווען, אז מען דאַרף ניט מהרהר זיין, וואָרום ס'האָט אַזוי געדאַרפט זיין...

און ער היום הזה איז פאַראַן וועגען דעם אַ מחלוקה ביי אנשי שלומנו. טהייל זאָגען, אז זיי האָבען צוגענומען די כלים לשחד

געוועז ביי איהם די ערשטע טעג, דער האט געמוזט באלד חול־המועד אהיים פאהרען.

און דאס האט מען א קימא־לן, אז ביי זיין טיש זיינען דא די אושפיזין, און דעריבער געהט ער די ערשטע נאכט סכות שפעט צום טיש, די אושפיזין זאלען שוין האבען אבגעפארטיגט כל ישראל, און — זאלען טאקע קענען בלייבען ביי איהם ביז נאכ'ן טיש. און דערינגען קענען שוין היינט אפילו די גרעסטע אפיקורסים, רחמנא יצילנו, ניט לייקענען, ס'איז דאך א מעשה, וואס מ'האט געזעהן בחוש באלד בשנה הראשונה למלכו. און הערט, מעשה שהיה כך היה:

דאס ווייסט איהר דאך, אז דאס יאהר וואס ער האט גענומען פיהרען דעם עולם, איז דאך געוועזן דאס יאהר פון די גזרת השטריימלעך ופיאות, ניט היינט געדאכט, ווען מ'האט געשניטען בערד, מ'האט געזעצט תפוס פאר לאנגע קאפאטעס. מילא, ווייסט איהר דאך, זיצט מען ביי איהם אין הויף, און דארט האבען די שרי יון ניט קיין שליטה אריינצוקומען און טשעפען. און דעמאלט איז אויסגעקומען דער ערשטער טאג סכות שבת. מילא, הערט זיך בייטאג גאר ניט וועגען קיין שום זאכען, אלע חסידים זיינען פער־נומען מיט פארטיג מאכען די סוכה, ס'איז דאך ניט געוועזן קיין סוכה'לע! היינט וואס איז מכח א לולב און אן אתרוג, און מכח געהן אין מקוה אריין לכבוד החג?... הערט מען גאר ניט, בפרט אז ער האט ניט געהייסען ארומדרעהען זיך, ביז די גזרה וועט בטל ווערען, געהט מען ניט אין גאס און מען ווייסט גאר ניט.

ביינאכט, מ'האט אבגעדאווענט מעריב און מ'ווארט ביז וואנען ער וועט געהן צום טיש. ווארט מען. איין שעה, א צווייטע, א דריטע, ס'איז שוין באלד חצות און ער געהט אלץ ניט צום טיש. ווערט א פלא ביים עולם, נאר אויף איהם פרעגט מען קיין קשיות ניט: מסתמא ווייסט ער וואס ער טהוט. בינו לבינו איז מען אריין אין בית המדרש מיט א געוואלד: מ'האט זיבען אידען אין שטריימלעך געכאפט געהענדיג צום טיש, און מ'האט זיי אוועק־געזעצט תפוס... לויפט מען דאך אריין צו איהם, קריגט ער אפילו אין אנהויב א שנוי אינ'ם פנים, נאר דערנאך זאגט ער:

נעהמט די רצועה של עגל, איז מוסר מודעה, אז ער מיינט לשם שמים, דאָס האַרץ קלאַפּט...

מילא, דערפיהלען זיי אַן אמת'ן ריח גן עדן פון זיינע מלבושים, א קלייניגקייט זיינע מלבושים, וירח את ריח בגדיו, ווי אין פּסוק שטעהט... און זיי זיינען נאָך ניט געקומען צו דער מדרגה, אז דער ריח זאָל ניט זיין צו שטארק פאר זיי, קענען איהם איבערטראָגען, זיי האָבען ניט די זכיה, און מענדעל אודאי און אודאי ניט... קוים אָבגעצעהלט, און פון יוצא וועגען איהם אָבגע'פּטר'ט, האָט ער געגעבען משקה, מען האָט געטרונקען לחיים, און ע ר האָט זיי צוגעוואונשען א גמר חתימה טובה...

נאָר נענש זיינען זיי פּאָרט געוואָרען: דער ריח גן עדן איז, ווי געזאָגט, געווען צו שטארק פאר זיי, זיי האָבען ניט אזא זכיה געהאט, און יעדען איז פערבליבען אין נאָז א מיחוש אויף כל ימי חייו...

---

ה.

## די אושפיזין.

... סכות, ווייסט איהר דאָך, — איז ביי א י ה ם געווען דער גרעסטער יום טוב — זמן שמחתנו. און אנשי שלומנו האָבען אייביג געוואָלט זיין סכות ביי א י ה ם; וואָרום דאָס איז מען בטוח, אז ווער ס'איז געווען ביי א י ה ם דעם ערשטען טאָג סכות און האָט א י ה ם געזעהן מאכען די „נענועים" מיט לולב און אתרוג — דעם וועט א גאַנץ יאהר ניט שאדען קיין ווינד און קיין קעלט. בלייבט טאקע איבער ווער ס'קען זיין ביי א י ה ם פון ראש השנה ביז נאָך די ערשטע טעג סכות. ווען ע ר זאָל לאָזען, וואָלט מען די אנדערע טעג אויך איבערגעבליבען. איז ער דאָך א מוזג טוב, זאָגט ע ר, אז ס'איז דאָך א בפירוש'ער פּסוק: ושמח את אשתו — מ'דאַרף די בני בית משמח זיין בשמחת החג; און ווער ס'איז

זאָגט מענדעל: „הייליגער רבי, כ'האָב מורא פאַר א פּסק ווי ירבעם מלך ישראל מיט עדו הנביא ותיבש ידו, די האַנד איז איהם אָבגענומען געוואָרען ר"ל, ווי דער זהר הקדוש זאָגט דאָרט: „על דאושיט ידיה" ווייל ער האָט א האַנד אויפגעהויבען אויפ'ן נביא...

זאָגט ער: „מוחל!"

ענטפערט מענדעל: „רבי, א בפירוש'ע גמרא: „הרב שמחל על כבודו, אין כבודו מוחל", קיין רבי קען ניט מוחל זיין אויף „כבוד הרב"...

נעהמט ער שוין א ביסעל מתרעם זיין, און זאָגט: „רבונו של עולם, וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט, א רבי זיין, מ'לאָזט מיר צו־מאָל ניט מקיים זיין א מנהג ישראל וואָס א קל שבקלים איז איהם מקיים..."

ווערט מענדעל אויפגעציטערט און נעהמט וויינען: „הייליגער רבי, איך האָב א ווייב מיט קינדער..."

זאָגט ער: „שוטה, ניט איצט איז די צייט גאָר פאַר בני בית צו קלערען, עס וועט אם ירצה השם גאָר ניט זיין. אידען זייַנען איצט אין אַן עת צרה, א קטרוג, רחמנא לצלן... מי יודע, ער קען נאָך חלילה וחס גובר זיין, מ'קען נאָך חס ושלום ש"ם ברענען, מקואות פער'חתמ'ענען, בתי־מדרשים און חדרים פערמאַכען..."

וויל שוין מענדעל געהן, נעהט זיך אָבער ניט: א קלייניגקייט, פאָרט איהם שמייסען, כבוד הרב...

זאָגט ער: „איך בין גוזר!"

זאָגט מענדעל: „הייליגער רבי, גיט מיר צו נאָך צוויי לכל הפחות, צוויי פון די ישישים, אפשר אין זייער זכות וועט מען מיך ניט מעניש זיין..."

הייסט ער ר' הירש טאָמאַשאָווער און ר' יחיאל מאיר'ן צוגעהן העלפען. מילא, אז ער הייסט, געהן זיי אפילו כאלו כפאו שד, ווי א שד וואָלט געשטאַנען איבער'ן קאַרק און וואָלט געטריבען, אָבער מ'געהט פאָרט.

ליעגט ער, און זיי נעהמען, בעל כרחם, משנס את מתניו זיין, פערשאַרען א ביסעל די זשופּיצע, בעטען איהם מחילה, און מענדעל

עפּעס געפּיהרט, געטאַנצט, נאָר זיין התלהבות, האָט מען געזעהן, איז עפּעס ניט ווי געוועזן.

און מוצאי שמחת תורה האָט ער צויאָגט דעם עולם, און זיך פערשלאָסען אויף דריי־און־צוואַנציג יאָהר...

---

## ד.

## מלקות.

...און דאָס איז געוועזן ערב יום כפור בייטאָג נאָך חצות. באַלד „שנה הראשונה למלכו“, אינ'ם ערשטען יאָהר, וואָס מען האָט זיך, ווי ידוע, קוים, קוים איינגעבעטען ביי איהם ער זאָל אָננעהמען דעם עולם. און מענדעל משמש שטעהט פערנומען — אַ קליינינ־קייט אַזוי פיעל חסידים אָהן „עין הרע“ מלקות צו שלאָגען... מילא, שטעהט ער ביים גרויסען טיש, האַלט די „רצועה של עגל“ אין האַנד און כסדר לעגט זיך אַ ישיש נאָך אַ ישיש, אַ חסיד נאָך אַ חסיד, און ער צעהלט אחת, שתים און שמייסט, שלאָגט מלקות...

ער האָט שוין געהאַט אַזוי ווי געענדיגט מלקות־שלאָגען, ווערט אַ גערודער אין בית־המדרש'ל: ע ר איז פּלוצלינג אַריינגעקומען... און אַלע ווערען ערשטוינט ווי ע ר געהט צו, לעגט זיך בעצמו וכבודו אַוועק אויפ'ן טיש און וואַרט מענדעל זאָל צוגעהן איהם מלקות־שלאָגען... נו, וועט מענדעל צוגעהן? איהר דאַרפט וויסען, אַז מענדעל איז געוועזן אַ איד אַ בן־תורה, איינער פון די לומדים ביי א י ה ם, און ער ווייסט מיט וואָס דאָס שמעקט. טאָ, איהר ווייסט'ך — מי שלח ידו — ווער ריהרט זיך צו צו א י ה ם, און זאָל ניט געשטראָפט ווערען ר"ל — רוקט ער זיך אָב. פרעגט ע ר: „נו, וואָס געדויערט'ם?“ בלייבט מענדעל שטעהן. וואָס וועט ער ענטפערן? שווייגט ער... שטויסט ע ר זיך שוין אַליין אָן, וואָס דאָ איז... זאָגט ע ר: „מענדעל, געה צו, ס'מאַכט ניט אויס, איך בין אַ איד ווי אַלע אידען...“

ענטפערט ער גאָר נישט, נאָר ער לויפט אַרויס, פערשליסט זיך אין שלום־שטיבעל, און שוין...

ווייל ר' איטשע מאיר אַריינלויפען, לאָזט ער איהם ניט אַריין... ציטערט דער גאַנצער עולם, אַ קליינינגקייט קאַצק...

מילא, די טעג זיינען געווען שרעקליך. קיינער איז ניט אוועק. אדרבא, מ'האָט געגעבען אַ ידיעה און חסידים האָבען זיך גענומען צוזאַמענפאָהרען, אָבקאַלפּען די טהירען, און ער עפענט ניט...

לויפט מען צו דער רבי'צין, אפשר וועט זי פּועל'ן ביי איהם. דערזעהט מען, אַז איהר פּנים איז אויך חושכ'דיג, קען מען שוין ניט רעדען קיין וואָרט...

ליעגען אַלע אין בית־המדרש ווי אבלים...

און ס'איז שוין ערב סכות און קיין סימן פון קיין סוכה איז נאָך אַלץ ניטאָ, — און דאָס טהירעל איז נאָך אַלץ פערהאַקט...

און דער עולם איז נאָך אַלץ צורודערט, זיי האָבען געוואוסט שוין, אַז מן השמים האָט מען זיי מנדה געווען, נדוי, נזיפה...

נאָר אין מיטען הערט מען קלאַפּען אין טהירעל, לויפט צו ר' הירש טאָמאַשאָווער, פרעגט: „וואָס איז?"

הייסט ער איהם, ר' איטשע מאיר'ן אויסזוכען.

מילא, קומט שוין ר' איטשע מאיר אַריין.

נעהמט טענה'ן מיט איהם, וועגען אַ סוכה, שמחת יום טוב, זמן שמחתנו, אַ קליינינגקייט!...

מילא, וואָס זיי האָבען דאָרט גערעדט, ווייסט מען נאָך עד היום ניט. נאָר אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ער זיך געהייסען נעהמען צו דער סוכה און געהן זוכען אַ „חדר" פאַר איהם.

האָט מען זיך גענומען, און ס'איז באַלד פערטיג געוואָרען אַ גרויסע סוכה.

נאָר דער סכות איז שוין ניט געווען ווי אמאָל. שמחת בית השואבה, נאָר ער איז שוין ניט אַריינגעקומען... מ'וויל הויבען די פיס און ס'טאַנצט זיך ניט...

האָט ר' איטשע מאיר גענומען טרייסטען דעם עולם און מ'האָט מיט אייזערנע צוואַנגען די שמחת יום טוב דערהאַלטען...

און שמחת תורה צו הקפות איז ער אַריינגעקומען, ווייטער

מילא, איז מען אַזוי אַרומגעגאַנגען פער׳חושכ׳ט אַ גאַנצע נאַכט...

און די נאַכט איז געווען אַ נאַכט, אַ שרעק, מ׳האָט אַלע מאָל געהערט קולות פון זיין חדר, בכיות, אַז דאָס האַרץ איז צוגאַנגען...

און ר׳ איטשע מאיר געהט נאָך אַלץ אַרום איבער׳ן בית־המדרש און רויכערט די ליולקע, און גיט יעדעס מאָל אַ זיפץ, אַז דאָס האַרץ ווערט צוריסען. ווייסט מען שוין ווי מ׳האַלט אין דער וועלט...

און אַז ס׳איז טאָג געוואָרען און די זון האָט אַריינגעשיינט, האָט מען איצט דערזעהן ר׳ איטשע מאיר׳ס חושך׳דיגען פנים, און אַן עצבות איז געוואָרען אַז ס׳איז ניט געווען אַריבערצוטראָגען...

נאָר דעמאָלט האָבען זיך שוין איינגעשטעלט ר׳ הירש טאָמאַשאָווער מיט ר׳ יחיאל מאיר גאָסטענינער און זיינען צוגעגאַנגען צו איהם, גענומען רעדען מיט איהם ווענען אַריינגעהן צו איהם, פּרובען, אפשר וועט פאָרט אַ ישועה קומען, רעדען זיי אַ צייט, אַ צייט... און אַלע וואַרטען ס׳זאָל עפּעס געשעהן, אַ קליינינגקייט, ער האָט אפילו זיין אייבינען מנהג פון אַריינקלאַפּען דאָס ערשטע ברעטעל צו דער סוכה מבטל געווען...

נאָר אין מיטען עפענט זיך דאָס שלום־שטיבעל און ער לויפט אַריין אין בית־המדרש, די יאַרמולקע פערדרוקט און דאָס פנים פינסטער און פערוויינט, און לויפט דורך, קוקט זיך צומאָל ניט אום און געהט צו צום ארון קודש, עפענט דאָס פּהירעל און פאַלט אַריין מיט אַ שטאַרקער בכיה אין ארון קודש אַריין און בלייבט אַזוי אַ לאַנגע צייט...

און אין בית־המדרש ווערט אַ שטילקייט, אַלע בלייבען ווי פערגליווערט, די נשמות זיינען זיי אַרויס פון פחד, און יעדער קאַרטשעט זיך איין פאַר מורא...

און פּלוצלינג פערמאַכט ער דאָס ארון קודש, דרעהט זיך אויס צום עולם און שרייט אויס: „עולם, צופאָהרט אייך, איך בין שוין ניט מעהר אייער רבי!...“ און ברעכט אויס אין אַ געוויין...

נעהמען אַלע וויינען: „גוואַלד, רבי, אויף וועמען פערלאָזט איהר די וועלט? האָט רחמנות!“

הייליגע דבורים... דערשפּירט ער זייער מחשבה און זיין שטערען פערקנייטשט זיך, דאָס פּנים ווערט פערוואָלקענט, הויבט זיך אויף אין מיטען און שרייט אויס: „רבונו של עולם, מסתמא איז דאָך אזוי דיין רצון, נו, איז מענדעל אויס רבי!..." און כאַפּט, לויפט ארויס און פערשליסט זיך אין זיין חדר.

מילא, אלע זיינען געבליבען אָהן א רוח חיים. זיי האָבען פּשוט ניט געוואוסט וואָס ס'איז געוואָרען... און אז מ'איז א ביסעל צו זיך געקומען, קוקט מען צו ר' איטשע מאיר'ן, מ'זוכט ביי איהם אין די אויגען א שטיקעל טרייסט — נאָר זיין פּנים איז אויך פינסטער...

נעהמט מען זיך סוד'ען, מ'געהט פער'ראגה'ט, פער'חושכ'ט אהין און צוריק איבער'ן בית המדרש גאנצע רעדלעך, יעדער דריקט זיך צו צום אנדערן, עפּעס א מורא פאלט אויף יעדען איינעם, און מ'וויל זיין כאָטש אלע בייזאמען...

און ר' איטשע מאיר געהט ארוים אויף א מינוט פון בית־המדרש, מיינען דאָך אלע אז דאָס געהט ער צו איהם; צינדט זיך אָן א פונק מיט האָפנונג אין די הערצער; דער אש תמיד וועט פאָרט ניט אויסגעהן... האָפט מען א פּאָר מינוט...

נאָר דאָ זעהט מען שוין ר' איטשע מאיר'ן אריינקומען רויכערנדיג די גרויסע ליולקע־ציבוק און דעם שטערען פערקנייטשט. און ער מאכט גאנצע זיילען רויך, פּשוט והבית ימלא עשן, דאָס גאנצע בית־המדרש ווערט פול מיט רויך. ווייסט מען, אז דאָס פיהרט ר' איטשע מאיר א מלחמה מיט די קליפּות, וואָרים מ'האָט שוין געקענט ר' איטשע מאיר'ן גאנץ גוט... נעהמען איהם אלע ארויסהעלפען מיט זייערע כונות.

און ער דרעהט זיך ארום איבער'ן בית־המדרש און רויכערט און רויכערט, און אלע מאָל ווערט זיין ארומדרעהען זיך שנעלער און אונרוהיגער... און פּלוצלינג שטעלט ער זיך אָב אין מיטען בית־המדרש און זאָגט: „אונזערע עונות האָבען דאָס גורם געווען... די מחשבות זיינען ניט ריין געווען און די שכינה האָט צוריק געמוזט אין גלות ארייגעהן ... וועה, וועה, גלות השכינה... דור יתום..."

ברעכען אלע אויס אין א געוויין.

און מ׳טאַנצט, און מ׳טאַנצט, אַלץ אין בית המדרש טאַנצט מיט, די ביינק, די טישען, די מנורות, די ספרי תורות און כביכול מיט די פמליא של מעלה — אַלע טאַנצען מיט אין איין טאַנץ... —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דערנאָך א יום כפור געווען א געוואַלד... ער האָט גענומען לייטערען דעם עולם, מתקן זיין די אַלע פגמים...

און איך זאָג אייך, אַז דער יום כפור איז געווען א, א... נאָר, נאָר..

אשרי עין ראתה...

נאָר מוצאי יום־כפור איז ווייטער געשעהן עפּעס...

---

## ג.

## פון מוצאי יום כפור ביז שמחת תורה.

...מוצאי יום כפור, האָב איך אייך געזאָגט, האָט זיך ווייטער עפּעס געטראָפען. מילא, ס׳איז געווען אַלץ דעם בעל דבר׳ס מלאכה. ער האָט די גאולה ניט צוגעלאָזען... מ׳האָט שוין געמיינט, אַז דאָס געהען צוריק די אַלטע יאָהרען, ער וועט אַלץ צוריק מתקן זיין און... די גאולה... וואָרים ער האָט׳ך שוין געהאַט מכרית את הקוצים געווען, ארומגערייניגט די אַלע דערנער וואָס רינגלען ארום דעם שושנה העליונה; צוגעגרייט אַלץ און ס׳איז דאָך ידוע געווען אַז ער האָט געהאַט נשמת משיח בן דוד...

מילא, דער יום כפור איז דאָך געווען לעילא ולעילא, מ׳האָט אַזעלכעס נאָר ניט געהאַט געזעהן. און באַלד מוצאי יום כפור אַלע צו זיין טיש און מ׳נעהמט זיך משמח זיין. מ׳ווייסט, אַז ס׳נעהמט א גוט יאָהר. מילא, זיצט מען און מ׳עסט כדרך הטבע. זאָגט ער תורה ביים טיש: א שטאַרקען ענין עמוק, טיעף אַזוי ווי ער האָט געקענט. ניט אַלע זיינען דאָך געהאַט צוגעקומען צו זיין מדרגה, נעהמען עפּעס אייניגע לערנען א פאַלשען פשט אין זיינע

און דער עולם איז ווי טויט, ממש פרחה נשמתם... אַ קאַטאַ־וועס !... ער...

און פּלוצלינג כאַפּט ער זיך אויף פון געוויין און שרייט אויס: „עולם, צופאַהרט אייך ! איך בין אַ פּראָסטער איד... איך קען ניט פיהרען !..."

ווערט אַ געוויין... די וועלט וועט חלילה פער׳יתום׳ט ווערען...

און אַלע האָבען מורא אַ וואָרט ארויסצורעדען, און אַלע אויגען קוקען צו רבי איטשע מאיר׳ן, ער זאָל געהמען בעטען ביי איהם...

און רבי איטשע מאיר איז צו צו איהם, אַנגענומען ביים גאַרטעל און אריין מיט איהם אין שלום־שטיבעל, זיך פערמאַכט און גענומען טענה׳ן מיט איהם, וויינען, בעטען...

וואַרטען אַלע טאַקע בכליון עינים, מ׳וויל הערען וואָס ס׳וועט זיין...

און דאָס דויערט און דויערט, שעה׳ן דאַרט געוועזן. און אַלע שטעהען מיט אויפגעשטעלטע אויערען און דאָס הארץ ציטערט...

און רבי הירש טאָמאַשאָווער, רבי הירש פּאַרציוועך, מיט רבי יחיאל מאיר באַסטינינער געהען ארום הין און צוריק איבער׳ן בית־המדרש, צורודערט, די יאַרמולקעס אויף די שפּיץ קעפּ און פער־זאָרגט...

נאָר אין מיטען עפענט זיך דאָס שלום־שטיבעל, רב איטשע מאיר איז ארויסגעקומען... לויפען אַלע צו הערען, און די הערצער ציטערען... און ער שרייט אויס: „ס׳וועט זיין אַ גוט יאהר, גע׳פּועל׳ט... און געהט׳ס, עולם, דאַוונען..."

כאַפּען זיך אַלע מכין זיין, און נסי נסים, כהרף עין, אַלע פאַרטיג און מען האָט שוין אָבגעדאַוונעט...

נעהמט ר׳ איטשע מאיר ארויס אַ פלאַש בראַנפען און מ׳נעהמט צו קאַפּעצקעס... מ׳ווינשט זיך אַ גמר חתימה טובה...

און דאָס ווינשען געהט אַזוי מעומקא דלבא, אַז עס האָט אַ גרויסען רושם דאָרט געמאַכט... צוריק שלום ביי אידען...

און מ׳איז זיך צוגאַנגען אין אַ שטייגער ביז אַ רקידה׳לע...
קומט ער אריין, און פלאַי פלאַים, ער טאַנצט מיט...
מליא, די טענץ האָבען די מגפה אָבגעשטעלט...

און אז מ'זעהט איהם אַרויסגעהן, זעהט מען ווי זיין ליכטיג פּנים איז פערכמורעט, צרות כל ישראל דערינען דאָ.

ווייסט מען אז אין להרהר אחרי מדותיו, מ'טאָר איהם ניט נאָכקלערען, עס ווייס מן הסתם וואָס ער ער טהוט... מן השמים... ובערת הרע מקרבך — אַ מצוה...

און דאָ הערט מען ווי ר"ל די מגפה שטאַרקט זיך און שטאַרקט זיך, און יעדער קומט אָב פאַר זיין חלק...

און די חסידים וואָס זיינען געבעך אונשולדיג אַריבער צו איהם האָט'ס ניט אזוי געשאַדט, אָבער דאָך גענוג געוואָרען: ביים פּריץ אויסגעדונגען, אָבגעברענט... לויפט מען צו איהם, און ער וויל ניט עפענען...

נאָר ערב יום כפור איז ער אַריינגעקומען אין בית המדרש אַריין, די אויגען פול מיט טרערען, דאָס קול פערשטיקט און אויס־געשריען: ענו! מילא, אַלע זיינען דערשראָקען געוואָרען. נור מ'האָט דאָך געוואוסט, אז ס'געהט שוין אַ ישועה...

און ער געהט צו צום שלחן, שרייט אויס: „עטץ מיינט — פאַר מיר קענט עטץ זיך בעהאַלטען? איך ווייס אפילו וואָס יעדער פון אייך טהוט בחדרי חדרים, ממש ביינאַכט אונטער דער אויבער־בעט אפילו!"

פאַלט אַ שרעקליכע אימה אויף אַלעמען...

און ער דרעהט זיך אויס צום ארון קודש, און זאָגט: „רבונו של עולם, דו זעהסט'ך, זיי האָבען ניט דערלאָזט... האָב רחמנות... וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר? „פּיהר" — האָסטו געזאָגט. וואָס האָסטו פון מענדל'ען געוואָלט?! דיינע קינדער, געה, שטראָף... און אפילו ווען די גרעסטע עבירות? קינדער, ניט זייער שולד... אזוי פיעל קליפּות ר"ל..."

און באַלד איז ער אין אַ שרעקליכע בכיה פערגאַנגען, געפאַלען צו דער ערד...

און די אימה ווערט שרעקליך, ניט אַריבערצוטראָגען, ס'שוידערט ממש...

און ער כאַפּט זיך אויף פּלוצלינג, וויל געהן, אַנטלויפען, נאָר ער קעהרט זיך צוריק אום, פאַלט אַריין אין ארון קודש...

צום ערשטען זיינען געגאַנגען די רעכטע בעלי־מחלוקה. מרדכי יוסף אַליין איז ר"ל מצורע געוואָרען, ממש אַזוי ווי עוזיהו המלך, ווען ער האָט געוואָלט ווערען כהן גדול... נו, נעהמען זיך די חסידים צולויפען...

מילא, דער ערשטער איז געווען שמואל פייוועל, איינער פון די גרעסטע חסידים — אַמאָל די רעכטע האנד ממש, און טאַקע איינער פון די ערשטע וואָס האָבען דעם עולם אוועקגענומען, ער נעהמט חרטה קריגען, צוריק פאָהרען, און ווי מיינט איהר? — באַלד אויפ׳ן וועג, אויף דער פוהר געשטאָרבען...

און יעקב יצחק משה מענדעלע׳ס, געווען דער פֿ ע ר אַמאָל, חוטר מגזע ישרים — ער איז אפילו געקומען צולויפען מחילה בעטען, נאָר ער האָט איהם צומאָל אין די אויגען ניט געוואָלט קוקען; „אסור להסתכל" האָט ער געזאָגט, ניט געלאָזט איהם קיין וואָרט אויסריידען. און זאָגט איהם: גיה און ווער גע׳הרג׳עט! און ווי מיינט איהר? באַלד, אַראָבגעגאַנגען ממש פון צוויי טרעפּ־לעך, גליטשט ער זיך אוים און, ר"ל, פאַלט אַ טוידטער...

און בעריל ר׳ שמואל יונה׳ס, די גאָלדענע פּאָהן, דעם „יום הקדוש׳ם" אַן אייניקעל — און דאָס האָט אויך נישט געהאָלפען... „איך בין מקנא קנאת ה׳ צבאות פאר דיין הייליגען זיידען", האָט ער געזאָגט, אַ קוק געגעבען און מאכט פון איהם אַ גל של עצמות... שרייט: „נישט גוט, נישט גוט!"... מען האָט איהם ארויסגענומען אין אַן אַנדער חדר און ר"ל — טוידט...

מילא, אַזוי זיינען אַ שעהן ביסעל אויסגעשטאָרבען, געפאַלען ווי די פליגען ממש. אַ יאָהר — בעהיט און בעשירעמט זאָל מען ווערען...

מילא, מען נעהמט אויסמיידען קאָצק, נאָר ס׳העלפט ניט, ס׳טרעפט אהיים אויך... פאַר איהם איז זיך דען געווען אויסצו־בעהאַלטען?... ס׳פאַלען אוועק טאַטעס פון קינדער, ווייבער, קינדער, אַ מגפה ר"ל...

און ער פערשליסט זיך אין חדר, רוּיכערט די לולקע־ציבוק און לאָזט קיינעם נישט אריין...

האָט ע״ר זיך שוין פונאַנדערגעוויינט, און אַלע זיינען נאָך איהם פערגאַנגנען אין אַ בכיה אָהן אַ שיעור. מ׳האָט גע׳זעהן ווי ע״ר יאָגט כסדר...

מאַכט דאָס געוויין אָן אַ רושם דאָרט... און מ׳האָט זיך מרחם געווען, דער שופר האָט גענומען געהן ביסלעכווייז...

און מיט מסירת נפש האָט מען מאה קולות אָבגעבלאָזען און מוסף אָבגעדאַווענט...

מילא, אַ ראש השנה געווען, ס׳איז ניט געהערט געוואָרען... מ׳האָט שוין געוואוסט אז ער וועט ניט שווייגען. קנאת ה׳ צבאות — אַ קאַטאָוועס! ער איז דאָך עפּעס געווען גלגול פנחס... ער האָט מנצח געווען, באַלד דעם צווייטען טאָג האָט מען זיך שוין גענומען פון איזשביצע צולויפען...

די תקיעות האָבען דאָרט אין הימעל אַ גרויסען רעש געמאַכט...

און ווייטער איז געשעהן, אַ יאָהר מ׳זאָל אָבגעהיט ווערען, עקיצתן עקיצת עקרב, ער האָט מעניש געווען באַלד...

נו, מ׳געהט שוין דאַווגען... כ׳וועל אייך שוין דערצעהלען אויף יום כפור וואָס ס׳האָט זיך פון מוצאי ראש השנה ביז יום כפור אָבגעטהאָן....

---

ב.

## עשרת ימי תשובה און יום כפור פון דער „גרויסער מחלוקה.

אז דו קומסט אריין קיין קאָצק דורך דעם וועג וואָס געהט קיין איזשביצע — הויב אויף דיינע אויגען, וועסטו זעהן דעם נייעם „בית עולם״. אַ שרעקליכער בית עולם, מצבות אָהן אַ שיעור און אַלע פון איין יאָהר, איין חודש, איין לפ״ק... דאָס זיינען די קרבנות פון דער גרויסער מחלוקה. וואָרים ע״ר, זאָל לעבען, זכרונו לברכה, האָט נוקם ונוטר געווען כנחש...

און נאָך ווי אַזוי!... מויל און אויערען, האָר און נעגעל...

נאָר ער האָט די עצבות פערטריבען... ס'מאַכט ניט אויס: די גאולה וועט קומען דורך ד י אידען...

און אַ שמחה האָט זיך פערשפרייט איבער'ן בית המדרש, און מ'האָט עפּעס דערפיהלט ווי דער בית המדרש איז פול גע־וואָרען... „פמליא של מעלה" איז אראָבגעקומען איהם טרייסטען....

אין דער־פריה, מ'נעהמט זיך מכין זיין צום דאַוונען, און גוואלד! עצבות, ער יאָגט כסדר... די פרעמדע אידען ליגען אַלע קראַנק... ווייטער נישטאָ קיין מנין...

הייסט ער אריינברענגען אַ פּאָר שוסטערס און שניידערס. „איך וועל זיי אוועקגעבען די מדרגות פון מיינע גרעסטע חסידים און מ'וועט דאַוונען..."

מילא, געהט מען זוכען... און ער שטעלט זיך אוועק, הויבט אויף די אויגען צום הימעל: רבונו של עולם, מענדעל'ן טהוסטו דאָס? !....

קומען זיי שוין אריין מיט אידען און מ'שטעלט זיך דאַוונען... ווי מיינט איהר? רבי הירש פארציטערט ווערט הייזעריג און קען ניט ארויסזאָגען קיין וואָרט...

שרייט ע ר אויס: „רבי הירש, מסירת נפש!" דאַוועגט שוין רבי הירש מיט אַלע כחות...

ס'קומט צו תקיעות, ווי, ס'געהט ניט... אַלע שופרות אויסגע־פּרובט... נישטאָ קיין בעל תוקע... זאָגט ער צו רבי טאָמאַשאָווער: „הירש, בלאָז!"

זאָגט ער: „רבי, כ'וועל פּרובען..." פּרובט ער, ווי, ס'געהט נישט, די ליפּען זיינען שוין געשוואָלען און קיין קול שופר הערט מען נישט...

דופט ער זיך שוין אָן: „ער וועט אַ שווארץ יאָהר האָבען, דער רשע מרושע, זיך פערנומען, גלגול ירבעם בן נבט און יוסף דילה רינה... ווער ס'האָט אָנגעריהרט מיין קליאמקע און וועט שטארבען אָהן תשובה, וועל איך איהם דאָרט אַ שווארץ יאָהר אויסריכטען... און דו, הירש, געה צו תקיעות..."

מילא, ער שטעלט זיך שוין אליין אוועק מסדר התקיעות זיין. רבי הירש האקט מיט די ציצית אין שופר אריין, ס'געהט ניט...

זיך ארומגעקוקט — ניטאָ קיין מנין !... ס'זיינען מעהר ניט געבליבען ווי ר' הירש טאָמאַשאָווער, רבי הירש פאַרציווער און ר' יחיאל מאיר גאָסטינער, און זיי, די ליכטיגע אידען, געהען ארום פערכמארעט ווי תשעה באב : גוואלד, נים דערלאָזט !... זיין ארבייט... גלגול „רבי יוסף דילה רינה"...

מילא, לויפט רבי הירש טאָמאַשאָווער אריין צו איהם : „גוואלד, רבי, נישטאָ קיין מנין !" זאָגט ער : „איך ווייס, ס'איז זיין מלאכה... און פונדעסטוועגען דאַרף א איד ניט ארויבפאלען, מי לנו גדול מדוד מלך ישראל, און איהם האָט'ם אויך געטראָפען. הני מקים עליך, ווי דער נביא האָט געזאָגט, פון די אייגענע בני בית..." זאָגט ער איהם ווייטער : „גוואלד, א מנין !... ראש השנה !..." הויבט ער שוין אויף די אויגען און זאָגט : „אי, א איד דאַרף האָבען בטחון, ס'וועט זיין..." געהט רבי הירש צוריק ארוים...

און תיכף האָט ער די ווייסע זשופיצע אָנגעטהאָן און אין בית המדרש אריין. א קוק געטהאָן אויפ'ן עצבות, וואָס ליעגט אויף די ליידיגע וועגד און דעם חשך וואָס שלאָגט פון די מנורות און די מרה־שחורה אויף די פנים'ער פון די דריי איבערגעבליבענע חסידים, שרייט ער אוים : „חס ושלום, עצבות חלול שבת ! ס'וועט זיין א מנין. געהט רופט מענשען פון גאַס..."

מילא, לאָזט זיך רבי הירש טאָמאַשאָווער מיט ר' יחיאל מאיר'ן ארוים זוכען א מנין, רבי הירש פאַרציווער נעהמט מאַכען הכנות צום דאווגען, און ער שטעהט און קוקט גלייך אין הימעל אריין... טענה'ט מיט'ן רבונו של עולם...

נו, אז ער פערנעהמט זיך, וועט ניט זיין ? ער האָט'ך דאַרט פאַרט מעהר דעה געהאט ווי דער בעל דבר, געשעהט א נס און ס'בעווייזען זיך אידען אין גאַס און מ'פיהרט זיי אריין אין בית המדרש, און מ'שטעלט זיך דאווגען...

נו, האָט מען געדאווענט, ניט אפילו ווי אימער, נאָר מ'האָט זיך פאָרט מתגבר געווען איבער'ן עצבות...

און ביים זאָגען זיך לשנה טובה הערשט אָן עצבות, אז ס'איז ניט איבערצוטראָגען. א קליינינקייט : אין קאָצק נישטאָ קיין מנין חסידים, און מ'מוז זוכען פרעמדע !...

# חסידישע מעשה׳לעך

(נסים ונפלאות אַלאַ פּרץ)

## א.

## ראש השנה ביי דער גרויסער מחלוקה.

איז דאָס געווען אַ יאָהר, האָר און נעגעל, מויל און אויערען אויפצושטעלען!... אַלטע חסידים געדענקען דאָס נאָך. ער זאָל לעבען, שפּאַרט זיך איין: ער מוז משיח׳ן אַראָבברענגען. נעהמט מרדכי יוסף, דער רעכטער מקורב זיינער, דער לייב־מענש ממש — און מאַכט אַליין צו־נישט... נעהמט ביי איהם צו דעם עולם, און די גרויסע מחלוקה האָט זיך אָנגעהויבען און פערפאַלען, דער גואל צדק האָט נ י ט געקענט קומען... מחלוקות...

מילא, מ׳ווייסט אַז דאָס איז קיינעמס ארבייט ניט געווען נאָר דעם ב ע ל ד ב ר ׳ ס, קיין אַנדערער האָט זיך מיט איהם ניט געקענט אָנהויבען ווי דער „סם" אַליין... און אין אַזאַ קורצער צייט, פון די ערשטע סליחות ביז „זכור ברית"... און חסידים וואָס זיינען געגאַנגען צו־פוס קיין קאָצק און האָבען פון גאָרניט געוואוסט, האָבען פערבלאָנדזשעט צו איהם קיין איזשביצע... אוי, וועה, ס׳איז נאָך אַזוינס ניט געהערט געוואָרען, פּשוט, טאַקע מויל און אויערען...

ביי זכור ברית האָט מען שוין געזעהן אַז ס׳איז עפּעס נישט ווי ס׳דאַרף צו זיין, ע ר האָט מרגיש געווען און מען האָט שוין געזעהן אַז ער ווערט פול מיט עצבות. נאָר ער האָט זיך פאָרט מתגבר געווען און גענומען זאָגען „זכור ברית" מיט׳ן אַלטען נגון. נאָר אין מיטען האָט ע ר אַ בליק געוואָרפען אויפ׳ן עולם און אַלע האָבען שוין געזעהן אַז ז י י ן פּנים איז געווען חושך׳דיג, ממש צרות כל ישראל דערין געווען... ווערען אַלע, אַלע אויפגעציטערט און מ׳נעהמט זיך אַרויסרוקען...

וואָס זאָל איך אייך מאריך זיין, ראש השנה ביי נאַכט, מ׳האָט

הער אויף, זאָג איך דיר!... אוי, אוי, א כאָלעריע דיר אין די ביינער אריין! זעה ווי געזונד ער איז געוואָרען! ס'זאָל דיר נאָר זיין צום טויידט! דו בייסט גאָר?... משוגענער, זאָל שוין זיין גענוג!... חזיר, וויפיעל איז דער שיעור?... ווילסט מיך דערשטיקען צו אַל־די רוחות?... פע, הערש, איך זאָל אזוי לעבען ווי ס'איז א מיאוס'ע זאך... דער גוי וועט זיך נאָך אויפכאפּען, וועט זיין א חרפּה און א שאנדע... לאָז מיך אָב, זאָג איך דיר, הערש!... האָסטו געזעהן אַן אָנשיקעניש! אָנגעטשעפּעט זיך ווי א קלישטש און גיט אָבצורייסען איהם! ביזט משוגע געוואָרען, צי וועלכע גוטע יאָהר?... וועה איז מיר — הערש!...



כאָטש אזוי לאַנג ליגנען אויף איין זייט און זיך ניט קענען איבער־קעהרען, וויפיעל וואַכען עס גערט אוועק, וואָס איך זעה דיך אפילו פאר די אויגען ניט אָן! זאָג אליין, מעג זיי ניט אויסגעקרימט ווערען די מיילער ?...

ס'דאַרף מיך, זאָגסטו, ניט אַארען וואָס מען רעדט ? גלויב מיר, ס'אַארט מיך פונקט ווי דעם פאר־א־יאָהריגען שנעע... נאָר גאָר נישט; אמאָל פערדריסט עס, וואָס איז ? ביי אַזאַ סטערווע דאַרף איך אויך זיין אין מויל ?...

וואָס ? צו אַ שעהן ווייבעל זאָגסטו מעג מען קומען ? מעגסטו שוין אויך פערשטומט ווערען! ער הויבט שוין אָן מיט זיינע חכמה'לעך... האָסט שוין ניט פון ווען חוזק צו מאכען ? רוק זיך בעסער אביסעל ארויף, האָסט זיך שוין אזוי אראָבגערוקט אַז די פיס זיינען מיר אַזש אָבגענומען געוואָרען.

איך מוז זיך, זאָגסטו, זעצען נעבען דיר ? וואָס קלערסטו, אָט לויף איך שוין! היים בעסער דעם גוי אביסעל אונטערטרייבען די פערד. זעה נאָר ווי פּאַוואָליע מען האָט זיך אָנגעהויבען צו שלעפען.

וואָס ? דער גוי, זאָגסטו, איז גאָר אנשלאָפען געוואָרען ? אַ ווייסטער חלום אויף זיין קאָפּ! לאָז נאָר, איך וועל איהם געבען אַ שלעפּ אַז דער רוח זאָל איהם כאַפּען! העי קומו! העי!... ביזט אַ מבין ? שלאָפט ווי אַ גע'הרג'עטער.

ס'איז, זאָגסטו, אַ שעהנע נאַכט, מאַכט ניט אויס אַז מען וועט פאָהרען לענגער אביסעל ? וואָס דיר פעלט אַלץ איין פּאר נארישקייטען!

וואָס זאָגסטו! ? אַלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים'ס קעפּ! נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכען! ביזט משוגע געוואָרען ? וואָס הייסט דו ווילסט מיר אַ קוש טהון ?... גערה, גערה, שלאָג דיר ארויס די נארישקייטען פון קאָפּ. וואָס מיינסטו, ס'איז מיידעלוויין הינטער'ן בארג ?...

ס'וועט מיר ניט העלפען, זאָגסטו ? הער איך דיך ווי די קאַץ! ווייסט דאָך, אַז אויף „דוקא" קען מען ביי מיר ניט פּועל'ן...

געטראָפען, זאָגסטו? ווער זאָל אַזוי לעבען? טאַקע? נו? ס'וועט, זאָגסטו, גאָר נישט זיין דערפון? פאַרוואָס, זי געפעלט דיר ניט?...

זעהסטו, ווער ס'איז שעהן, איך בין טאַקע קלוג! מיר זאָלעןביידע אַזוי לעבען און געזונד זיין, ווי איך האָב שפּרינצע'ן באַלד געענטפערט די אייגענע ווערטער! און לאָמיר זיך ניט נאַרען, — וואָס פאַר אַ מציאה וואָלסטו טאַקע געכאַפּט אין איהר?... ערשטענס, איז זי אַן אָרימע און נאַקעטע, וואָס האָט ניט, איך בעט איבער דיין כבוד, אפילו אַ לייטיש קליידעל אויפ'ן לייב... און צווייטענס, צווישען אונז געשמועסט, ווי קומט זי טאַקע צו דיר?... וואָס איז, ביזט חלילה, אַ שטומער, אַ בלינדער? כ'לעבען, זאָג אַליין, האָב איך רעכט צי ניין? — הער־זשע, זאָג איך אַזוי צו שפּרינצע'ן: גערענק, שפּרינצע, מיינע רייד, אַז פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט ניט זיין. פרעגט זי: פאַרוואָס? זאָג איך: ווייל אַזוי! ווייל דער קרבן פּאַסט ניט צו דעם מזבח!... זאָגט זי ווידער, אַז לויט מען האָט איהר דערצעהלט, איז מען שוין פון דיין זייט כמעט אין גאַנצען פאַרטיג. וואָס־זשע דען? פון יענעם צד קרימט מען זיך נאָך אביסעל... ווייל איך דאַרף אָבער וויסען דעם תוך... און ביי שפּרינצע'ן צו דערגעהן אַ תוך ווייסטו דאָך ווי שווער עס איז... הכלל, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, זי דערצעהלט מיר. וואָס איז? — בעשווערט זי מיך קודם, למען השם איך זאָל חלילה אויף איהר קיין פאַראיבעל ניט האָבען און דער עיקר עס זאָל חלילה ווייטער ניט קומען. זאָג איך איהר צו. מאַכט זי אַזוי בנעימות, ווי זי רעדט זיך: „וואָס וויים איך? וואָס כ'האָב געקויפט, דאָס פערקויף איך. זי זאָגט — די מויד הייסט עס — אַז ס'געהט אַרום אַ קלאַנג אין שטעדטעל, אַז מען זעהט הערש'ען אַלעמאָל אריינקומען צו דיר אין געוועלב אריין“...

גיט דאָס מיר שוין אַ שטאָך אין דער זיבעטער ריפּ, און איך בלייב שטעהן, אַז דאָס בלוט מישט זיך אַזש אין מיר.

וואָס הייסט, זאָג איך, ער קומט אַריין? ס'איז אַן אָפענע טהיר, קומט מען. מען קען עפּעס יענעם פערשטעלען דעם וועג? און צווייטענס זאָג איך, ניט צו דיר גערעדט, זאָלען מיינע שונאים

דער אויבערשטער העלפט אַז מען קען זיך האָבען פּרנסה און זיך ניט וואַלגערען אויף ירידים איז אודאי בעסער. וואָס קלערסטו, מיר איז גוט? אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט! איך זאָל קענען, וואָלט איך מיר אודאי בעסער געמאַכט. וואָס זאָל איך אָבער טהון, אַז דער וואָס איך בין ניט ווערטה צו דערמאָנען, האָט מיר אָבגעשניטען מיינע יונגע יאָהר?...

ס'איז דיר אַ חדוש, זאָגסטו, וואָס איך טהו קיין שדוך ניט? וואָס איז דאָ דאָס חדוש? איך וויים? גאָר נישט! ס'איז אַ סך צו דערצעהלען. מילא מיט מיר, ווי מיט מיר. גאָר אויף דיר, זעהסטו, חדוש'ט מיך מאקע. אמת, עס פעהלט דיר גאָר נישט; ביזט ביים טאַטען, איך וויים, מען קען זאָגען, דער גאַנצער בעל־הבית! פונדעסטוועגען וויפיעל איז דער שיעור צו וואַרטען? וואָס איז, אַ ווייב וועט חלילה ביי דיר קיין ברויט ניט האָבען? אי ווערסטו זאָגען, אַז חתונה האָבען איז נאָך ניט דאָס גאַנצע גליק? קען מאקע זיין אַז דו האָסט רעכט; וואָרים, מען זאָל ניט וויסען דערפון, ווער פיהלט נאָך אַזוי דעם ביטערען טעם ווי איך, מישטיינס געזאָגט? אָבגעלעבט אין גאַנצען קאַרגע דריי יאָהר מיט אַ מאַן, שונאי ציון... איצט דאַרף איך זיך מוטשען אויפ'ן טויט, מיינע שונאים! — הימעל און ערד האָבען דאַך אויף מיין בראָך געוויינט.

דו שטעהסט שוין, זאָגסטו, יאַ עפּעס אין אַ שדוך? נו, זאָל דיר דער אויבערשטער העלפען ס'זאָל אויסגעפיהרט ווערען. מיט וועמען? איך האָב אפילו יאַ עפּעס געהערט מורמלען, איך וויים אָבער ניט צי עס איז אמת.

פון וועמען איך האָב געהערט פרעגסטו? איך וועל דיר דער־צעהלען, איך וויל אָבער ניט ס'זאָל ארויסקומען.

יענע וואָך שטעה איך אַזוי ביי מיר אין געוועלב, קומט אריין שפרינצע די קצב'טע.

— האָסט געהערט נייעס? — פרעגט זיך מיך.

— וואָס פאַר אַ נייעס? — פרעג איך.

— צווישען אונז זאָל עס בלייבען — מאַכט זי — ס'הערט זיך, אַז הערש חיים בער דעם שוסטער'ס געהט אַ חתן ווערען פאַר ביילע דעם סטאָליאַר'ס".

# אונטערוועגנס

(אַ שמועס פון אַ יונגער אלמנה פאָהרענדיג פון אַ יריד)

— געלויבט איז גאָט, אבי איך זיץ שוין אויף דער פוהר. ס'זאָל דיר נאָר אקעגענקומען וואָס דו האָסט מיר געטהאָן.

הער אָן אָבטהו פון אָן עשיו גנב! איך בעט איהם, ווארט אויס נאָך איין מינוט, איך געה מיר נור צוברענגען אַ פעקעל סחורה, וואָס איך האָב פערגעסען מיטצונעהמען, לאָזט ער מיך איבער און פאָהרט אוועק! אז אלע בייזע חלומות זאָלען אויסגעהן צו זיין קאָפּ, צו זיינע הענד און פיס! א מערכה וואָס איך האָב נאָך דיך געטראָפען. צום טהייערען יריד וואָס איך האָב היינט געהאט, מישטיינס געזאָגט, געה וואלגער זיך נאָך אַ נאכט אין אַ פרעמדער שטאדט! אפשר איז מיר חלילה בעשערט געווען אָן אונגליק, זאָל דאָס זיין אָן אָבקומעניש.

אויב דו ווילסט, הערש, רוק זיך, זיי מוחל, אביסעל ארויף. ס'האָט דיך אזוי אראָבגערוקט פונ'ם געזעס, אז ס'דריקט מיר אָב די פיס. — אזוי, נאָך אביסעלע, אָט אזוי! הונדערט יאָהר זאָלסטו לעבען! מיט די ערלים איז קיין מאָל ניט אויסצוקומען: אָדער זיי קריכען מיט די פערד ווי פוילע קעז, אז ניט טראַמאָסעט עס אזוי, אז ס'זעצט פשוט די קישקעס ארויס!

איך זאָל זיך זעצען נעבען דיר, זאָגסטו, וועט מיר זיין בעסער צו זיצען? אַ שעהנעם דאנק. נאָך דאָס פעהלט מיר! נעבען אַ בחור „פאָדבאָקום" פעהלט מיר נאָך צו זיצען...

ווי־זשע געהט עס דיר פאָרט אזוי, הערש? האָסט זיך אזוי אויף קאַטאָוועס ארייגגעלאָזט אין די ירידים, און יאַקאָש דרעהסטו זיך. לייזט זיך כאָטש עפּעס? נו, געלויבט איז גאָט דערפאר! קיין גליקען איז היינט אין ערגעץ ניטאָ. וויפיעל דער אויבערשטער בעשערט, דארף זיין צוקער זיס. כ'לעבען, דער גרויסער בעדארפער וואָס דו ביזט! אָהן דיין שאָדען אויף מיר געזאָגט! אודאי, אַז

אלט פינף מאָנאט, זאָל איך איהם יעצט געהן מל זיין ! געהן געגען מיין אידעאל...

נו, האָט זי אריינגעכאפט א פּאָרציע, אז זי וועט מיך האָבען צו געדענקען !...

הערט־זשע מיך ווייטער: דאָ, אייערנעכטען, ווען איך בין ארונטער מיט מיין אידענע אויסרייניגען דעם סעלער (מיר זיינען די הויזקיפּערס) האָבען מיר דעם זוהן אונזערען געלאָזען שלאָפען אין וויגעל.

אז מיר קומען ארויף, ערשט דאָס קינד וויינט און וויינט, אז מען הערט איבער'ן גאנצען הויז. זייט מיר האָבען דאָס קינד האָט עס נאָך ניט געמאכט אזעלכע קולות. מיין אידענע נעהמט עס אויפ'ן האנד, טרייסעלט עס הין און הער, גיט איהם די ברוסט, זינגט איהם א ליעדעל — עס העלפט ניט ! עס וויינט און עס וויינט !

אפשר, זאָג איך, שטעכט איהם א דייפּער־פּין ?

נעהמט זי דאָס קינד, לעגט עס אוועק אויפ'ן טיש, טהוט עס אוים נאַקעט און... מיר גיבען א קוק, דאָס קינד איז עפּעס פער־בלוטיגט... מיר קוקען ווייטער — די האָאר שטעלען זיך אונז אויף פאר שרעק ! עס וואַרפט מיט אונז דאָס ניין־יעהריגע קדחת !

איז וואָס מיינט איהר האָט פּאסירט ? גאָר א קלייניגקייט: בעת איך מיט מיין אידענע זיינען ארונטער אויסרייניגען דעם סעלער, האָבען זיך דערוויילע אריינגעכאפּט ביי מיר אין הויז חברה, און האָבען מיר מל געווען דאָס קינד !...

ווי איהר זעהט מיך א אידען, גענומען און מל געווען ! — — —

מעג ניט קומען אן אונגליק אויף גאנץ אמעריקא ? !

א קינד ליעגט זיך שטיל און רוהיג אין וויגעל און טשעפּעט ניט א פליג אויפ'ן וואנד, געהט מען און מען בעשניידט דאָס !...

גערעכט איז געווען יאָהאן מאָסט, ווען ער האָט געזאָגט, אז רעליגיאָן איז א פּעסט. און דעריבער טאַקע זאָג איך: מען מוז פּראָפּאגאנדירען ! קיין קאָמפּראָמיסעווען ! נאָ, סער !

מאַמע, זאָג איך, איך האַלט ניט פון די אַלטע זאַבובאָנעס...
איך פייף אויפ׳ן קדיש!
וויינט זי נאָך מעהר!...
זאָג איך: מאַמע, דיין וויינען וועט דיר גאָר ניט העלפען. דאָס
האָט צו טהון מיט א פּרינציפּ...
זאָגט זי: „אויב ניט איבער שלשים, זאָל כאָטש זיין איבער דער
שבעה...“
מאַמע, זאָג איך, מאַך זיך ניט לעכערליך... דאָס קדיש־זאָגען
איז אַן איבערבלייבענים נאָך פון די אַלטע פּרימיטיווע פעלקער...
פון די אוראַלטע, פערשימעלטע דורות, בעת דער מענש האָט נאָך
געלעבט ווי א מאַנקי, ניט געוואוסט פון קיין פּאָרטשריט, פּראָגרעס,
סאָלידאַריטעט און קאָמוניזמוס...
ווען דו, מאַמע, וואָלסט געלעזען יאָהאַן מאָסט׳ס „גאָט און די
פּעסט“, וואָלסטו ניט געפּלוידערט קיין דומהייטען...
און זי — די מאַמע הייסט דאָס — וויינט און גיסט מיט
טרערען, און מענה׳ט זיך אַלץ איהר אַלטע טענה: „איך שטאַרב...
איך שטאַרב... פערזים מיר די לעצטע מינוטען פון מיין לעבען...
זאָג מיר כאָטש איין־איינציגען קדיש, בעת מען וועט מיך מקבר
זיין... כאָטש איין קדיש ביים קבר... כאָטש איין קדיש...“
מאַמע, זאָג איך, איך האָב פיינט אז א מענש מאַכט זיך
לעכערליך!... איצטער זעה איך טאַקע, אז יאָהאַן מאָסט האָט
געהאַט רעכט, ווען ער האָט געזאָגט: „אז די רעליגיאָן איז א רעגע־
לע פּעסט“...
דער סוף איז געווען, אז מיין מאַמע איז געשטאָרבען און איך
בין אפילו צו דער לויה ניט געווען...
מיט מיין ווייב האָב איך אויך צו זינגען און צו זאָגען: א
רענעלע חיה! פאַנאַטיש, אז גאָט זאָל אָבהיטען!... איך האָב זי
שוין פיעלע מאָל מכבד געווען פאַר איהר פאַנאַטיזמוס. ערשט
מיט א וואָך צוריק האָט זי פון מיר אַריינגעכאַפּט א היבשע
פּאָרציע.
וואָס איז? זי האָט זיך איינגעשפּאַרט איך זאָל לאָזען מל זיין
אונזער זוהן. איהר הערט כאָטש אַן איינפאַל? דער זוהן איז שוין

# דער אַנאַרכיסט

(אַ מאָנאָלאָג)

קאָמפּראָמיסעווען איז ביי מיר ניטאָ! נאָ, סער! איך בין מיר אַ מענש, וואָס גלייך אויף אַלעם צו פייפען.

איך פייף אויף די ציצית, אויף די תפילין, אויף די רבנים, אויף דער סיסטעמע, אויף דעם קאַפּיטאַליזמוס, אויף מילה, אויפ'ן שטים־קעסטעל און אפילו אויף דעם הייליגען יום כפור!...

נור מעהר פון אַלעם פייף איך אויף די שבתים!...

אַ גאַנצע וואָך זיץ איך מיר אין הויז און טהו ניט אַ פינגער אין קאַלטען וואַסער, אָבער טאַקע לחלוטין גאָר ניט! פון וואַנען לעב איך? איז דער תירוץ: מיין ווייבעל! זי געהט זיך אַרבייטען און דאַטס־אָל!...

פאַר דערפאַר, אז עס קומט דער הייליגער שבת, איז געהאָרע־וועט דעם גאַנצען טאָג.

איך הייץ איין דעם אויוועז, שטעל צו דינער, פערדריכט מיר די הויזען, סמוק אַ סיגאַרעטעל, האַק אָן אַ ביסעל האָליע, פּאַליש מיר אָב די שיך, זיפּ אויס די אַשעס, שלאָג טשוועקעס אין די ווענד, פיינט אָב דעם פלאָר, וואַש וועש און שפּיעל מיר אויף מיין האַרמאָניקעל!...

שבת בין איך ביזי ווי אַ ביהן... אזא מענש בין איך מיר.

מען מוז דאָך מאַכען אַביסעל פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם אידעאַל!

אי, די שכנים בורטשענען? — פייף איך אויף זיי אויך!...

וואָס טויג איך מעהר: אז מיין זעליגע מאַמע איז געלעגען אויפ'ן טויטען־בעט, האָט זי געשיקט נאָך מיר — „זי וויל מיך זעהן איידער זי שטאַרבט". מילא, בין איך אוועק. צוגעקומען צום קראַנקען־בעט, נעהמט די מאַמע מיין האַנד אין איהרע און הויבט אָן צו וויינען... „וואָס ווילסטו, מאַמע?" „איך וויל דיך בעטען: אז נאָך מיין טויט זאָלסטו נאָך מיר קדיש זאָגען. אויב ניט דאָס גאַנצע יאָהר, זאָל כאָטש זיין איבער די שלשים..."

און זי כליפּעט מיט ביטערע טהרערען!

נאָנדערגעבליהטער און געשמייבעלט...

און זומער איז געוואָרען...

און דער דיכטער האָט שוין ניט געקענט די היץ אריבער־טראָגען, און ער האָט ארונטערגעוואָרפען פון זיך זיין קאַפעליוש און זיינע קליידער, ווי ס'וואָלט געווען אין מיטען תמוז...

און פאַכענדיג מיט דער נשמה האָט דער נארישער דיכטער געזאָגט:

„איך וואָלט ווייטער געוואָלט רעדען, אייך בעווייזען, אז אָהן מיר קען דער פריהלינג ניט קומען, נור ס'איז שרעקליך היים...“

און די עטליכע קלוגע מענשען האָבען זיך געהאַלטען ביי די זייטען פון געלעכטער...

קאטשען זיך די עטליכע מענשען פון געלעכטער.
שרייט דער דיכטער: „ברענגט מיר שוין אהער דעם לוח!"
אום צו האָבען שפּאַס, האָט מען איהם א לוח דערלאַנגט.
האָט דער נארישער דיכטער פון דעם לוח דעם חודש מאַי אויסגעמעקט...
האָבען זיך די מענשען נאָך שטארקער צולאַכט.
איז דער נארישער דיכטער אין כעס געוואָרען, און געהאַלטען פאַר די עטליכע מענשען די דאָזיגע דרשה:
„אזוי ווי די זון קען ניט אויפגעהן ביז דער האָהן קרעהט ניט, אזוי קען דער פריהלינג ניט קומען, ביז איך שרייב ניט קיין פריהלינגס־ליעד...
„מיין פריהלינגס־ליעד רופט דעם פריהלינג אַרויס.
„אי, וואָס די לופט איז מילד און ווארעם און דער הימעל לויטער־בלוי און די ערד מיט גרינס בעציערט — איז דאָס טאַקע ניט נאַטירליך!... דאָס האָבען מיר די שונאים מיינע, די יונגע צוציקעס, די ניט־פערגינערס — א בראַנד אויף זיי — אזוי אָב־געטהאָן!
„זיי ווילען מיך ערגערן!...
„ליעבע מענשען, דער פריהלינג וואָס איהר זעהט, איז א געמאַכטער, א פאַלשער פריהלינג! דאָס האָבען די ווייסע חברה, די פּיפּיגע יונגען אומישנע פאַבריצירט! זיי ווילען מיך בעזייטי־גען... אומברענגען; אין מיין גלאַנץ ווערען זיי פערדונקעלט... זיי שטעהט ניט אָן, אז איך זאָל זיין די זון, און זיי די פלעקען...
„מיינע לעצטע ליעדער האָבען דאָס בעוויזען..."
דערהוויל איז אין דרויסען געוואָרען גוט ווארעם, און דער דיכטער האָט גענומען שוויצען ווי א ביבער...
ער האָט דעם שוויים פון שטערען געווישט און ווייטער גערעדט:
„אז איך וועל קיין פריהלינגס־ליעד ניט שרייבען, וועט דער פריהלינג ניט קומען; וועלען קיין גראָזען ניט וואַקסען; וועלען בהמות קיין פּאַשע ניט האָבען..."
און אין דרויסען איז דער יונגער פריהלינג געשטאַנען א פער־

# דער נאַרישער דיכטער

(אַ מעשה'לע)

עס איז אַמאָל געווען אַ נאַרישער דיכטער. און דער נאַרישער דיכטער האָט זיך איינגערעדט, אַז אָהן איהם קען דער פריהלינג ניט קומען. ער מוז פריהער זיין פריהלינגס־ליעד שרייבען...

זאָל ער עפּעס ניט זיין „מיט אַלעמען“, און קיין פריהלינגס־ליעד ניט שרייבען, וועט דער פריהלינג ניט קומען...

און בעלאַנגט האָט דער נאַרישער דיכטער צו די אַלטע, צו די זקנים... און אַלס אַ זקן האָט ער דעם ווינטער געליעבט.

ווינטער פלעגט ער ליעגען אין זיין בעטעל איינגעקאָרטשעט און זיך וואַרעמען אונטער די פוכענע קאָלדרעס...

ער האָט קיינמאָל ניט געזעהן ווי די יונגע ווייסע שנעעלעך פלאַטערען שטיל און טרוימעריש אין דער ווייסער לופט, ווי בליטהען־רעיונות פון יונגע נביאים...

ער האָט געליעבט די קעלט, אָבער קיינמאָל ניט די שעהנהייט.

איינמאָל האָט דער נאַרישער דיכטער דערשפּירט, אַז אַלץ לעבט אויף.

האָט ער פון זיין פענסטערל אַרויסגעקוקט און דערזעהן, אַז די ערד ווערט גרין... אַז די בוימער האָבען שוין אַרויסגעשטעלט דער וועלט זייערע גרינע צינגעלעך...

און בלייך איז דער דיכטער געוואָרען.

און צוזאַמענגערופען האָט ער עטליכע קלוגע מענשען און געפרעגט ביי זיי וואָס דאָ קומט פאָר.

„ס'איז פריהלינג“, האָבען די עטליכע קלוגע מענשען געענטפערט.

דער נאַרישער דיכטער האָט אַ טופּע געטהאָן מיט'ן פוס.

„פריהלינג“? — וואָס רעדט איהר! איך האָב דאָך נאָך קיין פריהלינגס־ליעד ניט געשריבען...“

גענוואָרען, צו וואָס ? וואָס צוהאַקט איהר עפּעס די פּלאַטפאָרמע אונטער מיר ?... וואו האָט איהר דאָס געקראָגען אַזעלכע שאַרפע העקלעך ? וואָס שלעפּט איהר מיך פאַר די הויזען ?...

„גראָביאַנעס ! וואָס שלאָגט איהר זיך, וואָס ? פאַר וואָס קומט מיך צו שלאָגען ?...

„הינט־שלעגער ! א קרענק אין אייערע ביינער אריין !... איהר ווילט מיך ניט הערען, אַלל־ראַיט ! אָבער נאָך וואָס, זאָלט איהר מיר געזונד זיין, דאַרפט איהר צונעהמען די פּלאַטפאָרמע אין שטיקער ?

„נימע, שלעפּט ניט ! שלעפּט ניט ארויס פון אונטער מיינע פיס דאָס לעצטע ברעט, איכ'ל פאַלען !...

„טשעפּעט ניט, העי !... וואָס, איהר שלעפּט טאַקע דאָס לעצטע ברעט אויך ?... שעהנע מענשען ! וואָס האָט איהר אויס־געפיהרט ? גאָר נישט !... אָט האָט איהר פונאַנדערגענומען די גאַנצע פּלאַטפאָרמע !... איהר האָט געלד אויף אַנדערע פּלאַט־פאָרמעס ? און אז יאַ... העי ! שלעפּט מיך ניט ביים קאָלנער !... וואָס בין איך עפּעס אייערער ?... שטופּט מיך ניט אַזוי !... איהר'ט מיך ארונטערוואַרפען פון די טרעפּ !... העי ! הערט מיך אויף בריקענען אין פּאַטילניצע, סטאַפּט !... איך האָב פיינט קאַטאָוועס־לעך !... פע, איך וועל שוין פאַר אייך מעהר ניט לעקטשורען, א מכה !...“



קאַלבם־צונגען, שאַפּענע גהירן, גענזענע פּופּיקלעך און היהנער־אויגען...

„חברים און חבר'טעס! וואָס הירזשעט איהר ווי די פערד, וואָס כאַכאַטשעט איהר ווי די עזלען? קאַטשקעס, וואָס איהר זייט, לאָזט אויסרעדען א וואָרט!...

„די גאַליציאַנער זיינען געווען — — —

„ליעבע חברים און חבר'טעס! מאַכט ניט קיין געוואַלדען, שרייט ניט, הוסט ניט, פּייפט ניט! אז איהר וועט פּייפען און הוסטען און שרייען, וועל איך מוזען סטאָפּען...

„וואָס, איהר פּייפט נאָך?... אַלל־ראַיט, פּייפט, ווער לאָזט אייך ניט פּייפען? אָבער צו וואָס דאַרפט איהר נאָך וואַרפען אויף מיר שאַלעכץ פון באַנאַנעס און שטיקער וואָטער מעלאָן?...

„חברים און חבר'טעס! אויב איהר ווילט דוקא אויף מיר וואַרפען שאַלעכץ פון באַנאַנעס און שטיקער וואָטערמעלאָן — קען איך אייך ניט פערוועהרען. אָבער צו וואָס, זאָלט איהר מיר לעבען, דאַרפט איהר נאָך וואַרפען אויף מיר פלעשער פון סעלצער־וואַסער און בענקלעך? איהר קענט דאָך אזוי נאָך צו'פּטר'ן די גאַנצע פּאַרניטשור?...

„חברים און חבר'טעס! זאָגט מיר, אדרבה, וואו איז אייער שכל? אָט נעהט מען שוין וואַרפען אויף מיר דעם טיש אויך!...

„פּע, איך האָב פיינט אַזעלכע קאַטאָוועסלעך. ס'איז גוט א מאָל א וויץ, א שטיפּעריי, אָבער וואַרפען אויף מענשען באָטעלס פון סעלצער־וואַסער און טישען מיט בענק — איז שוין א ביסעל צו־פּיעל!...

„עה, איהר סטאָפּט טאַקע ניט? זייט איהר דאָך שוין אמת'ע רוצחים, גראָבע יונגען! איהר קענט דאָך מיך אָט אזוי אוועק־הרג'ענען! וואו איז אייער יושר, אייער מענשליכקייט? איך בין דאָך עפּעס א טאַטע פון 5 קינדער.

„וואָס, איהר ווילט מיך טאַקע ניט הערען?... אויב אזוי, הייסט דאָס, אז איהר ווילט, אז איך זאָל ניט פּאַרטזועצען מיין לעקטשור... זעהר שעהן!... אָבער — — —

„ליעבע חברים און חבר'טעס! צו זיינט איהר היינט משוגע

# דער לעקטשורער

(אַ רעדע־מאָנאָלאָג)

„אידען, שרייבער און מענשען ! מיט גרויס פרייד לאָזען מיר אייך וויסען, אז דער בעליעבטער לעקטשורער יאָקעל (אַ גאַליציאַ־נערביים טרייד) וועט לעקטשורען איינע פון זיינע לעקטשורס, מיט וועלכע ער האָט זיך אזוי בעריהמט געמאַכט אין דער שטאדט חעלם. די טהעמאַ וועט זיין : „דאָס עסען ביי פערשיעדענע פעלקער".

„אראנזשירט פון דער חעלם'ער „חולי נופלים", ביי וועמען דער לעקטשורער איז אויך דער טשערמאַן.

„קומט אין מאסען היינט ביינאַכט, אין פיפיץ האָל, צווישען ריט און פיט אין דער מיט. איינטריט : גאָר ניט."

דעם דאָזיגען סירקולאר האָט מיר דערלאַנגט אַן אַלטער איד אין פיט סטריט פּארק.

איך האָב זיך קוים דערוואַרט דער טאָג זאָל אוועק. אז ס'איז נאכט געוואָרען, בין איך אוועק הערען דעם „בעליעבטען יאָקעל, וואָס איז אַ גאַליציאַנער ביים טרייד און איינטריט איז גאָר ניט..."

ארום 8 אוהר איז שוין די פּיפּיץ האָל „צווישען ריט און פיט אין דער מיט" געווען געפּאַקט.

אַ פערטעל נאָך 8 האָט זיך בעוויזען דער „בעליעבטער יאָקעל" און אָנגעהויבען בזה הלשון :

„חברים און חבר'טעס ! דער גרויסער גריכישער פילאָזאָף לאַפּאַצאַנוס האָט נאָך מיט טויזענד יאָהר צוריק בעהויפּטעט, אז אין דער וועלט זיינען פאַראַן מעהר נאַראָנים ווי מענשען...

„איצט, אז מיר זיינען שוין בעקאַנט מיט די גריכען, וועלען מיר אייך איבערגעבען זייערע עסענס :

„די גריכען זיינען געווען די ערשטע מענשען אין דער וועלט, וואָס האָבען אויסגעטראַכט אַזעלכע אכילות ווי : אָקסענע קעפּ,

און ער האָט זיך מיט איהר פריינדליך געזעגענט און איז ארויס פון איהר שטיבעלע א צופריעדענער, א גליקליכער.

ווען ער איז דעם זעלבען פארנאכט געקומען בעזוכען זיין ליעבע טהייערע פלאָרא, האָט ער צו זיין גרעסטען שטוינען געפונען איהר צימער לעדיג.

זיין געליעבטע פלאָרא איז ניט געווען...

נאָכפרעגענדיג ביי אלע ארומיגע שכנים האָט ער אויסגעפונען, אז עפעס א צירקוס מאַן האָט זי אָבגעקויפט און ער איז מיט איהר אוועק וואנדערן איבער דער וועלט.

אין א ווארימער פריהלינגס־נאכט; און אז פרעמדע מענער זאָלען דערהערען דיין זיס געזאנג, קענען זיי דיך נאָך צונעהמען פון מיר — דארום, מיין ליעבע פלאָרא, מוז איך דיר דיין צונג ארויס־רייסען...“

און ער האָט דעם צונג ארויסגעריסען.

ווייטער: „ליעבע, זיסע, טהייערע פלאָרא! דיינע יונגע בריסט זיינען ליעב און ווייס און צארט און ריין ווי די שעהנסטע ליליען פון מאָרגענלאנד; זיי קענען בעצויבערן מיט זייער צארט־קייט פיעלע, פיעלע יונגע לייט — דארום מוז איך דיר דיינע יונגע בריסט אָבשניידען...“

און ער האָט זיי אָבגעשניטען.

„ביזט נאָך ניט פארטיג, מיין ליעבע, טהייערע פלאָרא! איצטער וועל איך דיר דיינע הענד ארונטערהאקען, ווייל זיי זיינען ווארם, ווייך, זאנפט און קלאָר ווי זילבער... ווען א פרעמדער מאן זאָל דיין האנד בעריהרען, וואָלט זיך איהם אויסגעדאכט, אז ער האלט א הויפען פוך פון א יונגע ווייסע טויב און איך וויל ניט, מיין טהייערסטע, אז א פרעמדער מאן זאָל דיינע הענד אָנריהרען, דארום מוז איך דיר דיינע הענד ארונטערשניידען.“

און ער האָט זיי ארונטערגעשניטען...

„מיר זיינען באלד צו ענדע“ — האָט דער פערליעבטער העלד פאָרטגעזעצט — „ווען דו, מיין טהייערסטע, זאָלסט זיצען אין א געזעלשאפט פון מענער ביי אָ טיש קענסט דו דאָך מיט דיינע פיס זעהר גרינג אָנריהרען א פוס פון א פרעמדען מאנסביל — און דאָס וואָלט איך ניט געקענט איבערטראָגען; ווייל צו שטארק און צו היים איז מיין ליעבע צו דיר, דארום מוז איך דיר, מיין טהייערסטע, אָבזעגעןביידע פיס...“

און ער האָט זיי אָבגעזעגט...

„איצט — זאָגט דער פערליעבטער העלד — בין איך שוין בערוהיגט... איצט בין איך זיכער מיט דיר, מיין טהייערע! קיינער, קיינער וועט דיך שוין ביי מיר ניט צונעהמען! מיר וועלען זיך לעבען ווי אדם מיט חוה'ן אין גן־עדן. קיינער וועט אונז דאָס גליק ניט פערשטערען. דו בלייבסט אויף אייביג מיינע!...“

# ליעבט ניט צו שטאַרק!

(אַ מעשה׳לע)

עס ווערט דערצעהלט אַ וואונדערשעהנע מעשה׳לע.

דאָס מעשה׳לע דערצעהלט זיך אַט אַזוי:

אַמאָל האָט אין מאָרגענלאַנד געלעבט אַ יונגער העלד, וועלכער איז געוועזן שטערבליך פערליעבט אין דער וואונדערשעהנער מיידעל פלאָרא. זי איז געוועזן די שעהנסטע טאָכטער פון מאָרגענלאַנד.

און דער יונגער העלד, וועלכער איז געוועזן אין פלאָרא׳ן שטערבליך פערליעבט, האָט זיך געוואָלט בעוואָרענען, אַז קיין אַנדער העלד זאָל זיך ניט צושאַרען צו זיין געליעבטער פלאָרא, איז ער געפאַלען אויף אַ פּלאַן:

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען איז דער פערליעבטער העלד געקומען צו זיין געליעבטער פלאָרא אין איהר קליין, ווייס, ציכטיג שטיבעלע און האָט צו איהר אַזוי געזאָגט: „טהייערע, האַרציגע פלאָרא מיינע! אַזוי ווי דיינע גרויסע שוואַרצע כשופ׳דיגע אויגען קענען צוציהען צו זיך פרעמדע מענער, דאַרום מוז איך דיר, מיין טהייערע, דיינע אויגען אויסשטעכען...“

און ער האָט זיי אויסגעשטאָכען.

„דאָס איז נאָך ניט אַלץ — האָט ער ווייטער געזאָגט — אַזוי ווי דיינע שוואַרצע סאַמעט־לאָקען ווערען פון אַלעמען בעוואונדערט און זיי זיינען אַ גוטער מיטעל אַז פרעמדע מאַנסבילען זאָלען זיך אין דיר פערליעבען, דאַרום מוז איך דיר דיינע שעהנע לאָקען אָבשערען.“

און ער האָט זיי אָבגעשוירען...

ווייטער: „אויך דיינע ווייסע פעריל־ציין זיינען שעהן און קענען מיט זייער ווייסקייט צוציהען פרעמדע מענער — דאַרום מוז איך דיר דיינע ציין אַרויסנעהמען.“

און ער האָט זיי אַרויסגענומען...

ווייטער: „אַזוי ווי דו בעזיצסט אַ וואונדערשעהנע שטימע און ווען דו זינגסט דאַכט זיך אויס אַז דאָס טרילערט אַ סאָלאָוויי

זעלבער צייט געוואָרען מיין קינד׳ס באָבע, ווייל ער איז דאָך איהר שטיעפזוהנ׳ס א קינד... מיין פאטער איז וויעדער געוואָרען דער ריכטיגער שוואָגער פון מיין זוהן, ווייל מיין פאטער האָט דאָך מיין קינד׳ס שטיעפשוועסטער פאר א ווייב... נו, קומט ניט אויס אז מיין זוהן איז דער אייניקעל פון מיין פאטער און איך בין א זיידע צו זיך אליין ?...

— גענוג ! גענוג ! — האָב איך אויסגעשריען — גענוג !

ער האָט מאָדנע א שמייכעל געטהאָן און איז ארויס פון הויז.



טאָכטער ווידער איז געוואָרען מיין שטיפמוטער, און דיזע שטיפמוטער איז מיין ווייב׳ס שטיפטאָכטער...

— דאַן האָט מיין פאָטער׳ס ווייב געהאַט אַ אינגעל, ביי וועמען איך בין געווען קוואַטער. דיזער אינגעל איז דאָך געוואָרען מיין שטיפברודער, דען ער איז דאָך דער זוהן פון מיין פאָטער און מיין שטיפמוטער, און צו דערזעלבער צייט איז ער אויך דער זוהן פון מיין ווייב׳ס שטיפטאָכטער, בכן איז מיין ווייב די באָבע פון דיזען אינגעלע און איך בין דער זיידע פון מיין שטיפברודער...

— גענוג! — האָב איך דערלאַנגט אַ געשריי — איהר זייט דאָך טאַקע באמת אַ צודולטער.

אָבער ער רעדט ווייטער:

—עס האָט נים לאַנג גענומען און אויך מיין ווייב האָט געבוי־רען אַ זוהן. מיין שטיפמוטער איז אַלזאָ איצט געוואָרען מיין זוהן׳ס שטיפשוועסטער און מיין שטיפמוטער איז אויך אין דער זעלבער צייט מיין קינד׳ס באָבע, ווייל ער איז דאָך איהר זוהן׳ס אַ קינד. מיין פאָטער איז ווידער געוואָרען דער ריכטיגער שוואָגער פון מיין זוהן, ווייל מיין פאָטער האָט דאָך מיין קינד׳ס שטיפ־שוועסטער פאַר אַ ווייב... קומט אויס נאָך דיזען חשבון אַז מיין זוהן איז דער אייניקעל פון מיין פאָטער און איך בין געוואָרען אַ זיידע צו זיך אַליין, און מיין ווייב איז געוואָרען אַ...

— אָבער אום גאָטעס ווילען! ווי לעגט זיך דאָס אויפ׳ן שכל?

— אָט ווי אַזוי:

— ווען מיין פאָטער׳ס ווייב האָט געהאַט אַ אינגעל איז דאָך דיזער אינגעל געוואָרען מיין שטיפברודער, ווייל ער איז דאָך דער זוהן פון מיין פאָטער און מיין שטיפמוטער. צו דערזעלבער צייט איז ער דאָך אויך דער זוהן פון מיין ווייב׳ס שטיפטאָכטער, קומט דאָך אויס אַז מיין ווייב איז די באָבע צו דיזען אינגעלע און איך בין אַ זיידע צו מיין שטיפברודער...

— אָבער איך פערשטעה איך נאָך אַלץ נים.

— רבונו של עולם! וואָס פערשטעהט איהר דאָ נים?! ווען מיין ווייב האָט געבאָרען אַ זוהן, איז מיין שטיפמוטער געוואָרען מיין זוהן׳ס אַ שטיפשוועסטער און מיין שטיפמוטער איז צו דער־

# דער צודרעהטער

געלעגען בין איך מיר אויף מיין אלטער פלושענער סאפא און געלעזען זעהר א שפאנענדען קאפיטעל פון א שונד־ראמאן. פלוצים עפענט זיך די טהיר און א מאן מיט צופודעלטע האר און ווילדע, גרויסע אויגען קומט אריין און פרעגט: „וואהנט דא דער שרייבער פון „לץ"?"

— יא, — האב איך געענטפערט — וואס דארפט איהר און ווער זייט איהר?

— איך בין געקומען אייך געבען שטאף פאר אייער זשורנאל.

— אויב אזוי, טא זעצט זיך אנידער און דערלאנגט מיר אלעס וואס איהר האט.

ער הויבט אן:

— איך בין א פערהייראטהער מענש און האב 6 מיידלעך, 5 איינגלעך און גלאט אזוי דריי קינדער... א חוץ דעם האב איך א ווייב וואס האט קיין מאן ניט און, איך — האב קיין ווייב ניט...

— ווי איהר זעהט אויס, זייט איהר עפעס ניט מיט אלעמען — האב איך בעמערקט — ווי איז מען דאס פערהייראט און מען האט קיין ווייב ניט? סיידען איהר וואהנט ניט מיט איהר.

— ניין, איהר האט ניט געטראפען. איך בין א קרבן פון א פערפלאנטערטען פאמיליענלעבען און אויב איהר האט א ביסעל געדולד וועל איך אייך בעקאנט מאכען מיט מיין פלאנטער.

— אלל־ראיט, דערצעהלט.

— איך בין בעקאנט געווארען מיט אן אלמנה, וועלכע האט געוואוינט צוזאמען מיט איהר שטיעפטאכטער — האט ער אנגעפאנגען — איך האב חתונה געהאט מיט דער אלמנה און מיט א מאנאט שפעטער האט זיך מיין פאטער פערליעבט אין מיין ווייב'ס שטיעפטאכטער און מיט איהר געהייראט. מיין ווייב איז אלזא געווארען מיין פאטער'ס שוויגער און שנור. מיין ווייב'ס שטיעפ־

# אינהאלטס־פערצייכנים:

## ערצעהלונגען, סקיצען און פעליעטאָנען.

### י. אדלער



### מ. אדערשלעגער



### י. אַסמאַן

חסידישע מעשה׳לעך:



### דוד אפּאָטהעקער



### בעריל חסיד

פאָלקסטימליכע מעשה׳לעך:



### ראובן ברייגין



### פ. גאָסין



### יעקב גאָרדין



### מאָריס ווינטשעווסקי



### מ. זייפערט



### ג. זעליקאָוויטש

# הומאָר און סאַטירע

צווייטער באנד

## ערצעהלונגען, סקיצען און פעליעטאָנען

רעדאַגירט פון

י. מאַרינאָוו און אַ. וואָהלינער



Hebrew Publishing Company
632-34 BROADWAY
NEW YORK
1928